עזריאל פרעסמאַן

# דער דורכגעגאַנגענער וועג

אויטאָביאָגראַפיע

מיט אַ פאָרוואָרט פון

ד״ר מ. וויינרייך

וויסנשאַפטלעכער דירעקטאָר פון ייִוואָ



אַרויסגעגעבן דורך אַ גרופּע פֿרײַנד

ניו־יאָרק, 1950

# DER DURKHGEGANGENER VEG

*ISRAEL PRESSMAN*

***ROADS THAT PASSED***



New York, 1950

*This book was written as a result of the Contest in Autobiography conducted by "Yivo", Yiddish Scientific Institute in* **1943.**

Printed in U. S. A.

Grenich Printing Corp.
New York, N. Y.

166

איך בין זיכער, אַז יעדערער וואָס וועט נעמען אין האַנט אַריין עזריאל פּרעסמאַנס אויטאָביאָגראַפיע וועט זי איבער־לייענען מיט דער זעלביקער פאַראינטערעסירונג ווי איך האָב זי געלייענט צוויי מאָל: בשעת זי איז געשטאַנען צום קאָנ־טעסט פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט און בשעת זי איז שוין געלעגן פאַר מיר אין דער קאָרעקטור.

מיר האָבן ניט קיין סך לעבנסבאַשרייבונגען פון דעם מין וואָס דאָס בוך ווייזט אונדז. יידישע בחורים פון ווייסרוסלאַנד זיינען מאַסנווייז אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער רעוואָלוציאָ־נערער באַוועגונג און היפּש פון זיי זיינען אַוועק קיין סיביר אין פאַרשיקונג, אָבער געשריבן וועגן דעם פאַר דער עפנטלעכקייט האָט מען ווינציק. מען האָט געמיינט, אַז עס איז ניט גענוג וויכטיק: ריידן וועגן זיך דאַרפן אָדער גרויסע פירערס אָדער גרויסע שרייבערס. פּרעסמאַן גיט זיך ניט אויס ניט פאַר קיין פּראָפעסיאָנעלן שרייבער און ניט פאַר קיין פירער, אָבער זעט נאָר ווי גוט עס איז, וואָס ער האָט אָנגעשריבן די געשיכטע פון זיין לעבן.

עס גייט ניט וועגן אויסערגעוויינטלעכע פּאַסירונגען. סענ־סאַציעס זוכן מיר אָדער אין די טעגלעכע צייטונגען אָדער אין ראָמאַנען פון אַ געוויסן שניט. דאָס אינטערעסאַנטסטע אין אַ מענטשלעכן לעבן איז ווי אַזוי די פאַקטן קייטלען זיך, ווי אַזוי איינס ברענגט אַרויס דאָס צווייטע. און ביים פּרוּוון פאַרשטיין סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישע פּראָבלעמען איז ניטאָ קיין אונטער־שייד צווישן אויסערגעוויינטלעכע פּערזענלעכקייטן און מענטשן פון אַ גאַנץ יאָר. אַדרבא, פון דעם וואָס מענטשן פון אַ גאַנץ יאָר האָבן דורכגעמאַכט און ווי אַזוי זיי האָבן דאָס דורכגעמאַכט קען מען אַמאָל אָפּלערנען מער.

דער קומענדיקער היסטאָריקער וועט זיכער זיין צופרידן, וואָס דער יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט האָט אַוועק־

געשטעלט ביי אונדז יידן דעם דאָזיקן נייעם גאַנג: צולאָזן צום עמוד דעם פֿאָלקסמענטש און לערנען דעם פּשט פֿון זיין לעבן. דער ייוואָ האָט אין זיינע אַרכיוון שיינע עטלעכע הונדערט אַזוינע אויטאָביאָגראַפֿיעס, און זייער צאָל ווערט כסדר גרעסער. דער גרעסטער טייל מוז בלייבן דערווייל איז אַ געשריבענער פֿאָרעם, ווייל קהל גיט ניט דעם אינסטיטוט גענוג מיגלעכקייט אָפּצודרוקן די אַלע לעבנס־דאָקומענטן, ווי זיי זיינען ווערט. עס איז באמת אַ פֿרייד וואָס עס האָבן זיך געפֿונען גוטע פריינד וואָס האָבן מיגלעך געמאַכט אַרויסצוגעבן דאָס בוך וואָס ליגט איצט פֿאַר אונדז. עלטערע וועלן דאָס לייענען און זיך דערמאָנען וועגן זייערע אייגענע אַמאָליקע יאָרן. יינגערע וועלן פֿאַרחידושט ווערן פֿון דעם, ווי אַזוי יידן האָבן געלעבט סך־הכל מיט איין דור צוריק; און דער פֿאָרשער וועט שטודירן די פֿאַרצייכענונגען און אָפּלערנען פֿון זיי ניט נאָר וועגן דעם מחבר, נאָר וועגן מענטשלעכע מעשים, געדאַנקען און געפֿילן בכלל.

מ. ווײַנרײַך

מאַרץ, 1950.



ייִדישער וויסנשאַפֿטלעכער אינסטיטוט / ייִוואָ
531-535 וועסט 123סטע גאַס, ניו-יאָרק

# אויסצייכענונג

עזריאל פּרעסמאַן פֿון ניו-יאָרק

האָט אָנטיילגענומען אין דעם קאָנקורס פֿון ייִדישן וויסנשאַפֿטלעכן אינסטיטוט: „פֿאַר וואָס בין איך אַוועק פֿון דער אַלטער היים און וואָס האָב איך דערגרייכט אין אַמעריקע" און צוגעשיקט אַ באַשרײַבונג אויף דער דאָזיקער טעמע. די זשורי פֿון קאָנקורס האָט באַשלאָסן אויסצוצייכענען די באַשרײַבונג ווי אַ דאָקומענט וואָס ברענגט וויכטיקן מאַטעריאַל צו דער געשיכטע פֿון ייִדן אין דער נײַסטער צײַט. די באַשרײַבונג איז אַרײַן אויף שטענדיק אין דעם פֿאָנד וויסנשאַפֿטלעכע מאַטעריאַלן פֿון ייִוואָ און וועט אויסגענוצט ווערן דורך היסטאָריקערס און סאָציאַל-פּסיכאָלאָגן פֿאַר פֿאָרשאַרבעטן און פּובליקאַציעס.

דער ייִוואָ דריקט אויס דעם מחבר פֿון דער באַשרײַבונג דאַנק און אָנערקענונג פֿאַר זײַן צושטײַער צו דער ייִדישער וויסנשאַפֿט.

ייִדישער וויסנשאַפֿטלעכער אינסטיטוט

ניו-יאָרק, סעפּטעמבער 1943

פּרעזידענט | עקזעקוטיוו-סעקרעטאַר | סעקרעטאַר פֿון קאָנקורס | וויסנשאַפֿטלעכער דירעקטאָר

# אינהאַלט:

זייט

## די פאַבריק, די וואוינונגען און די אַרבעטער

**איך בין געבוירן** געוואָרן אין יאָר 1881, ביי אָרעמע עלטערן אין דער שטאָט מינסק, רוסלאַנד.

אונדזער פאַמיליע איז באַשטאַנען פון 7 מיידלעך און 3 יינגלעך. איך בין דאָס זעקסטע קינד.

מיין פאָטער, אַ טשעסלער, וואָלט אפשר זיין גאַנץ לעבן פאַרבליבן ביי זיין פאַך, האָט אָבער פּאַסירט אַ מעשה: אַ ייד, אַ סוחר איז געקומען קיין מינסק זוכן אַרבעטער אין אַ פאַבריק, וואו מען מאַכט הילצערנע שוסטערשע טשוועקעלעך. די גאָלדענע גליקן וואָס דער פאַבריקאַנט האָט צוגעזאָגט, האָבן זייער שטאַרק אַפּעלירט צו פיל אָרעמע פאַמיליעס פון מינסק. אַזאַ גליק! אומזיסטע דירות, פרייע באַהייצונג, און דער עיקר, וואָס אַלע פון דער פאַמיליע וועלן קענען אַרבעטן אין דער טשוועקל־פאַבריק און קריגן באַצאָלט דערפאַר.

אַ סך אָרעמע פאַמיליעס האָבן זיך פאַרשריבן אַהין צו פאָרן. אויך מיין פאָטער און מוטער מיטן הויזגעזינד האָבן זיך אַריבערגעטראָגן פון שטאָט אין פאַבריק־יישוב אַריין.

די פאַבריק האָט זיך געפונען אַרום 50 וויאָרסט פון מינסק און 14 וויאָרסט פון באַן־שטעטל סמאָלעוויטש. די גאַנצע געגנט אַרום האָט אויסגעזען ווי אַ ווילדערניש. אַ טייכל, סוויסלע, לויפט דאָרטן, פון ביידע זייטן טייכל ציען זיך זומפּן פאַרוואַקסן מיט הויכע גראָז. ווייטער האָבן זיך פאַר מיילן און מיילן געצויגן וועלדער, וואו ניט וואו האָט מען געזען אַ פּויעריש כאַטקעלע.

די גאַנצע געגנט האָט געהערט צום פּריץ קורקוזעוויץ. די פאַבריק איז געשטאַנען לעבן טייך, זי האָט באַנוצט די וואַסער־קראַפט. פון די בערעזעווע ביימער האָט מען געמאַכט די הילצערנע

טשוועקעלעך. דאָס אַלץ האָט באַלאַנגט צום רייכן פריץ. און די פאַבריקאַנטן האָבן אים געצאָלט דערפאַר אַרענדע. אַזוי ווי אַ ייד האָט אָבער ניט געטאָרט האָבן אַ פאַטענט אויף אַ פאַבריק, איז דאָס אָפיציעל געווען פאַרשריבן אויפן נאָמען פון זייערן אַ גויישן אַר־בעטער.

די גאַנצע באַפעלקערונג פון דער געגנט (שאָבוני האָט עס גע־הייסן) האָט געאַרבעט אין פאַבריק צוזאַמען מיט זייערע פאַמיליעס. די וואוינונגען זיינען געווען זייער פרימיטיווע. איין לאַנגער באַראַק, איבערגעצאַמט אויף איינציקע חדרים מיט אַ ליימענעם אויוון. אין אַט אַזאַ חדר האָט געוואוינט אַ גאַנצע פאַמיליע פון 10־12 מענטשן. אין אַ ווינקל פון קעמערל איז געשטאַנען אַ הילצערנע בעט מיט אַ פאַרהאַנג פאַרהאַנגען. דאָס איז געווען טאַטע־מאַמעס פלאַץ. אין אַ צווייטן ווינקל איז געשטאַנען אַ הילצערנע סאָפקע, אַ טיש מיט אַ לאַנגער באַנק. דאָס איז געווען די מעבל אונדזערע. און אַזוי אויך ביי די איבעריקע שכנים אונדזערע. ווען די קינדער האָבן זיך געדאַרפט אויסבעטן צום שלאָפן, פלעגט באַשאָפן ווערן אַ „פאָל״ פון ברעטער מיט שטרויענע סעניקעס. אין אַזעלכע הייזקעס האָט מען קינדער געבוירן און שפּעטער זיי חתונה געמאַכט. וועגן סאַ־ניטאַרע באַקוועמלעכקייטן איז דאָך אָפגערעדט; עס איז ניט געווען דאָרט אָפילו קיין מעדיצינישע הילף. ווען עמעצער איז קראַנק געוואָרן האָט מען געמוזט גיין פיר וויאָרסט אין וואָלאָסט (פּאָליציי־פאַרוואַלטונג) רופן אַ פעלדשער. אַ דאָקטאָר האָט געוואוינט אין אַ שטעטל פערצן וויאָרסט פון אונדז.

איך געדענק עס זייער גוט: אַמאָל איז ביי אונדז אויסגע־בראָכן אַ טיפוס־עפּידעמיע. אַלע ביי אונדז אין הויז זיינען געוואָרן קראַנק. דער נס איז בלויז געווען, וואָס ניט אַלע זיינען קראַנק געלעגן מיטאַמאָל, נאָר איינער נאָכן אַנדערן. דאָס איז געשען צום גליק, פרילינג־צייט. די וואָס האָבן זיך געפילט שוין בעסער זיינען געלעגן קראַנקערהייט אין דרויסן. אויך איך בין קראַנק געוואָרן אויף טיפוס. איך בין נאָך דאַן געווען אַ קינד פון פינף יאָר. געדענקט זיך מיר ווי מען האָט גענוצט באַבסקע רפואות, ווי אָפּשפּרעכן, פאַררעדן, און אויסגיסן וואַקס.

צו מיין פאָטער פלעגן קומען קראַנקע אָפּצושפּרעכן ציינווייטיק,

כאָטש ער האָט קיין דיפּלאָם אויף דאָקטאָריע קיין מאָל ניט געקראָגן.

געווען איז מיין פאָטער אַ פּשוטער ייד, האָט געקענט דאַווענען און מעביר זיין די סדרה. ער איז געווען אַ פרומער און ערלעכער ייד, און האָט געגלייבט, אַז אָט אַזוי איז אים באַשערט פון גאָט אָפּצוקומען אויף דער זינדיקער וועלט.

איך ווייס ניט ביי וועמען מיין פאָטער האָט זיך געלערנט די קונסט פון אָפּשפּרעכן. ער האָט געהאַט — געדענק איך — אָנגע־שריבענע ווערטער אויף אַ שטיקל פּאַפּיר. ווען דער חולה פלעגט קומען, פלעגט דער טאַטע ביי אים נעמען אַ פּאַטשיילקע (אַ טיכל) און אַריינרעדן אין טיכל אַריין פון דעם פאַרשריבענעם פּאַפּירעלע, נאָך דעם דאָס איבערגעגעבן צום חולה, אַז ער זאָל מיטן פּאַטשייל־קע אַרומבינדן די ציינער ביז וואַנען דער ווייטיק וועט איבערגיין. מיין טאַטע האָט דאָס שטיקל פּאַפּיר געהאַלטן זייער טייער. ער פלעגט דאָס באַהאַלטן בחדרי־חדרים, אַז קיינער זאָל דאָס ניט קענען געפינען. ווען איך בין געוואָרן שוין אַ דערוואַקסן בחור און כ׳האָב וויפל מאָל געבעטן ביים טאַטן ער זאָל מיך אויסלערנען ווי אָפּצושפּרעכן ציינווייטיק האָט ער מיר תמיד געענטפערט, אַז מען טאָר ניט, ווייל, אויב מען וועט דאָס איבערגעבן צו אַ צווייטן, וועט די סגולה אויפהערן העלפן.

מיין טאַטע האָט מיטגענומען דעם „סוד" מיט זיך אין קבר אַריין.

## די קאַטאָרזשנע אַרבעט אויף דער פאַבריק

די אַרבעט אין פאַבריק איז געווען זייער אַ שווערע. אמתע שקלאַפעריי האָט דאָרטן געהערשט. אַ גאַנצן מעת־לעת האָבן די מאַשינען זיך געדרייט. 12 שעה האָבן געאַרבעט די בייטאָגיקע און 12 — די ביינאַכטיקע בעלי־מלאכות. די פרויען ביי די מאַשינען האָבן געקראָגן צו 20 קאָפּיקעס אַ טאָג. מענער ביי די שווערע אַרבעטן, — ווי זעגן די „פליאָטן", פון וואָס מען פלעגט האַקן די טשוועקעלעך — האָבן פאַרדינט צו 5 רובל אַ וואָך.

מיין פאָטער האָט געאַרבעט ביי זייער אַ שווערער אַרבעט —

ביים צילינדער. דאָס איז געווען אַ שטאַלענע אָוואַל־פאָרמיקע זיפּ און האָט אויסגעזען ווי אַ לאַנגע קויך (פּעסל). אַהין האָט מען אַריינגעשאָטן די טשוועקלעך, וואָס פלעגן אַרויסקומען פון די מאַשינען, אַז זיי זאָלן זיך אויסטריקענען. אונטער די זיפּן זיינען געווען אַזעלכע אייזערנע פּליטעס, אָנגעברענטע פון אַ פייער, וואָס האָבן שטענדיק געהייצט זיך אונטער די פּליטעס. די צילינדערס האָבן זיך געדרייט און אַזוי האָבן זיך די שטיפטן געטריקנט. מען האָט געדאַרפט זיין זייער פּאַרזיכטיק אַז די טשוועקלעך זאָלן זיך ניט כאַפּן ברענען. דער פאַלנדיקער שטויב אויפן פּליט פלעגט זיך אָפּט אָנצינדן און דאַן פלעגט דער טאַטע מיט אַ נאַסער פּאַמעלע (בעזעם) אַראָפּקערן דעם שטויב פון דער אָנגעצונדענער פּליטע צו פאַרהיטן די שטיפטן. די הויפּט־אָפּקומעניש איז געווען ווען די שטיפטן זיינען שוין טרוקן געוואָרן, און מען האָט זיי געדאַרפט אַרויסנעמען פון די גרויסע זיפּן. די היץ פון די פּליטעס איז געווען שרעקלעך. מיט אַ קליינעם שופל פלעגט דער טאַטע אַרויסשאַרן די שטיפטן אין גרויסע זעק אַריין. ביז ער איז פאַרטיק געוואָרן פלעגט ער ווערן אַזוי אויסגעשוויצט אַז זיינע קליידער זיינען געוואָרן נאַס, אַזוי ווי ער וואָלט פון וואַסער אַרויסגעקראָכן. פון דעם האָט מיין פאָטער אָפּט געקרענקט. ער פלעגט אָפּט קריגן שטעכענישן אין פּלייצע און אין די זייטן.

אַזוי ווי קיין רופא איז דאָרטן ניט געווען, פלעגט מען רופן דעם „שפּרעכער" קאַמינסקי. דער דאָזיקער גוי האָט געוואוינט פון אונדז אַ גאַנץ היפּשן מהלך; אַן איינזאַמער, אין אַ קליין כאַטקעלע לעבן וואַלד אין אַ פעלד. ער איז געווען פון מיטעלן וואוקס, אַ פאַרוואַקסענער, מיט פלאַקסענע האָר. זיין באָרד און די ברעמען, וואָס האָבן פאַרדעקט זיינע אויגן, האָבן אויך געהאַט דעם קאָליר פון פלאַקס. ער, קאַמינסקי אַליין, האָט ניט געקענט זיך רעכט איבערציילעמען. געשטאַמט האָט ער אָבער פון דער פּוילישער שליאַכטע. ער פלעגט שטענדיק טראָגן זיינע לייוונטענע פלודערן (הויזן) אַריבער די לאַפּטשעס (שיך, געפלאָכטן פון אַזאַ קאָרע), אים פלעגט מען ברענגען, ער זאָל דאָס אָפּשפּרעכן דעם קראַנקן טאַטן מיינעם. דער „שפּרעכער" נעמט אַ גלאָז וואַסער און רעדט און שעפּטשעט עפּעס אַריין אין גלאָז, שפּייט אויס 3 מאָל, און הייסט דעם טאַטן

אויסטרינקען די וואַסער. מיר קינדער פלעגן זייער מורא האָבן פאַר דעם גוי. מיר האָבן אים געהאַלטן פאַר אַ גרויסן כישוף־מאַכער.

קיין עלעקטרישע באַלייכטונג איז ניט געווען אין פאַבריק; לעבן יעדער מאַשין איז געווען אַ קליין בלעכערן לעמפל מיט אַ קנייטל און אָן אַ גלאָז. דאָס פלעגט געבן אַ קליינע שיין מיט אַ סך רויך, וואָס פאַלט אויפן הארצן. אַרום די מאַשינען זייגען ניט געווען קיין באַשיצונגען קעגן אַן אומגליקספאַל. אויב מיט עמעצן פלעגט פאַסירן אַן אומגליקספאַל ווי אָפּהאַקן, חלילה, אַ פינגער אָדער זיך צעקלאַפּן, פלעגט מען נאָך באַשטראָפן מיט אַ געלט־שטראָף דעם קרבן דערפאַר, וואָס ער איז ניט געווען גענוג פאָרזיכטיק.

## דער באַלעבאָס

דער באַלעבאָס פון פאַבריק איז געווען זייער שטרענג. ווי אַן עכטער שקלאַפּנטרייבער פלעגט ער מיט אַ גרויסן רימענעם פאַס שמייסן די אַרבעטער פאַר דעם קלענסטן טעות.

דער באַלעבאָס האָט געהייסן לייבע קרוקאָווסקי און האָט גע־שטאַמט ערגעץ פון פוילן. אַ סך יאָרן איז ער געווען אין אַמעריקע; אין אַמעריקע האָט ער זיך אויסגעלערנט ווי אַזוי צו פּראָדוצירן הילצערנע שוסטערשע טשוועקעלעך.

ווען ער איז געקומען אין יישוב שאבוני איז ער געווען זייער אָרעם. אָבער שפּעטער נאָכן איינשטעלן די פאַבריק איז ער רייך געוואָרן.

געקומען איז דער פאַבריקאַנט אין שטעטל אַליין אָן זיין פאַ־מיליע, ער האָט זיך אָנגעדונגען מיט קוואַרטיר מיט עסן ביי אַן אָרעמער איינזאַמער יידישער פרוי וואָס פלעגט פאַרקויפן בראָנפן.

ער האָט זיך גענומען זוכן אַ שותף צום געשעפט און געקראָגן איינעם אַ מאַן מיטן נאָמען טעפּליץ וואָס האָט פאַרמאָגט געלט. מען האָט אויפגעבויט אַ פאַבריק.

איינגעשטעלט די אַלע נייטיקע מאַשינען און מען האָט אָנגעהויבן צו אַרבעטן. אַ פוד טשוועקלעך האָט זיך דעמאָלט פאַרקויפט פאַר

7 רובל. און די אַרבעטער האָבן געאַרבעט אַזוי ביליק ווי אמתע **שקלאַפּן.**

דאָס געשעפט איז אַוועק גוט און קראָקאָווסקי האָט גענומען מאַכן פּלענער ווי אַזוי פּטור צו ווערן פון זיין שותף, ער האָט זיך דערטראַכט אַז דורך די אַרבעטער וועט ער קענען דורכפירן זיין טייוולשן פּלאַן.

ער האָט אָנגעלערנט די אַרבעטער אַז ווען טעפּליץ וועט אַריינ־קומען אין פאַבריק, זאָלן אַלע אַוועקלייגן די אַרבעט און אויפהערן אַרבעטן. און טאָמער וועט ער נעמען רעדן צו זיי מיט גוטן צי מיט בייזן, זאָלן זיי זיך ניט צוהערן צו אים ווייל טעפּליץ איז דאָ ניט דער באַלעבאָס.

אַפילו די פויערים וואָס פּלעגן ברענגען צו פאַרקויפן פּראָדוקטן צום עסן האָט ער אָנגעזאָגט, מען זאָל אים קיין זאַך ניט פאַרקויפן.

טעפּליץ האָט דערפילט אַז ער קען מער ניט אַריבערטראָגן די באַליידיקונגען און די מיאוסע באַהאַנדלונג פון זיין שותף, האָט ער איבערגעלאָזט האַק און פּאַק און איז אַוועק אין דער שטאָט באָריסאָוו און דאָרטן געעפנט אַ שוסטערשע טשוועקל־פאַבריק.

פאַר דער וועלט האָט קראָקאָווסקי זיך געהאַלטן ווי אַ פיינער מאַן. שבת איז ביי אים אין הויז געווען אַ מנין. ער האָט געהאַט אַ ספר־תורה ביי זיך און מען פלעגט אויפרופן די אַרבעטער צו דער תורה.

אַז עס זיינען אָנגעקומען די יום־טובים פסח, סוכות און שמחת תורה, האָט מען די דאַווענער מכבד געווען מיט לעקעך און בראָנפן. אַלע האָבן מיט התלהבות געזונגען שירים ותשבחות און אַלע האָבן אים געוואונטשן אַ גוט יאָר מיט אַ סך פּרנסה און אַריכת ימים.

דער פאַבריקאַנט האָט אַלע זיינע זינד קעגן זיינע אַרבעטער געזוכט צו פאַרדעקן מיטן מאַנטל פון פרומקייט, און חטאים האָט ער געהאַט גאַר אַ סך. דער דאָזיקער מאַן איז געווען אַן אויסגע־לאַסענער בעל־עבירהניק. זיין קרענקלעכע תאווה האָט מען אַפילו דערקענט אויף זיין פּנים. ער האָט אַפילו פאַרפירט אַ מיידל וואָס האָט געאַרבעט אין פאַבריק, אָבער די מענטשן זיינען געווען אַזוי נידערגעשלאָגן, אַז זיי האָבן מורא געהאַט אויפצוהייבן אַ גוואַלט־געשריי קעגן באַלעבאָס, — און די זאַך איז פאַרשטיקט געוואָרן.

## אונדזער לעבן אַרום פאַבריק

אין דער פאַבריק האָבן געאַרבעט אַרום 10 משפחות. יעדע משפחה איז באַשטאַנען פון 8 ביז 10 נפשות און אַלע האָבן געאַרבעט אין פאַבריק. אַלע זיינען געווען פאַרנומען מיט זייער שווערער טאָג־טעגלעכער אַרבעט, קיין שום פאַרוויילונגען האָט מען דאָרטן ניט געהאַט, די עלטערע האָבן זיך באַגנוגנט מיט דעם וואָס זיי האָבן שבת געדאַווענט בציבור, האָבן עולה לתורה געווען אָדער האָבן געזאָגט אַ קאַפּיטל תהילים פאַרן דאַווענען.

איך בין נאָך דעמאָלט געווען אַ קליין ייִנגל. געדענק איך אַז אַן איידעם פון באַלעבאָס האָט געלייענט דעם „המליץ״. ער פלעגט דערציילן פאַסירונגען וואָס געשעען אויף דער וועלט. עס איז געווען די צייט ווען באַראָן הירש האָט געוואָלט באַזעצן ייִדן אין אַרגענטינע.

מיין פאָטער האָט זייער שטאַרק געחלומט צו ווערן אַן ערד־אַרבעטער, און ער האָט מיט דעם דאָזיקן וואונטש און בטחון אָפּ־געלעבט אַלע זיינע יאָרן ביז אין קבר אַריין.

דאָס יונגוואַרג אין פאַבריק איז דאָס רוב באַשטאַנען פון מייד־לעך; זיי האָבן אויף זייער שטייגער געפּראַוועט פאַרברענגען זייערע שבתים און יום־טובים.

ווינטערצייט פלעגט מען זיך צוזאַמענקלייבן אין אַ שטוב און מען פלעגט שפּילן אין „פאַנטן״. דער עיקר פלעגן זיך אַלע אַמד־זירן ביים אַרויסגעבן די שטראָף דעם פאַרלירער, ווי למשל, „לייגן די ציינער אויפן פּאַליצע״, דאָס האָט געמיינט, אַז מען דאַרף אַוועק־לייגן אַ קאַם ערגעץ וואו אויף דער פּאַליצע, אַנדערע האָבן ניט גע־וואוסט פון דער חכמה און זיי פלעגן פאַרשעמטע טאַקע איינבייסן מיט די ציינער די פּאַליצע. אַלע האָבן פריילעך געלאַכט דערפון, און פון נאָך ענלעכע וויציקע שטראָפן.

מען פלעגט זינגען לידער וועגן ליבע. מיט פאַרביטערטע הערצער פלעגט מען זינגען:

פּאַפּיר איז ווייס,
און טינט איז שוואַרץ,
צו דיר מיין זיס לעבן
ציט מיר מיין האַרץ.

איך וואָלט ניט געשלאָפן
דריי נעכט נאָכאַנאַנד,
צו קושן דיין שיין פנימל
און האַלטן דיר ביים האַנט.

און נאָך ענלעכע אַזעלכע לידער. און אַז די יוגנט האָט גע־וואָלט זיך גאָר פריילעך מאַכן האָט מען זיך גענומען טאַנצן אַ פּאָלקע אָדער אַ קאַדריל. עמעצער פלעגט שפילן מיט די ליפּן אויף אַ קע־מעלע וואָס איז געווען איבערגעצויגן מיט פּאַפּיראָס־ביבולקע. דאָס איז געווען די פריילעכסטע מוזיק.

איך בין דעמאָלט געווען נאָך גאָר אַ יונג יינגל און כ׳האָב ליב געהאַט שפּילן אויפן קעמעלע. אָפט האָט פּאַסירט אַז מען האָט מיך אויך גענומען צום טאַנצן, ווייל עס זיינען ניט געווען גענוג אמתע קאַוואַלירן.

זומער־צייט, שבת נאָך וואַרמעס איז מען געגאַנגען שפּאַצירן אין וואַלד אַריין, מען פלעגט עסן יאַגעדעס, אָבער אָפּגעביסן האָט מען זיי מיטן מויל כדי מען זאָל ניט מחלל־שבת זיין.

מען פלעגט שפּילן אין „זשמורקעס", מיט פאַרבונדענע אויגן האָט מען געדאַרפט כאַפּן אַ צווייטן און דערווייל האָט אַ מיידל גע־האַט אַ געלעגנהייט אַרומנעמען זיך מיט אַ בחור, און אַ בחור מיט אַ מיידל.

אייניקע מיידלעך האָבן אין דער שטיל געפירט אַ ליבע, אָבער דאָס איז געווען אַן אויסנאַם. די מערהייט זיינען געווען „לייטישע" יידישע טעכטער, וואָס האָבן געוואַרט אויף זייער באַשערטן, וואָס זאָל קומען און זיי באַפרייען פון זייער שווערן און פאַרהאַרטעוועטן לעבן.

אויב מען האָט יע עמעצן פאַרדעכטיקט אין אויפפירן זיך „ניט אָרנטלעך" האָט מען באַלד פאַרפאַסט וועגן דעם אַ לידל.

אויף איינער אַ מיידל האָט מען שטילערהייט זיך געשושקעט און באַלד איז שוין פאַרפאַסט געוואָרן אַ לידעלע:

שבת נאָך וואַרמעס.
אַן ערך אַ זייגער פיר.
שרהקע די הומענער

און גרשון דער סמאָלעוויטשער
זיינען אַוועק אויפן שפּאַציר,
ווי זיי זיינען אַפּגעגאַנגען
הינטער שאבוני, האָט ער
פון איר אויסגעלאַכט.
גרשון איז געבליבן
דער שיינער פיינער בחור
און שרהלען האָט ער
טראַגעדיק געמאַכט.

דאָס גרויע לעבן דאָרט האָט זיך געצויגן פאַמעלעך און אומע־טיק. אָן קיין שום איבערראַשונגען און אָן טומלעניש. ווען ביי עמעצן האָט געדאַרפט זיין אַ חתונה, דאַן האָבן זיך אַלע פון פאַ־בריק אויפגעכאַפּט ווי פון אַ לאַנגן טיפן שלאָף. ניט נאָר די עלטערן פון חתן־כלה האָבן זיך גענומען גרייטן צו דער שמחה, נאָר יעדער איינוואוינער פון די שטיבלעך איז געוואָרן פאַרעסקט מיט באַקן בולקעס, טאָרטן, איינגעמאַכטס און האָניק־טייגלעך.

צו דער חתונה האָט מען פאַרבעטן אַלעמען פון יישוב און יעדערער האָט צוגעשיקט דער כלה עפּעס, ווי בולקעס, טאָרטן אאַז״וו. ווען מען איז געגאַנגען צו דער חופּה־וועטשערע, האָט יעדערער מיטגע־בראַכט אַ לעפל און אַ טעלער, וואָרעם קריגן דאָרטן די אַלע מכשירים איז ניט געווען וואו.

צום שפּילן אויף דער חתונה האָבן געהאַט די חזקה נאָר די סמילעוויטשער קלעזמער.

דוד מיטן פידל, יאַנקל מיטן באַס און אַלטער מיטן פלייט. דוד האָט מיט זיין פידל געוויזן פאַרשיידענע קונצן: שפּילן אויפן פלייצע, נאָכגעמאַכט ווי עס סקריפּעט אַ טויער און ווי אַ בהמה מו־קעט. יאַנקל מיט דער באַנדורע, שוין אַ מענטש אין די עלטערע יאָרן מיט אַ היפּשן „פּעמפּיק״, פלעגט שטיין מיט פאַרמאַכטע אויגן, האַלב פאַרשלאָפן און האַלב פאַרשנאָשקעט און האָט מיטן גרויסן סמיק געפירט הין און צוריק ווי מען זעגט האָלץ.

דער עולם האָט געטאַנצט, באַצאָלט 10 קאָפּיקעס פאַר אַ פּאָלקע און 15 קאָפּיקעס פאַר אַ קאַדריל. איבערהויפּט האָבן די ווייבער הנאה געהאַט פון באַזעצן די כלה.

ווי נאָר דוד האָט גענומען די פידל אין האַנט, האָבן שוין די ווייבער גענומען וויינען און געהאָלפן אויסבעטן אַ גוטע מערכה פאַר זיך און פאַר דער כלה.

***

ניט ווייט פון די שטיבלעך, ביי אַ וויאָרסט אַן ערך, איז געווען אַ „סמאָליאַרנע״. די „סמאָליאַרנע״ האָט געהאַלטן אַ ייד, מען האָט אים גערופן איטשע־חיים. ער האָט געהאַט אַן איידעם, ר׳ זלמן האָט ער געהייסן, דעם מאָזירער רבס אַ זון. מיט רבנות האָט ער זיך ניט געוואָלט פאַרנעמען און בעסער אַכטונג געגעבן אויפן געשעפט פון סמאָלע און ספּיגאַנאַר.

ער איז געווען אַ זעלטן איידעלער מענטש און אַ בעל־תורה. איך בין געגאַנגען מיט זיינע צוויי יינגלעך צוזאַמען אין חדר.

שמחת־תורה האָט ער אַלע פאַבריק־אַרבעטער פאַרבעטן צו זיך אויף כיבוד און מען האָט דאָרטן גוט געהוליעט. איך געדענק, ער פלעגט מיך נעמען צו זיך אויפן שויס און פלעגט זינגען: „הנה מה טוב ומה נעים שבת אחים גם יחד״. איך האָב דאָס זייער ליב געהאַט, און אויך דאָס, וואָס ער האָט מיך שטענדיק אויסגעקליבן פאַר זיין אַרויסהעלפער.

***

מיין טאַטע איז געווען אַ גוטער טשעסליער און אויף סוכות פלעגט ער תמיד מאַכן אַ שיינע סוכה מיט פענצטער און אַ טיר.

דערפאַר האָבן מיר געהאַט אַלע מאָל אונדזער שכן ר׳ עליע פאַר אַ שותף. מיין פאָטער איז געווען אַ ליובאַוויטשער חסיד, און אויך ר׳ עליע, אַ ייד מיט אַ געלער באָרד און פאַרדרייטע פאות, איז געווען אַ הייסער חסיד. איך געדענק זיינע התלהבות ווען ער האָט גענומען זינגען זמירות שבת ביים עסן. ער פלעגט זיך אַזוי צעוואַרעמען און קלאַפּן אין טיש אַז אַלץ האָט געטאַנצט אין דער לופטן, די לעפל און די גאָפּלען, אַליין האָט ער זיך געשאָקלט אין אַלע זייטן. געזונגען האָט ער מערסטנס „אסדר לסעודתא. בצפרא דשבתא. אוי, ווי, ואזמין בה השתא״.

עס שטייט געשריבן אין חומש: „זכור את יום השבת לקדשו״, און דער שבת האָט זיך טאַקע געפילט אין אַלע ווינקעלעך.

די פאַבריק איז געשטאַנען שאַ־שטיל. יעדערער האָט אָפּגע־וואַשן זיין פאַרשמירטן שוויסיקן פּנים פון אַ גאַנצער וואָך שווערער אַרבעט, זיך אָנגעטאָן אַ ריינעם בגד. גלייך אין דער פרי איז געקומען די שבת־גויע כאַדאָרע, האָט אַראָפּגענומען די לייכטער, אויסגעמאָלקן די בהמה און געקראָגן דערפאַר אַ שטיקל חלה.

די מאַמע האָט זיך לכבוד שבת אָנגעטאָן איר אַטלאַסענע לענטע אויפן שטערן מיט אַ ווייסן טיכל אויפן קאָפּ, דער טאַטע איז געקומען פון דאַוונען מיט אַ ברייטן גוט־שבת. מען האָט זיך געזעצט עסן וואַרמעס, וואָס גאָט האָט געגעבן, אַמאָל מילכיקס און אַמאָל פליי־שיקס. די מאַמע האָט אויסגעטיילט מיט אַ לעפל יעדערן אַ חלק פלייש. בייטאָג נאָכן שלאָף האָט מען אַרויסגענומען פון אויוון דעם לימענעם הליאַק (טשייניק) און געטרונקען אַ גלעזל טיי, אָפּגעזאָגט ברכי־נפשי ווינטער־צייט, די מאַמע האָט זיך אויך אָפּגערוט פון איר גאַנצער וואָך שווערער אַרבעט און האָט אַריינגעקוקט אין אַ צאינה וראינה.

יעדערער האָט הנאה געהאַט פון עונג שבת. דער טאַטע פלעגט אַוועקגיין מנחה דאַוונען און פלעגט פאַרבלייבן ביים מנין שוין ביז מעריב.

דער באַלעבאָס פון פאַבריק פלעגט אָפט דערציילן פאַר אַלעמען די וואונדער פון אַמעריקע, ווי קיין זאַך גייט ניט אַוועק אין בי־וועץ, ווי יעדער ברעקל ווערט געשפּאָרט און דעריבער ווערן אַזוי רייך יענע פאַבריקאַנטן.

אַלע הערן זיך איין ווי קליינע קינדער צו אַ צויבער־מעשהלע, אין דרויסן הייבט אָן ווערן טונקל. ביי אַלעמען אין האַרצן איז פאַראַן אַ וואונטש, אַז דער שבת זאָל זיך נאָך ציען עטלעכע שעה לענגער. די טונקלקייט פון בין־השמשות ברענגט אַריין אַן אומעט און אַ בענקשאַפט אין האַרצן.

מיטאַמאָל ווערט די שטילקייט איבערגעריסן, עס דערהערט זיך אַ פּאַטש אין טיש פון באַלעבאָס׳ איידעם וואָס רופט אויס: שוין צייט דאַוונען מעריב! און גלייך דערהערט זיך דער וואָכעדיקער נוסח: „והוא רחום״. דאָס האַרץ גיט אַ טיאָכקע ווי אַ בת־קול וואָלט אויסגערופן: רשעים אין גיהנום אַריין!

דער שבת־קודש איז אַוועק, אַ טרויער פילט אָן אַלעמענס

הערצער, אַפילו איך, נאָך אַ קינד, האָב דערפילט די וואָכעדיקייט פון גרויען און געדריקטן פאַרביטערטן לעבן.

גלייך נאָך מעריב האָט גענומען קלינגען דער גלאָק פון פאַבריק מיט אַ מאָדנעם כריפּ, אַז ס׳האָט געריסן ביים האַרצן. דאָס האָט מען גערופן די אַרבעטער צוריק צו זייער אַרבעט.

ווען דער טאַטע און די שוועסטער האָבן מוצאי־שבת געדאַרפט גיין צוריק צו דער אַרבעט, האָט זיך געפילט ווי אַ שטורעם וואָלט זיך אַריינגעריסן אין הויז אַריין און וויל מאַכן פון אַלץ אַ תל. דער טאַטע איז געווען נערוועאיש, האָט איבערגעטאָן די שבתדיקע בגדים און אַרויפגעצויגן די אַרבעטס־קליידער; אויך מיינע שוועסטער האָבן דאָס געטאָן, די מאַמע, אַ שווייגנדיקע האָט אַלעמען געוואָלט גאַווירן (צו פרידן שטעלן). זי האָט געפילט אַ רחמנות צו די קינדער וואָס דאַרפן גיין אַרבעטן אַ גאַנצע נאַכט, גאַנצע 12 שעה פאַר 20 קאָפּיקעס. אָבער וואָס, נעבעך, האָט זי געקענט טאָן.

גאַנץ אַנדערש איז געווען יענעם שבת־צו־נאַכט ווען דער טאַטע האָט ניט געדאַרפט גיין אַרבעטן (מען האָט געאַרבעט איבער אַ וואָך ביינאַכט). יענעם שבת־צו־נאַכטס, אַז דער טאַטע פלעגט קומען פון מעריב, האָט ער געזאָגט: „ויתן לך“. די מאַמע האָט פרום געזאָגט „גאָט פון אברהם, יצחק און יעקב. באַשיץ דיין פאָלק ישראל. דער מלאך וואָס האָט מיך אויסגעלייזט פון אַלע בייזן, דער זאָל בענטשן מיין מאַן און מיינע קינדער“.

דער טאַטע האָט מיך אַרומגעטראָגן איבערן שטוב און געזונגען:

„אמר יי ליעקב. אל תירא עבדי יעקב“. און אַז ער איז פאַרטיק געוואָרן מיט דעם האָט ער אָנגעהויבן זינגען: „אליהו הנביא, אליהו התשבי, אליהו הגלעדי.“

די מאַמע האָט איינגעהייצט דעם אויוון און געקאָכט וועטשערע.

די שוועסטער האָבן זיך גענומען צו פאַרשיידענע האַנט־אַרבעטן: אויסנייען אָדער שטריקן. נאָך ביז היינטיקן טאָג פיל איך דעם פאַרגעניגן, וואָס כ׳האָב געהאַט, ווען דער טאַטע פלעגט מיך אַרומטראָגן אויף די הענט.

עזריאל פרעסמאַן

# אויך די מאַמע אַרבעט שווער

אַט אַזוי האָבן זיך מענטשן געפּלאָגט פאַר אַ שטיקל שוואַרץ ברויט, וואָס מען פלעגט אַליין באַקן פון קאָרנמעל.

אין פאַבריק האָבן געאַרבעט אַלע אונדזערע: דער טאַטע מיט די שוועסטער, מיין עלטערער ברודער איז געווען אַ סאָלדאַט און



מיין טאַטע און מאַמע און אייניקע פון דער פאַמיליע — מיין יינגערער ברודער דייוו און מיינע שוועסטער ראָזע און זלאַטקע

געדינט אויף קאַווקאַז. איך בין אַלט געווען אַרום 4 יאָר. אָבער איך געדענק ווי די מאַמע פלעגט אויסווייינען אירע אויגן אויפן ביטערן מזל, וואָס איר זון דינט אומזיסט. ער האָט געדאַרפט באַפרייט ווערן פון דינסט, לויט די אַמאָליקע רוסישע געזעצן, ווייל ער האָט גע־האַט „ערשטע ראַזריאַד ליגאָטע״.

אַזוי ווי אַלע אונדזערע פלעגן אַרבעטן אין פאַבריק, האָט דער מאַמען מיינער אויך ניט אויסגעפעלט קיין אַרבעט. אַלע וואָך פלעגט זי שלעפּן די גרויסע דייזשע, פאַרמישן קאַרענע מעל אויף ברויט. מיט אירע לעצטע כוחות פלעגט זי אויסבאַקן גרויסע לאַבנס ברויט פאַרן הויזגעזינד. פאַר די קלענערע קינדער האָט זי געמאַכט אַ פלעצל, אַ מין נאַשעריי פאַר אונדז.

די מאַמע האָט דריי מאָל אַ טאָג געקאָכט. אין דער פרי, צום אָנבייסן, אַ קרופּניק פון האָבערנע גרויפּן; אויף וואַרמעס — קאַר־טאָפל מיט שאָלעכץ און זויער־מילך, און אַז דערצו פלעגט נאָך די מאַמע אַמאָל געבן אַ ביסל ליאָק פון הערינג פלעגט דאָס זיין גאָר אַ געהויבענער וואַרמעס. צום דריטן מאָל קאָכן, אויף וועטשערע, איז געווען פּערל־גרויפּן מיט אַרבעס, אַמאָל מיט בעבלעך. דאָס איז געווען אַ פליישיקע וועטשערע אָבער ניט חלילה מיט פלייש, נאָר מיט טוקעווע שמאַלץ.

אויף הייצן דעם אויוון פלעגט די מאַמע צונויפקלייבן די קאָרע, וואָס די גויים פלעגן אָפּטשעסן פון די בעריאָזעווע קלעצער. אין אַ גרויסער „פּאַסטשולקע״ — אַ צונויפגעשטוקעוועטע טוך פון אַ פּאָר זעק — פלעגט די מאַמע דאָס אַהיים שלעפּן, פאַרוואָרפן איבער דער פּלייצע. מיט אירע לעצטע כוחות פלעגט זי דאָס קוים דערטראָגן אין הויז אַריין.

ווינטערצייט האָט די מאַמע געשלעפּט אויף אַ קאַראָמיסלע צוויי עמער וואַסער פון פּראָלאָווקע. דער פראָסט איז געווען אַזוי גרויס, אַז די הענט פלעגן געפרוירן ווערן און די פינגער פאַרשטייפט. אָט זע איך זי, די מאַמען, וואַשן גרעט, פאַרשמוצט פון די פאַבריטשנע אַרבעטן און נאָך דעם שלעפּט זי זיך, די אָרעמע מאַמע מיינע, צום פּראָלאָווקע אויספּראָגיקן די גרעט און נאָך דעם שווענקען אין גע־פרוירענעם וואַסער.

אין אָוונט זיצט זי פאַר אַ קליינעם רויכערדיקן לעמפּל און לאַטעט

אויס די צעריסענע העמדער און אַנדערע צעשמאַדערטע מלבושים פון אונדז אַלעמען.

מיך האָט די מאַמע זייער ליב געהאַט, ווייל איך האָב זיך גוט געלערנט אין חדר. דערפאַר, געדענק איך, פלעגט מיר די מאַמע ערב יום כיפור פון די כפרות געבן אַ פיסעלע און אַ פליגעלע פון די עופות כדי איך זאָל בעסער און מיט מער חשק לויפן אין חדר אַריין לערנען.

איך האָב דעמאָלט זייער ווינציק פאַרשטאַנען וועגן דעם שווערן יאָך, וואָס די מאַמע האָט געבעך געטראָגן אויף זיך: באַזאָרגן אַ פאַמיליע פון 12 נפשות, קאָכן דריי מאָל אַ טאָג, באַקן ברויט, אָנ־טראָגן וואַסער פון טייך, און באַזאָרגן יעדערן מיט אַ ריין העמד, אויסהאָדעווען 10 קינדער אין אַזעלכע שווערע אומשטענדן, זאָרגן ווי אַזוי חתונה צו מאַכן אַ טאָכטער פון אַזעלכע קליינע פאַרדינסטן, שיקן אַ קינד אין חדר און זען, עס זאָל ניט אַרומגיין נאַקעט און באָרוועס.

ס'איז געווען אַ געמאַטערט קבצניש לעבן. ערשט היינט, ווען איך בין שוין באַלד אַ בן שבעים, קען איך באַגרייפן וואָס דאָס מיינט „אם הבנים", וואָס האָט איר לעבן מקריב געווען פאַר אירע קינדער.

ווער קען אָפּשאַצן אַזאַ מאַמען?

טרויעריקע און האַלב־הונגעריקע טעג, אָבער אַזעלכע זיסע קינדער־יאָרן, מיט אַזאַ ליבער מוטער ביי דער זייט, — וואו זייט איר?

## מיין לערנען אין חדר, אין דער היים, אין תלמוד־תורה און דאָס „עסן טעג" אין מינסק

צו דערציִען די קינדער האָט מען געטאָן וואָס אַ ייד דאַרף טאָן: אויסלערנען דאַווענען די ייִנגלעך און אויב מעגלעך לערנען אַ פרשה חומש. אַזוי ווי די פאַרדינסטן אין פאַבריק זיינען געווען גאַנץ קליינע, האָט מען געהאַט געדונגען אַ ביליקן מלמד פאַר וואָ־סערע 5 רובל אַ זמן. דער מלמד פלעגט עסן „וואָכן". דאָס

הייסט, די עלטערן פון די חדר־יינגלעך האָבן לויט דער ריי געגעבן אַ וואָך צייט עסן דעם רבין.

איך געדענק מיין אָנקומען אין חדר־אַריין, ווען דער רבי האָט מיר געוויזן דעם „אלף" און נאָך דעם „בית" האָט דער מלאך מיר „אַרונטערגעוואָרפן" עטלעכע קאָפּיקעס. איך ווייס נאָך ניט ביז היינט פון וואַנעט שטאַמט דער מנהג פון געלט וואַרפן. אפשר — מען זאָל ניט אויסוואַקסן קיין קבצן.

איך האָב זיך זייער פלייסיק געלערנט, דאָס איז דאָן געווען מיין איינציקער פאַרגעניגן, איבערהויפּט ווען איך האָב געלערנט דעם תנ"ך. צו מיר האָט אַפּעלירט זייער שטאַרק ישעיה הנביאס שטראָפרייד: „ווי די וואָס רוקן אַ הויז צו אַ הויז, גענענען אַ פעלד צו אַ פעלד ביז ניטאָ מער קיין אָרט, און איר אַליין בלייבט זיצן אין לאַנד!"

איך האָב מסתמא דאָן אין יענע יונגע יאָרן ניט פאַרשטאַנען מיטן שכל, אָבער געפילט האָט איך די גאַנצע סאָציאַלע אומגערעכטי־קייט.

אויך אַרום אונדזער פאַבריק זענען זיך אַזעלכע גרויסע און ווייט־ציענדיקע פעלדער און וועלדער און דאָך איז אַלץ אַזוי איינגעצאַמט. מען האָקט אונטער ביי אַ הון די פליגל כדי זי זאָל ניט אַריין אין צווייטנס גאָרטן. מען בינדט אָן די בהמה אויף אַ שטריק כדי זי זאָל ניט קאָנען פריי געניסן קיין גראָז פון פריצישן פעלד.

אַזוי ווי איך האָב זיך גוט געלערנט אין חדר האָט מיין טאַטע זיכער געהאָפט אַז פון מיר וועט אַרויס אַ לייט, אַ למדן.

איך בין געווען אַרום 10 יאָר אַלט. אונדזער גרויס הויז־געזינד איז געוואָרן קלענער, ווייל עטלעכע שוועסטער האָבן חתונה געהאַט. צאָלן פאַר מיר שכר־לימוד איז געוואָרן שווער. איז גע־בליבן מיך אַוועקשיקן אין מינסק לערנען אין דער שטאָטישער תלמוד־תורה.

נאָך פסח האָט מיין פאָטער מיך אַוועקגעפירט אין מינסק און פאַרשריבן אין תלמוד תורה, און האָט באַשטעלט פאַר מיר „טעג" צום עסן.

איך געדענק נאָך עד־היום יענע הונגעריקע „טעג". קיינער פון מיינע „טעג־געבער" האָט פון מיר קיין וועזן ניט געמאַכט.

דינסטיק און פרייטיק זיינען געווען די ערגסטע טעג ביי מיר. דינסטיק האָב איך געגעסן (דאָס הייסט, געהונגערט) ביי דער מאַ־מעס אַ קרוב אויף טורעצקער גאַס. זיי זיינען געווען רייכע מענטשן, געהאַט אייגענע הייזער. אין שטוב איז אַלץ געווען פאַרפּוצט רייך. מיך האָט מען קיין מאָל ניט געבעטן אַריינקומען אין זאַל. עסן האָט מען מיר געגעבן אין קיך.

איין מאָל בין איך געקומען עסן וואַרמעס. איז צו מיר אַרויס־געקומען „הער נודעלמאַן" — דער באַלעבאָס — און אַ זאָג געטאָן: שוין אַזוי פרי ביסטו געקומען עסן? מיין איסאַק האָט דאָך נאָך ניט געהאַט קיין אָנבייסן. און האָט מיר דערלאַנגט 5 קאָפּיקעס, איך זאָל עפּעס פאַר זיך קויפן עסן. איך בין אַוועק און מער בין איך צו מיין רייכן קרוב שוין ניט געקומען. איך בין געווען צופרידן בעסער הונגערן, ווי באַליידיקט צו ווערן.

פרייטיק האָב איך געגעסן ביי מיין עלטערן ברודער. ער אַליין פלעגט אין דער פרי אַוועקגיין צו דער אַרבעט. ער איז געווען אַ רעמיזשניק (אַן איזוואָשטשיק).

קיין קינדער האָט ער ניט געהאַט. די שוועגערין, זאָל מיר מוחל זיין, איז געווען זייער אַ קאַרגע. זי האָט ניט פאַרגונען געבן אַפּעסן צו זאַט. אין דער פרי — אַ ביסל אָפּגעקאָכטע האָבערנע גרויפּן מיט אַ שטיקל בולקע, מיט דעם האָב איך געדאַרפט אָפּקומען אַ גאַנצן לאַנגן זומערדיקן טאָג. אַמאָל האָב איך דערזען אַז זי האָט אין אַ טשוהונטשיק (אַן אייזערנער טאָפּ) אָפּגעקאָכט בולבעס (קאַר־טאָפל). הונגעריק בין איך געווען. און ווי נאָר די שוועגערין איז אַרויס אין הויף אויף אַ ווייל, האָב איך אַ כאַפּ געטאָן צוויי בולבעס פון טעפּל און אַריינגעשטופּט אין מויל און געוואָלט זיי איינשלינגען מיט איין מאָל. פון כאַפּעניש האָבן זיך די בולבעס מיר אין האַלדז געשטעלט און איך האָב זיך שיר ניט דערוואָרגן.

מיין איינציקער גליק און נס איז געווען וואָס די עלטערן האָבן צייטנווייז צוגעשיקט מיט די בעלי־העגלות, וואָס פלעגן פאָרן פון אונדז קיין מינסק, אַ פערטעלע (25 קאָפּיקעס). אויך האָט מען אונדז, די תלמוד־תורה־קינדער, גענומען צו לוויות. מיר פלעגן גיין פאַ־

רויס פאַר דער מיטה און אויסזינגען „צדק לפניו יהלך". דערפאַר האָבן מיר קינדער געקראָגן גוט אָפּעסן און דערצו נאָך צו עטלעכע קאָפּיקעס. אין טעג, וואָס איך האָב ניט געהאַט וואו צו עסן, פלעג איך קויפן פאַר צוויי קאָפּיקעס אין גרויסן שולהויף אַ שטיקל שוואַרץ ברויט מיט קעז אויף אָנבייסן. אויף וואַרמעס האָט אונדז געפירט דער באַהעלפער פון תלמוד־תורה אין דער „ביליקער קיך" אויף יורעווער גאַס. פאַר 3 קאָפּיקעס פלעגט מען דאָרט קריגן ברויט מיט זופּ. אונדזער פירער, דער באַהעלפער, איז געווען אַ קורץ געל יידל מיט אַ געל בערדל. געטראָגן האָט ער דיקע קורצזיכטיקע שפּאַקולן. בעתן פירן האָט ער אונדז געהאַלטן שטרענג. מיר פלעגן גיין פאַרוויז, ווי סאָלדאַטן.

אָבער, אויב מיינע „טעג" און דאָס עסן האָבן ניט געטויגט, איז דערפאַר מיין לערנען צוזעגאַנגען גוט. איך האָב גיך גענומען לער־נען אַ בלאַט גמרא.

די תלמוד תורה האָט אויך געהאַט קלאַסן צום לערנען זיך רוסיש. אָנקומען אַהין האָבן געקענט נאָר אַזעלכע קינדער, וואָס קענען שוין אַ ביסעלע לייענען און שרייבן, קיין אָנפאַנגער האָט מען אַהין ניט אַריינגענומען. מיר האָט זיך געוואָלט קענען רוסיש. האָב איך פאַר 9 קאָפּיקעס אַ וואָך געדונגען אַ יינגל, וואָס האָט זיך געלערנט אין יענעם קלאַס. איך האָב זיך גענומען לערנען ביי אים און זיך אויסגעלערנט אַ ביסל לייענען און שרייבן, און אַזוי בין איך אָנגעקומען אין קלאַס. כאָטש איך האָב געדאַרפט צוליב די 9 קאָפּיקעס פאַרבייגן מיין עסן, האָב איך אָבער דערגרייכט מיין וואונטש.

די רוסישע שפּראַך איז מיר זייער אַ סך צונוץ געקומען שפּעטער אין מיין לעבן.

## איך לערן זיך פאַר אַ בעל־מלאכה

איך האָב געקאָנט דערגרייכן אַ סך מער ווייל איך האָב גע־האַט אַ געלעגנהייט אָנקומען אין אַ פּראָ־גימנאַזיע. אָבער מיין פאָ־טער האָט מיר געזאָגט: מיין קינד, איך קאָן דיר זייער ווינציק

העלפן, ווערסטו זיך קענען אַליין באַזאָרגן מיט קליידער און עסן? — דערצו האָבן דאָס טעג־עסן און דאָס אַרומוואָלגערן זיך אין דער פרעמד מיר גאָר דערעסן. וואָס וועט זיין דער תכלית?—טראַכט איך זיך. עס ווילט זיך ווערן זעלבשטענדיק, ניט אָנקומען צו קיינעם. עס איז דעריבער געבליבן ביי אונדז אַלעמען מאַכן מיך פאַר אַ בעל־מלאכה. איך בין שוין דאַן געווען אַ „בחורל" פון 11 יאָר אויפן 12־טן. נאָך אַ סך איבערלייגן זיך איז ביי אונדז געבליבן אַז איך זאָל ווערן אַ שניידער. וואָס דווקא אַ שניידער? — מיינע אַ שוועסטער האָט חתונה געהאַט מיט אַ שניידער און זיי האָבן גע־וואוינט אין שאַבוני, לעבן פאַבריק. מיין שוואָגער האָט געאַרבעט פאַר זיך. ער איז געווען אַ דאָרפסשניידער. פאַר מיר איז עס געווען אַ גוטע געלעגנהייט. ביי אַ פרעמדן שניידער צו לערנען זיך די מלאכה דאַרף מען נאָך צוצאָלן, און דאָ ביי אַן אייגענעם שוואָגער האָב איך זיך געקאָנט לערנען אָן געלט. דערצו נאָך, וועל איך האָבן וואו צו עסן גלייך ביים אָנהייב לערנען זיך. ס'איז מיר, הייסט עס, באַשערט געווען אויסצולערנען די שניידער־מלאכה. מיין שוואָ־גער האָט זיך טאַקע גלייך גענומען צו מיר, מיר געוויזן ווי צו נייען אַ נאָט מיט דער האַנט אין דער גראָבער פויערישער געוואַנט.

גאָר אין גיכן האָט מיך מיין שוואָגער מיטגענומען אַרבעטן אין דאָרף, ביי אַ פויער אין שטוב. מיר האָבן געדאַרפט באַקליידן די פויערשע פאַמיליע מיט פעלצלעך און מיט סוויטקעס — אַזעלכע מלבושים געמאַכט פון גראָבן געוואַנט.

די אַרבעט איז מיר צוגעפאַלן גאַנץ שווער. מיינע יונגע, ניט־געניטע פינגער האָבן ניט געקאָנט בייקומען די גראָבע געוואַנט און אויך ניט די שעפּסענע פעלכלעך. מיר איז אויך ניט געפעלן געוואָרן צו שלאָפן אויפן האַרטן באַנק, און אויך ניט דאָס עסן פּרעסניאַקעס — אַזעלכע פלעצלעך געבאַקן פון גריקענע מעל. עסן אַלע טאָג דעם זעלביקן מאכל, בולבעס מיט מילך, ווערט נמאס. היינט, אין די לאַנגע ווינטערדיקע אָוונטן נייען ביי קינעלעך (דין צעשפּאַלטענע העלצלעך) אָדער ביים פאַנאַנדערגעלייגטן פייער פון קאָרטשעס (די וואָרצלען פון ביימער) אויפן פּריפּעטשיק, — איז ניט צו ליכטיק. די פויערים פון די אַרומיקע דערפער איז געפעלן געוואָרן מיין שוואָגערס שניידעריי, ווייל ער האָט געהאַט אַ זינגער ניי־מאַשין אויף

אויסצושטעפּן אַזעלכע דריידלעך און דערמיט פאַרשענערן די פאַ־דערשטע פאָלע פון בגד. מיר פלעגן אַזוי זיך אַרומוואַלגערן אי־בערן דאָרף אַ גאַנצע וואָך און קומען אַהיים אויף שבת. די היים, דאָס איז געווען מיין איינציקער פאַרגעניגן. פרייטיק צו נאַכט גיין צום מנין דאַוונען, וואָס פלעגט זיין ביי די פאַבריקאַנטן אין הויז. מיין טאַטע האָט פאַר מיר געדונגען אַ מלמד, וואָס זאָל שבת מיט מיר לערנען חיי־אָדם, כדי איך זאָל קענען די דינים, וואָס אַ ייד דאַרף וויסן. און אַז שימשע דער שניידער פלעגט מקבל שבת זיין מיט זיין שבתדיקן סקאַרבאַוון ניגון, האָט דאָס געהאַט אַזאַ געשמאַקן טעם, אַז איך האָב פאַרגעסן די אַלע ליידן פון דער גאַנצער וואָך.

צו מיין בר־מצווה האָב איך שוין געקענט אויפנייען אַ פּאָר קאָרטענע הויזן. און ווען מיין טאַטע האָט אָפּגעזאָגט ביים אויפ־רופן צו דער תורה די ברכה „ברוך שפטרני”, האָב איך זיך געפילט באמת שטאָלץ ווי אַ דערוואַקסענער מענטש. ווי גוט מיר איז, איך וועל שוין מער ניט דאַרפן עסן „טעג”!

ביי מיין שוואָגער האָב איך געאַרבעט אַרום אַ יאָר און אַ האַלב. דערווייל האָט די שטיפטן־פאַבריק אָפּגעברענט. אונדזער משפחה האָט זיך אַריבערגעקליבן צו אַ נייער פאַבריק, וואָס די זעלבע פאַ־בריקאַנטן האָבן אויסגעבויט אין אַ נייעם געגנט ניט ווייט פון שטעטל איהומען, מינסקער גובערניע. איך האָב דעריבער אויך אָנגעהויבן אַרבעטן אין איהומען. מיין טאַטע האָט מיך פאַרדונגען צו אַ נייעם שניידער אויף 3 יאָר צייט. דערפאַר האָב איך געדאַרפט קריגן עסן און צום סוף, נאָך די 3 יאָר, צוגעצאָלט מזומן 40 רובל.

קיין באַשטימטע צייט צום אַרבעטן איז ניט געווען. זומער אין די לאַנגע טעג, אַרבעט מען פון זון־אויפגאַנג ביז סאַראַגאָדזינע (זון־אונטערגאַנג). ווינטער ביים לאָמפּ — ביז 10־12 ביינאַכט, אַמאָל אַפילו נאָך שפּעטער. דער באַלעבאָס אַליין פלעגט אָפט פריער גיין שלאָפן. אונדז אָבער, די בחורימלעך וואָס נייען ביי אים, פלעגט ער פאַרטאָג נעמען וועקן צום אויפשטיין.

פאַר יום־טובים, ווען מען איז געוואָרן פאַרוואָרפן מיט אַרבעט, פלעגט דער באַלעבאָס אונדז אַרויסגעבן צילאַרבעט, דאָס הייסט אַ געוויסע צאָל אַרבעט. אויב מיר וועלן מאַכן מער ווי די אַרויס־געגעבענע אַרבעט, האָבן מיר געזאָלט קריגן באַזונדער באַצאָלט פאַר

דער אַרבעט, וואָס איז אַריבער דעם נאָרמאַלן סכום. גאַנצע נעכט פלעגן מיר דאַן אַרבעטן. צום סוף האָבן מיר קוים באַוויזן אויפֿ־נייען אונדזער יעדנס חלק. ווען מען האָט דערלעבט דעם יום־טוב איז מען געווען אַזוי אויסגעמוטשעט, אַז עס איז ניט געווען קיין כוח אַרויסצוגיין און געניסן פֿון יום־טוב.

## איך אַרבעט אין מינסק און ווער אַ קעמפער

איך געדענק ניט אַקוראַט די סיבה, פֿאַרוואָס מיינע עלטערן האָבן זיך צוריק אַרויסגעקליבן קיין מינסק. איך געדענק אָבער יאָ, אַז אונדזער הויזגעזינד איז געוואָרן אַ סך קלענער. עטלעכע שוועסטער האָבן חתונה־געהאַט. די פּרנסה אין דער היים איז געוואָרן קלענער. אין מינסק האָט מיין פֿאָטער זיך גענומען צוריק צו טשעסלעריי, צו קריכן אויף דעכער און קלאַפּן שינדלען. ער איז שוין דאַן געווען אַן אַלטער מאַן.

צוזאַמען מיט אונדז האָט זיך אויך אַריבערגעקליבן אַ שכנישע פֿאַמיליע. אַ ברודער זייערער האָט דאָרט געהאַט אַ גרויסן שניידער־וואַרשטאַט. ער האָט געהאַט די בעסטע אַרבעט, פּריצישע און פֿון אַ סך „טשינאָווניקעס". ער האָט געוואוינט אויפֿן הויכן מאַרק, ביי ליאַכאָווסקין אין הויף. דורך רעקאָמענדאַציע בין איך אָנגעקומען צו דעם דאָזיקן שניידער־מייסטער, אָנגעדונגען זיך אויף 2 יאָר. כאָטש מיין לוין איז געווען זייער אַ קליינער: 20 רובל דעם ערשטן יאָר און 30 רובל דעם צווייטן, און דערצו עסן די גאַנצע צייט. ניט קיין צו גרויסער לוין, אָבער דאָך בין איך געווען זייער צופֿרידן, וואָס איך וועל אַרבעטן ביי אַזאַ „גרויסן" מייסטער. דער באַלעבאָס אַליין איז גראָד געווען ניט קיין צו גרויסער. אַ קליין, דאַר יידל, אַ קליין שיטער בערדל מיט אַ דאָרן קאָרק. די אויערן זיינען אָפּגעשטאַנען ביי אים, ווי ביי אַ דערשראָקענעם האָז. ווען ער פֿלעגט רעדן, פֿלעגט ביי אים שפּריצן פֿון מויל, און גערעדט האָט ער זייער גיך און געדיכט. גערופֿן האָט מען אים מיט אַ צונעמעניש, „דער משוגענער". אַפֿילו די פּריצים, ווען זיי פֿלעגן קומען באַשטעלן עפּעס אַרבעט האָבן זיי באַלד אַ פֿרעג געטאָן: „איז דער צעדרייטער אין דער היים?" זיין משוגעת איז

געווען, וואָס ער פלעגט זאָגן: „מיר אַרט ניט דאָס פאַרדינען אַבי די אַרבעט זאָל זיין גוט געמאַכט". ער פלעגט אויפשטיין אין מיטן נאַכט, אָנצינדן דעם גרזיסן לאָמפּ, און נעמען באַטראַכטן די אַרבעט. איז אים עפּעס אַ זאַך ניט געפעלן געוואָרן, האָט ער עס גלייך צעטרענט, אַפילו אַ פאַרטיקן ראָק. און האָט עס צוריקגעגעבן איינעם פון די אַרבעטער איבערצוניייען. דערפאַר אָבער אַרויסקריגן פון אים אַ פּאָר רובל איז געווען ניט אַזוי גרינג.

אַמאָל, אין מיטן ווינטער צייט, אויפן גאַס איז געלעגן אַ נאַסער שניי און אַ שליכאָטע, מיינע שיך זיינען געווען צעריסן, מיינע פיס אַדורכגענעצטע און איך האָב זיך לייכט געקענט פאַרקילן, — האָב איך געבעטן ביים באַלעבאָס אַ פּאָר גילדן אויף פאַרריכטן די שיך מיינע, האָט ער מיר געענטפערט: ביסט נאָך אַ יונג יינגל, קענסט אַרומגיין אין צעריסענע שיך אויך. וויפל איך האָב זיך ניט צעבעטן ביי אים רחמים, האָט עס ניט געהאָלפן. פון פאַרדרוס און צו להכעיס, בין איך אַוועק פון אים און האָב גענומען זוכן אַן אַנדער באַלעבאָס. איך בין שוין דאַן אַלט געווען אַ יאָר 17. איך האָב שוין כמעט געקאָנט מאַכן אַ שטיקל אַרבעט. האָט מען מיר נאַראַיעט איך זאָל אָנקומען צום „לאָנדאָנער".

**
*

ביים „לאָנדאָנער" האָבן געאַרבעט 2 ביאַליסטאָקער בחורים. ביי־דע זיינען געווען אונטער דער אויפזיכט פון פּאָליציי פאַר אָנפירן אַ שטרייק אין ביאַליסטאָק. זיי האָבן מיר אויסגעלערנט אַ טורמע־ליד, וואָס פּאָליטישע אַרעסטאַנטן פלעגן זינגען. וועגן פּאָליטיק און קאַמף האָבן זיי ווינציק גערעדט מיט מיר.

שפּעטער איז אָנגעקומען צו אונדז אין וואַרשטאַט אַרבעטן אַ יונ־גער זשוואָוועער בחורל — יוסף. גערופן האָבן אים אַלע יוסף די „פליאַמע". מיין באַלעבאָס האָט מיך געוואָרנט, ניט האָבן וואָס צו טאָן מיט אָט דעם דאָזיקן חברה־מאַן. ער איז פון די וואָס זאָגן, אַז רעגן גייט פון אָפּגעקילטער לופט און אַ דונער איז ניט פון גאָט נאָר פון דער נאַטור. די טבע פון מענטשן איז צו וועלן דערגיין דווקא פאַרבאָרגענע זאַכן און פאַרבאָטענע און אויך מיר האָט דעם באַלע־

באַס וואָרנונג נייגעריק געמאַכט צו וועלן דווקא נעענטער זיך באַקאַנען מיטן „חברה־מאַן" יוסף.

סיי־ווי איז מיין נייגעריקייט נאָך מיט אַ צייט פריער געווען פאַרשאַרפט. עפּעס שושקען זיך די אַרבעטער פון מיין וואַרשטאַט. עפּעס באַהאַלטן זיי אויס פון מיר און אַמאָל הער איך אונטער אַ מאָד־נע וואָרט, אַן אומפאַרשטענדלעך. ווי טשיקאַווע איך בין צו וויסן, וואָס לייענט עס יוסף, וואָס פאַראַ ביכעלעך זיינען דאָס?

האָט ניט מיין מאַמע מיר דערציילט מיט אַ ביסל צייט צו־ריק וועגן מענטשן, וואָס האָבן דערהרגעט דעם קיסר און נאָך דעם האָט מען עטלעכע פון זיי געכאַפּט און אויפגעהאַנגען? מיין מוטער איז געבוירן געוואָרן אין מאָסקווע. מיין זיידע — דער מוטערס פאָ־טער, איז געווען אַ ניקאָלאַיעווסקער סאָלדאַט און האָט דעריבער גע־מעגט וואוינען אין מאָסקווע וואו יידן איז געווען פאַרבאָטן צו וואוינען. דאָרטן האָט זי זיך אָנגעהערט די מעשות וועגן טויט פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן. הכלל, איך בין געוואָרן זייער שטאַרק נייגעריק צו דער־וויסן זיך וועגן אָט די דאָזיקע סודות. און יוסף קען דאָך מיר פאַר־ענטפערן די אַלע קשיות — אַזוי האָב איך פאַרשטאַנען. ביסלעכווייז האָב איך פאַרן חברה־מאַן יוסף, דערציילט וועגן מיין לעבן און מיין האָפענונג וועגן אַ תכלית. איך האָב געוואוינען יוספס צוטרוי. און איין מאָל זאָגט ער צו מיר: „איך זע אַז דו ביסט אַ יאָט מיט ביינער. אויב דו קענסט האַלטן מויל וועל איך דיך ערגעץ מיטנעמען שבת צו נאַכט".

פאַרשטייט זיך אַז כ'האָב קוים דערלעבט שבת איך זאָל קענען גיין מיט יוספן. פּריוויטיק אָוונט האָט ער מיך געבראַכט אויף אַ קוואַר־טיר. געזעסן זיינען דאָרטן עטלעכע מענטשן. די „אינטעליגענטקע", אַ הויכע, דאַרע מיידל מיט אַ שוואַרצחנוודיקן פּנים, האָט פאָרגע־לייענט פאַר אַלעמען אַ רוסישע בראָשור. דאָס איז געווען אַן אַגיטאַציע־ביכל, ווי אַזוי אַרבעטער לעבן און ווי זיי ווערן עקספּלואַטירט. נאָכן לייענען האָב איך דערציילט, ווי אַזוי אַרבעטער לעבן אין פאַבריק, זאַכן וואָס איך האָב אַזוי קלאָר און גוט געקענט פון אונדזער היים.

די אינטעליגענטקע האָט זיך געוואונדערט, וואָס אַ יונגער ייִנגל קען דערציילן און קלאָר מאַכן אַ געדאַנק. ס'האָט ניט לאַנג גע־נומען און מען האָט מיך אַריבערגעזעצט אין אַ צווייטן, העכערן „קרו־

זשאַק״ (קרייזל). דאָרטן האָט מען שוין געלייענט און געלערנט פּאָ־ליטישע עקאָנאָמיע און דיסקוטירט אַנדערע סאָציאַלע, פּאָליטישע און עקאָנאָמישע ענינים.

אין יענער צייט, אין דעם יאָר 1899 האָט די מינסקער אינטעלי־גענץ מיט ג. גערשוני בראש געעפנט אַ שבת־זונטיק־שול. דאָרטן האָט מען געלערנט לייענען און שרייבן רוסיש. אַחוץ די לימודים אין די קלאַסן, האָבן זיי יעדע צוויי וואָכן, שבת צו נאַכט, געהאַט לעקציעס איבער פאַרשיידענע וויסנשאַפטלעכע ענינים. די תלמידים זיינען געווען פּשוטע בעלי־מלאכות; שניידערס, שוסטערס, סטאָליאַרעס אאַז״וו. גערשוני איז געווען פּשוט און חבריש, זייער באַליבט ביי אַלעמען. ביי גערשוניס אַ לעקציע איז דער זאַל געווען געפּאַקט. ער פלעגט ברענגען אין זאַל אַ גאַנצע לאַבאָראַטאָריע מיט מאַשינקעס און בילדער און אַלץ דערקלערן אַזוי פּשוט און קלאָר, מיט אַזאַ ליבן שמייכל. זיין גרופּע האָט געוואָלט מיט לעגאַלע מיטלען אַרויסשלעפּן די בעלי־מלאכות פון זייער עם־הארצות און דערהייבן זיי מער גייסטיק.

איך בין געווען אַ שטענדיקער באַזוכער סיי אין קלאַס און סיי ביי די לעקציעס.

אין מינסק האָט דאַן געאַרבעט אַן אומלעגאַלע גרופּע מיטן נאָמען יעפּימאָווצעס, אויפן נאָמען פון זייער אָנפירער, אַן אינטעליגענט; אַ בלינדער געווען. ווי ווייט איך געדענק, איז דאָס געווען אַ גרופּע נאַראָדאָוואָלצעס.

דער „בונד״ האָט דעמאָלט אין מינסק ערשט אָנגעהויבן צו אַר־בעטן. פאַרשיידענע אַרבעטער־פאַכן האָבן זיך אָנגעפאַנגען ביסלעכווייז אָרגאַניזירן. איך בין טעטיק געוואָרן אין מיין שניידער־פאַך. געהאָלפן טיילן ליטעראַטור אויף דער בירזשע און אַגיטירן, מאַכן וואָס מער „באַקענטע״. אַזוי האָט מען דעמאָלט גערופן אַ בונדאָוועץ.

יוסף און איך האָבן אַרויסגערופן אַ שטרייק אויך אין אונדזער וואַרשטאַט. דאָס איז געווען ערב ראש השנה 1899. אַרבעט איז דעמאָלט געווען איבערן האַלדז. מיר האָבן געפאָדערט אַרבעטן בלויז ביז 10 אַזייגער אָוונט. דער באַלעבאָס מיט דער באַלעבאָסטע האָבן זיך צעשריען אויף אונדז: „זע נאָר אויף די קישעניקעס (קעשענע גנבים), זיי האָבן זיך גאָר געַנומען בונטעווען״. מען האָט אונדז געסטראַשעט. עס האָט אָבער גאָרניט געהאָלפן, מיר זיינען אַרויס

אין שטרייק און אַראָפּגענומען אויך די איבעריקע בחורים פון דער אַרבעט.

עס איז אַריבער אַ וואָך צייט און דער באַלעבאָס האָט געקראָגן אַנדערע בחורים צו דער אַרבעט. איך און יוסף האָבן זיך מישב געווען וואָס צו טאָן. ביי אונדז איז געבליבן אַריינגיין אין וואַרשטאַט און אַרונטערנעמען די „סקעבס" מיט גוואַלד.

איך בין דאָס געווען דער שטאַרקער; בין איך אַריין אין טראַק־טיר (סאַלון) און געמאַכט אַ גוטן לחיים צו קריגן מער קוראַזש און מוט, און נאָך דעם בין איך אַריין אין וואַרשטאַט.

עס האָבן דאָרט געאַרבעט 4 בחורים. האָב איך גענומען שרייען אַז זיי זאָלן גלייך אַוועקלייגן די אַרבעט, אויב ניט צעשפּאַלט איך זיי די קעפּ.

איך האָב אַ כאַפּ געטאָן דאָס פּרעס־קלעצל און פאַרמאָסטן זיך דערלאַנגען קלעפּ. ערשט פון דער העלער הויט איז אויסגעוואַקסן דעם באַלעבאָס' אַ ברודער, אַ פורמאַן, אַ „פלאָנטער" (שטאַרקער) יאַט מיט אַ רויטן פּנים און אַ פּאָר געזונטע לאַפּעס, און גיט מיך אַ כאַפּ אָן: „דו, בונטאָווששיק, קום צום זשאַנדאַר"!

ער האַלט מיך שטאַרק פאַרן קאָלנער און שלעפּט מיך צום אַרויסגאַנג. עס איז שלעכט, וואָס טוט מען? איך, אַ יונג בחורל אַרום 17 יאָר, און ער אַ געזונטער איזוואָשטשיק.

ווען מיר זיינען שוין געווען לעבן טיר, האָב איך אים דערלאַנגט אַ בריק אין זייער אַ דעליקאַטן אָרט... ער האָט זיך צוזאַמענגעדרייט אין דרייען און איך בין דערווייל אַנטלאָפן.

אַ פּאָר וואָכן שפּעטער האָט זיך אַריינגעמישט אַ פּריקאַזטשיק פון וועסניקס מאַנופאַקטור־געשעפט, איינער שלום, און דער באַלע־באָס האָט נאָכגעגעבן אונדזערע פאָדערונגען.

איך מיט יוספן האָבן געהאַט ביי אונדז אין וואַרשטאַט כמעט די גאַנצע אומלעגאַלע ליטעראַטור.

אויפן וואַנט איז געהאַנגען אַ וואַטאָווער פּאַלטאָ מיט גרויסע ברייטע קעשענעס און אינעווייניק איז געווען פול אָנגעשטאָפּט מיט פאַרשיידענע בראָשורן און ביכלעך געדרוקט אויף פּאַפּיראָס־פּאַפּיר.

נאָך דער אַרבעט, ביינאַכט, פלעגן מיר אַרויסגיין אויף גובער־

נאַטאָרסקע גאַס אויפן בירזשע און צעטיילן אָדער איבערבייטן לי־טעראַטור.

איך אַליין האָב דעמאָלט אַ סך געלייענט, כ׳בין געוואָרן אַ קעמ־פער און אַ סאָציאַליסט און אַזוי בין איך פאַרבליבן עד־היום.

## איך ווער אַרעסטירט

דאָס יאָר 1901. דער „בונד" האָט זיך גענומען ברייט פאַר־שפרייטן איבער שטעט און שטעטלעך פון פוילן, ליטע, און רוסלאַנד.

איין מאָל איז געקומען צו מיר אַ פאַרטרעטער פון „בונד" און געהייסן מיר זיך קלייבן אין וועג אַריין, אויף אַגיטאַציע צווישן אַרבעטער. אַזוי ווי קיין באַשטימטן פּלאַץ וואוהין צו פאָרן האָט מען מיר ניט אָנגעוויזן, האָב איך אויסגעקליבן דאָס שטעטל איהומען, מינסקער גובערניע. איך בין דאָך שוין געווען באַקענט מיט איהומען, ווייל כ׳האָב דאָך דאָרטן קרובים און כ׳האָב אויך דאָרטן געאַרבעט; דעריבער וועט מיך די פּאָליציי ניט אַזוי שנעל חושד זיין.

געקומען בין איך אַלס גאַסט צו מיין שוועסטער. איך האָב געזען עטלעכע בעלי־מלאכות און איבערגעגעבן צוליב וואָס איך בין געקומען אַהין.

מיר האָבן אָפּגעמאַכט צו האָבן אַ פאַרזאַמלונג אין זאַהאַריער וואַלד איבעראַכטאָג שבת נאָך וואָרמעס. דערווייל האָב איך זיך צו־געכאַפּט קיין מינסק און געבראַכט פון דאָרטן אַ גאַנצן טשעמאָדאַן מיט ליטעראַטור. אויך האָב איך געבראַכט מיט זיך מיין חברטע בערטאַ, אַן איבערגעגעבענע קעמפערקע. אין איהומען האָט זיך דאָן געפונען נאָך איין חברטע מיינע, צביה לעווין, וואָס האָט זיך צוזאַמען מיט מיר געלערנט אין דעם זעלביקן קרייזל אין מינסק, און אויך אירער אַ ברודער, אַ יידישער לערער. מיר אַלע צוזאַמען האָבן אָנגעהויבן אַגי־טירן און אָרגאַניזירן אַ „בונד" אין שטעטל. אַ קורצע צייט האָט גע־דויערט, און עס האָבן זיך געוויזן גוטע רעזולטאַטן. פאַרשיידענע בעלי־מלאכות ווי שניידערס, בייגערס, מוליאַרעס און אַנדערע, פלעגן קומען צו די פאַרזאַמלונגען. ס׳האָט זיך אָרגאַניזירט אַ „בונד".

די שטעטלדיקע איינוואוינערס האָבן זיך גענומען שושקען, אַז

מיר זיינען געקומען אַהער פאַרשרייבן אַלעמען אין „שוואַרצן בוך".
דערהערנדיק אַזעלכע רייד, האָב איך פאַרשטאַנען אַז מען דאַרף זיך
אָפּטראָגן פון דאַנען וואָס שנעלער. ווען איך האָב דאָס דערציילט
מיינע חברטעס צביהן און בערטען, האָבן זיי זיך אויסגעלאַכט פון מיר
און מיך גערופן פּחדן.

איך האָב זיך, דעם אמת געזאָגט, געשעמט אַנטקעגן די כוואַטסקע
מיידלעך און בין פאַרבליבן אויף ווייטער צוזאַמען מיט זיי.

עס האָט לאַנג ניט גענומען און איינמאָל אין אַ שיינעם זומער
טאָג, אַ שבת, ווען מיר האָבן זיך געקליבן גיין אין וואַלד אויף אַ פאַר־
זאַמלונג, איז געקומען פּאָליציי און האָט אונדז אַלעמען אַרעסטירט.

דאָס גאַנצע שטעטל איז געלאָפן קוקן אויפן בייזן וואונדער ווי מען
פירט אונדז מיט בלויזע שווערדן, מסתמא אויף דערשיסן. זיי האָבן
זיך געשראָקן, אַז קיין לעבעדיקע וועלן מיר שוין ניט אַרויס פון די
גוישע הענט.

ביי די הויז־זוכונגען וואָס פּאָליציי האָט געמאַכט ביי אונדז, האָט
מען געפונען די בונדישע אויסגאַבע די אַרבעטער־שטימע. דער טשע־
מאָדאַן מיט ליטעראַטור איז געלעגן פאַרגראָבן אין אַ גרוב לעבן
צביהס שטוב.

דער איספּראַווניק (פּאָליציי־קאָמיסאַר) האָט נעבעך געהאַט שוועַ־
ריקייטן ביים אויספרעגן אונדז און פאַנאַנדערקלייבן זיך ווער זיינען
מיר און וואָס פאַר אַ ביכל איז דאָס.

געהאַלטן האָט מען אונדז אַרום אַ טאָג צייט דאָרטן און נאָך
דעם אָפּגעשיקט אין איהומענער טורמע. דעם גאַנצן טאָג האָט מען
אונדז קיין עסן ניט געגעבן.

אויפן טורמע־הויף האָט דער טורמע־נאַטשאַלניק אויסגעשריען:
„גרייט צו פאַר די נײַ געקומענע אַרעסטאַנטן איינצל־קאַמערן!"

אויפן האַרצן איז געוואָרן קאַלעמוטנע, איך האָב געטראַכט, דאָ
וועט אויסקומען מסתמא אָפּזיצן אַ פּאָר יאָר אַ פאַרשפּאַרטער. מען
האָט אונדז פאַנאַנדערגעטיילט. די מיידלעך האָט מען צוגענומען
אויף אַ באַזונדער קאָרידאָר און מיך מיט מיין חבר ווידער אויף אַ
באַזונדערן.

אונדזערע (פון די פּאָליטישע אַרעסטירטע) „אַדינאָטשקעס"

(איינצל־קאַמערן) זיינען געווען גאַנץ באַזונדער אָפּגעטיילט פון די קאַ־מערן פון די קרימינעלע אַרעסטאַנטן.

אַן איינצל־קאַמער איז געווען אַ קליין צימערל מיט אַ קליין פענצ־טערל גאַנץ הויך אונטערן באַלקן, פאַרקראַטעוועט מיט דיקע קראַ־טעס; אויפן וואַנט איז געהאַנגען אַ קליין לעמפל און ס׳איז געשטאַנען אַן אייזערן בעטל. ווען מען האָט מיך אַריינגעפירט אין מיין קאַמער און מען האָט פאַרהאַקט הינטער מיר די מאַסיווע טיר, האָב איך זיך גלייך אַ וואָרף געטאָן אויפן בעטל אין די קליידער מיינע, ניט קיין אויסגעטאָנענער. מיד און דערשלאָגן בין איך איינגעשלאָפן.

שפעט ביינאַכט, ווען כ׳האָב זיך אויפגעכאַפּט און גענומען אַרומ־קוקן זיך וואו איך געפין זיך, האָב איך דערזען, ווי אַ טורמע־וועכטער קוקט אַריין צו מיר דורך דער פאַרקראַטעוועטער טיר־עפענונג. איך האָב זיך דערמאָנט אַז איך בין איצט אַן אַרעסטאַנט.

צו עטלעכע זאַכן איז געווען שווער זיך צוצוגעוואוינען. דאָס ברענען אַ נאַכט־לעמפל ביינאַכט שטערט צום שלאָפן. היינט די אַכילה? צוויי אַרעסטאַנטן פלעגן אַריינברענגען אַ גרויסן צעבער מיט געקאָכטע, איינגעהאַקטע קרויט מיט חזירישע גריבענעס. פון דעם עיפּוש אַליין פלעגט מיר נעמען איבלען. אַנשטאָט אַ שיסעלע, האָט מען גענוצט אַ קליין הילצערן שעפל, מיט וואָס מען וואַשט זיך אין אַ באָד. די ערשטע צייט פון מיין זיצן אין טורמע האָב איך געגעסן בלויז די טייגיקע טורמע־ברויט מיט וואַסער אָדער מיט „כלעבני קוואַס" (ברויט־געטראַנק) וואָס מען פלעגט ברענגען אין אַ גאַר הייסן זומערדיקן טאָג.

בעת מען האָט אונדז אַרעסטירט, האָבן מיר ביי זיך ניט געהאַט אַפילו קיין צעבראָכענעם גראָשן ניט. אַ פּאָר חדשים זיינען מיר געזעסן אָן טיי און אָן צוקער; — אין טורמע איז דאָס פּשוט אַ נויטווענדיקייט. עס האָט זיך דערוואוסט פון אונדזער אַרעסט דער בונדיסטישער „רויטער קרייץ", האָט ער אונדז צוגעשיקט 5 רובל. דעמאָלט ערשט האָבן מיר אויסגעשריבן דורכן „סמאָטריטעל" (טורמע־עלטסטן) טיי, צוקער און פּאַפּיר צום שרייבן.

נאָכן אויספרעגן אונדז — אַ זשאַנדאַרם פון מינסק איז געקומען אויפן „דאָפּראָס" (אויספרעגן) — האָט מען דערלויבט נעמען ביכער צום לייענען און מען האָט אונדז געגעבן אַ העפט אָדורכגעשנורעוועט

און פאַרחתמעט מיט אַ שטעמפּל פון טריוואַקס, כדי מען זאָל ניט קענען אַרויס גנבענען אַ בלעטל פּאַפּיר און שרייבן אַ געהיימן בריוו עמעצן.

איך פלעג שרייבן קאָמפּאָזיציעס און אַנדערע זאַכן, נאָר ניט וועגן פּאָליטיק, ווייל דער זשאַנדאַרם פלעגט דאָס דאַרפן איבערקוקן.

בייטאָג האָט מען מיר געגעבן „פּראָגולקע" (שפּאַציר) אויפן טורמע־הויף 20 מינוט צייט. אַ וועכטער מיט אַ ביקס אין האַנט פלעגט אונדז היטן, אַז מיר זאָלן האַלטן אין איין גיין אין אַ ראָד אַרום אַ הויז, רעדן צווישן זיך האָט מען ניט געטאָרט.

ביינאַכט האָב איך שטענדיק געהאַט אַ באַזוך פון 2 מייז. זיי פלעגן אַרויסקומען שטענדיק אין דער זעלביקער צייט און אַרומשפּאַ־צירן איבער מיין קאַמער.

איך פלעג פאַר מיינע „חשובע געסט" צוגרייטן כיבוד — אַ שטיקל טרוקן ברויט — און דאָס פלעגט מיך שטאַרק אַמוזירן.

ביים 2־טן פאַרהער האָט מיר דער זשאַנדאַרמסקער פּאָלקאָווניק געזאָגט, אַז מען וועט מיך אין גיכן באַפרייען, און איך האָב אָנגעהויבן וואַרטן אויף דעם.

אָנשטאָט באַפרייאונג איז אָנגעקומען אַרום סוף 1901 מיין „פּרי־גאָוואָר" (אורטייל) אַז מען פאַרשיקט מיך אין סיביר אויף 3 יאָר.

פּאָליטישע אַרעסטאַנטן האָבן געהאַט אַ רעכט צו טראָגן אייגענע בגדים און ניט די אַרעסטאַנטסקע אוניפאָרמס. דער טורמע־אויפ־זעער האָט מיר אָנגעזאָגט, כ'זאָל צוגרייטן אויפן וועג וואַרעמע קליי־דער, אויב ניט וועל איך דאַרפן טראָגן די אַרעסטאַנטסקע. איך האָב געשריבן צו מיין שוועסטער, טאַקע צו דער זעלביקער ביי וועמעס מאַן איך האָב זיך געלערנט שניידעריי, געבעטן איר קויפן פאַר מיר אַ פּעלץ מיט וואַליקעס. זי האָט דאַן געוואוינט ביי אַ צען וויאָרסט לעבן איהומען. איר ענטפער איז געווען: ניט איך האָב דיך געשיקט אין טורמע און ניט איך וועל דיר ברענגען וואַרעמע זאַכן.

מיין צווייטע שוועסטער, וואָס האָט דעמאָלט געוואוינט אין איהומען, איז אַפילו קיין איין מאָל ניט געקומען אין טורמע אַריין זען זיך מיט מיר. ביידע שוועסטער האָבן זיך געשעמט וואָס זייער אַ ברודער זיצט אין טורמע און איז אַן אַרעסטאַנט.

עזריאל פרעסמאַן

# מיטן עטאַפּ דורך פאַרשיידענע טורמעס

אין אַ קאַלטן פראָסטיקן דעצעמבער־פרימאָרגן, בעת אַ גרויסער זאַווערוכע, האָט מען אונדז געגרייט אין וועג אַריין. אויפן טורמע־הויף וואַרט שוין אַן אָפּטיילונג קאָנוואָי־סאָלדאַטן. איינציקווייז, פירט מען אַרויס די אַרעסטאַנטן, וואָס דאַרפן פאַרשיקט ווערן, פּאָליטישע



ווען מען האָט מיך פאַרשיקט אין סיביר

און אויך קרימינעלע; ווען מען אויף קאַטאָרגע און ווען מען אין „אַרעסטאַנטסקע ראָטע". אויך מיינע אַרעסטירטע צוויי חברטעס בערטע און צביה זיינען דאָ מיט אונדז. יעדער אַרעסטאַנט ווערט שטרענג באַזוכט אויב ער פירט ניט מיט זיך עפּעס פאַרבאָטנס. די סאָלדאַטן רינגלען אונדז אַלעמען אַרום. דער קאָנוואָי־אָפיציר קוקט דורך אַלעמענס פּאַפּירן. ווען ער ווערט פאַרטיק, רופט ער אויס שטרענג:

הערט זיך איין, אַרעסטאַנטן! ווער פון אייך ס׳וועט ניט זיין געהאָרכ־זאַם און ניט אויספאָלגן אונדזערע באַפעלן — וועלן מיר שלאָגן מיט די פּריקלאַדן (הענטלעך) פון די ביקסן. אויב עמעצער פון אייך וועט מאַכן אַ פּרוּוו צו אַנטלויפן, וועט ער גלייך דערשאָסן ווערן. קאָנוואָי, לאָדט אָן אייערע ביקסן!

דעם אָפיצירס דרשה און באַפעל האָט אונדז אויפן האַרצן גאָר־ניט פריילעך געמאַכט. אין קאָפּ לויפט אַדורך אַ ביטערער געדאַנק: ווער ווייס וואוהין דער שיקזאַל וועט מיך ערגעץ פאַרשלעפּן און באַ־גראָבן אין דער ווייסטער און קאַלטער סיביר!

די טויערן פון טורמע־הויף עפענען זיך פאַנאַנדער, אויף וואָגלען און שלעפּן זיך אַ לאַנגע צייט אויף לאַנגע און קאַלטע שליאַכן ביז, ביז מיר וועלן אפשר, ווער ווייס, דערגרייכן ערגעץ צו אַ פאַרוואָר־פענעם ווינקל. און דאָרטן וועט מסתמא זיין באַשערט אָפּקומען די יונגע יאָרן...

מען פירט אונדז אַדורך דורכן שטעטל איהומען. אַ סך נייגעריקע לויפן נאָך. אייניקע באַטראַכטן אונדז מיט אַ רחמנות־געפיל. אַנדערע זיינען גלייכגילטיק.

די סאָלדאַטן זיינען שטרענג מיט אונדז. זיי שרייען אַז מיר זאָלן מאַרשירן אין אַ גלייכער שורה איינער הינטער דעם אַנדערן. פאַר די פרויען־אַרעסטאַנטקעס האָט מען געגעבן פערד און שליטן.

איך פּרוּוו נאָכגיין נאָענט נאָכן שליטן, כדי איך זאָל קענען דער־ווייל שמועסן מיט מיינע חברטעס. דער קאָנוואָי־עלטסטער פאַרגינט דאָס מיר ניט אָפּנים און גיט אַ געשריי אויף מיר: רעדן איז פאַרבאָטן! אויב דו הערסט ניט אויף רעדן, וועל איך דיר גלייך פאַרשמידן די הענט!

אין סצענע האָט געמאַכט אויף מיר אַ שווידערלעכן איינדרוק. מיר מאַרשירן פאַרביי דער חברטע צביהס הויז. די מוטער צביהס, אַ דאַרע, פאַרחושכטע יידענע לויפט צו מיט אַ האַרצרייסנדיקן געוויין און וויל זיך זעגענען מיט איר טאָכטער, וואָס מען פירט אַוועק, ווער ווייסט וואוהין. אַ סאָלדאַט דערלאַנגט איר אַזאַ שטויס, אַז די פרוי פאַלט און חלשט אַוועק.

שטומע און פאַרביטערטע גייען מיר, טריט ביי טריט. אין קאָפּ

קלינגט אָפּ דאָס לידל, וואָס מיר פלעגן אָפּט זינגען ביי די פאַרזאַמ־לונגען אין וואַלד!

„שוועסטער און ברידער, לאָמיר זיך נעמען פאַר די הענט,
און שווערן ביי דער פאָנע, וואו דער פאַקל ברענט,
מיר זיינען פּראָלעטאַריאַט, דאָס הייסט פּראָסטער נאַראָד,
די קייטן, די שווערע, וועלן מיר צערייסן,
דעם יאָך דעם שווערן אַרונטערשמייסן,
טאָ שריי־זשע ברודער: נאַראָד, ווּפּעריאָד!״

עס גייט זיך, דאַכט זיך, גרינגער מיט אַזעלכע ווערטער.

# מינסק

מיר קומען אָן אין מינסק. מען פירט אונדז פון מינסקער וואָקזאַל אין טורמע אַריין. מאַרשירנדיק אַזוי, געלינגט מיר אָנזאָגן מיין טאַטע־מאַמען, וואָס וואוינען איצט אין מינסק, אַז איך וואָלט זייער געוואָלט זיי זען. צוויי וואָכן האָב איך געוואַרט אין טורמע אויף אָן עטאַפּ, אָבער מיינע עלטערן האָבן זיך ניט געוויזן.

נאָר ווען מען האָט אונדז אָפּגעשיקט קיין מאָסקווע און איך בין שוין געזעסן אין דעם אַרעסטאַנטן־וואַגאָן, האָב איך דורך די פענצ־טערלעך דערזען מיין טאַטן, ווי ער שטייט פון דערווייטנס אַ צעבראָ־כענער און אַ נידערגעשלאָגענער. מיין האַרץ האָט אַ צוק געטאָן. אַ בענקעניש האָט מיך אַרומגעכאַפּט. ס׳האַרץ וויינט אויס רחמנות צום אָרעמען אַלטן טאַטן. פאַרוואָס האָב איך אים פאַרשאַפט אַזוי פיל שמערצן? — איך האָב זיך געבעטן ביי דעם קאָנוואָי־אָפיציר מיך צו לאָזן געזעגענען זיך מיטן פאָטער, כאָטש צוויי ווערטער זאָגן אים, אַ זיי־געזונט, — אָבער דער ענטפער זיינער איז געווען אייז־קאַלט: „וואָספרעשטשאַיעטסיאַ!״ (פאַרבאָטן!).

שוין איבער פופציק קיילעכדיקע יאָרן זיינען אַריבער פון דע־מאָלט אָן, אָבער דאָס דאָזיקע בילד איז נאָך אַלץ איינגעקריצט אין מיין זכרון.

## באַריסאָוו

מיר קומען אָן מיט דער באַן קיין באַריסאָוו. פון וואָקזאַל דערטראָגן זיך האַרצרייסנדיקע געוויינען, ווי מען וואָלט באַקלאָגט אַ טויטן. דאָס פאַרשיקט מען איצט קיין סיביר מיט אונדזער באַן אַ גרופּע שטרייקערס פון באַריסאָווער שוועבל־פאַבריק. קינדער באַ־וויינען זייערע טאַטעס, מאַמעס — זייערע זין. אין דער גרופּע געפינען זיך יונגע און אַלטע מענטשן. איין פאָטער פון אַכט קינדער ווערט אָפּגעריסן פון זיין פרוי און קינדער; פאַראַן צווישן זיי אַ סך יונגע בחורים; איינער צווישן זיי איז אַ דענטיסט, — אַשפּיז איז זיין נאָמען, היילנדיק קראַנקעציינער האָט ער מסתמא „פאַרסמט" זיינע פּאַציענטן מיט רעוואָלוציאָנערע געדאַנקען.

די אַרעסטאַנטן־משפּחה ווערט גרעסער, עס ווערט אַ ביסל היימ־לעכער. אונדזערע וועכטערס ווערן אַלץ ערגער, האַרטער און שטרענ־גער. פּלוצלונג האָט עפּעס פּאַסירט. דר. אַשפּיז האָט זיך באַקלאָגט פאַרן אָפיציר וועגן די ברוטאַלע אויפפירונגען פון די קאָנוואָי־סאָלדאַטן. דער אָפיציר שרייט אויס הויך אויפן קול: „אויב אייך געפעלט ניט, קאָנט איר מיך אָנקלאָגן צום „זשידאָווסקי מיניסטער"!

אויף אונדזער מזל איז גראָד אויסגעפאַלן צו האָבן פּאָר וועכטערס דעם באַוואוסטן אַנטיסעמיטישן קאָנאָטאָפּער קאָנוואָי.

## מאָסקווע

אונטער דער שטרענגער וואַך קומען מיר אָן קיין מאָסקווע. מען פאַרפירט אונדז אין „ראָמאַנאָווסקי גאָסטיניעץ" — (ראָמאַנאָוו איז געוועזן דעם קייסערס פאַמיליע־נאָמען), אַזוי פלעגן אַרעסטירטע שפּאַסיק אָנרופן אַ טורמע.

אַריינגעזעצט האָט מען אונדז אין דער באַרימטער בוטירקער טורמע אין מאָסקווע. אַ תּפיסה, — שוין אַ פּאָר הונדערט יאָר אַלט, — אַרומגערינגלט מיט אַ הויכער, דיקער וואַנט, אַ פעסטונג. דורך דער תּפיסה זיינען שוין דורכגעגאַנגען פאַרשיידענע קעמפערס און רעוואָ־לוציאָנערן. ווער קיין סיביר, און ווער — צום טויט.

דאָ אין בוטירקער טורמע זיינען פאַרשפאַרט געווען די דעקאַבריסטן, דאָסטאָיעווסקי, באַקונין, טשערנישעווסקי און אַנדערע באַרימטע קעמפּפערס און שרייבערס; אַהער, אין דעם זעלבן אָרט האָט מען גע־בראַכט אויך אונדז, יידישע בונדאָווצעס פאַר קעמפן פאַר אַ בעסער און פרייער לעבן. אפשר אָבער וועט זיך אונדז יידישע און ניט־יידישע סאָציאַליסטן איינגעבן פאַרענדיקן יענע הייליקע אַרבעט, וואָס די אַמאָליקע מאַרטירערס האָבן אָנגעפאַנגען?

אָט די דאָזיקע טראַכטונגען און געדאַנקען באַרואיקן מיך אַ ביסל. און איך „שוויג אויס" ביי מיר אַ ליד פון יענער צייט:

שוועסטער און ברידער, לאָמיר זיך ניט אירצן,
און לאָמיר זען דעם אַרבעטסטאָג פאַרקירצן.
שוועסטער און ברידער, לאָמיר רעדן דורכן דראָט,
מיר דאַרפן ניט קיין קיסר און דאַרפן ניט קיין גאָט!

מען האָט אונדז געגעבן אַ קאַמער ניט ווי פאַר פּאָליטישע אַרעס־טאַנטן, נאָר אין דער אָפּטיילונג פון קאַטאָרגע־אַרעסטאַנטן. 35 אַרעסטאַנטן אין איין קאַמער, אַלע צום פאַרשיקן, כאָטש ניט אין דעם זעלביקן אָרט.

מיין מקום מנוחה האָט געזאָלט זיין ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפן דאָרף אין יעניסייסקער גובערניע, ניט ווייט פון דער מאָנגאָלישער גרענעץ.

יעדערער זיצט און טראַכט, פאַרדאגהט וועגן זיין צוקונפט. ווי אַזוי וועלן מיר זיך קענען צופּאַסן צום סיבירישן קאַלטן קלימאַט? און פון וואַנען וועט מען נעמען צום לעבן? און נאָך אַזעלכע מחשבות.

איך האָב זיך ווינציקער געזאָרגט ווי מיינע חברים אַרעסטירטע, צו צרות בין איך דאָך געווען צוגעוואוינט. דאָס אָרעמע לעבן איז מיר ניט געווען אַזוי סטראַשנע. אין ערגסטן פאַל, האָב איך געטראַכט, וועל איך טאָן אַלץ, וואָס עס וועט זיך מאַכן פאַר אַן אַרבעט ביי די פויערים דאָרטן: פיטערן בהמות, פעלד־אַרבעט, אַבי צו קריגן מיין שטיקל ברויט.

## מיר לאָזן זיך אין וועג אַריין

סוף פעברואַר 1902 איז צו אונדז אין קאַמער אַרויפגעקומען דער קאָמענדאַנט פון טורמע און אַ צען באַוואָפנטע סאָלדאַטן מיט אים, און האָט געגעבן אַ געשריי: קלייבט זיך אין וועג אַריין!

מען האָט יעדן אַרעסטאַנט באַזוכט און אויך אַרומגעקוקט זיינע מלבושים צי זיי זיינען געננוג וואַרעם פאַרן קאַלטן קלימאַט.

איך האָב פאַרמאָגט אַ קורצע פאָדיאָווקע, וואָס אַלע שניידער־בחורים אין מינסק פלעגן אין זיי אַרומפראַנטעווען. אָבער צו לאָזן זיך אין וועג אַריין מיט דעם אין אייזקאַלטן סיביר, האָט עס ניט גע־טויגט. דערפאַר האָט מען מיר פון טורמע געגעבן אַן אַרעסטאַנטן־„פאַלושובאָק”, אַ קורץ פעלצל אַזאַ, וואָס פון אים האָט געשטונקען גע־פגרטע ציג. דערצו אויך אַ לאַנגן אַרעסטאַנטן־כאַלאַט מיט אַ „בובנאָוון טוז”, אַזאַ אָנגענייטע געלע לאַטע אויפן פלייצע.

אַ פּאָר טעג איידער מען האָט אונדז אָפּגעשיקט פון מאָסקווע, האָט מען פון „רויטן קרייץ פאַר פּאָליטישע אַרעסטירטע” (אַזאַ הילף־אָרגאַניזאַציע) אונדז צוגעשיקט געלט און אַ ביסל קליידער. אויף מיין חלק האָב איך באַקומען אַן אַלטע, צעריסענע העמד און 5 רובל מזומן. די 5 רובלדיקע אַסיגנאַציע האָב איך איינגענייט באַהאַלטענער־הייט אין די וואַטע־קישעלעך, וואָס מען לייגט אַריין אין די אַקסלען פון אַ ראָק, כדי די קאָנוואָי־סאָלדאַטן זאָלן דאָס ניט צונעמען ביים אַרומזוכן מיך.

מיט אַזאַ גרויסן פאַרמעגן האָב איך זיך געלאָזט אין דעם פרעמדן און וויטן וועג אַריין.

מען האָט אונדז אַרויסגעפירט פון טורמע. עס זיינען געווען צוגעגרייט אייניקע פאַרמאַכטע קאַרעטן און אַ פּאָר שליטלעך. איך האָב זיך אַריינגעזעצט אין איינעם פון די שליטנס. איין וועכטער איז געזעסן לעבן מיר און צוגעהאַלטן מיך מיטן האַנט. אַ צווייטער וועכטער איז געזעסן לעבן פערד־אונטערטרייבער. געפירט האָט מען אונדז צו דער באַן. פאַרבייגייער וואַרפן סימפּאַטישע בליקן אויף אונדז און אייניקע נעמען אַראָפּ אַפילו די היטלען פאַר אונדז.

צום גליק איז אונדזער אָטפּראַווקע (וועג) געגאַנגען גלייך ביז קראַסנאָיאַרסק, אין מזרח־סיביר. מיר האָבן ניט געדאַרפט אָפּקומען

קיין חיבוט־הקבר און שלעפּן זיך פון טורמע צו טורמע, וואָס ס׳רוב פאַרשיקטע קיין סיביר פלעגן מוזן אַדורכגיין.

אין טשעליאַבינסק, וואו עס גרענעצט זיך צענטראַל־רוסלאַנד מיט סיביר, זיינען אייניקע פון אונדז קראַנק געוואָרן. פאַר דער גאַנ־צער צייט פון אונדזער רייזע זיינען מיר געווען פאַרשפּאַרט און ניט געהאַט קיין פרישע לופט.

מען האָט געבעטן דעם אָפיציר, און ער האָט דערלויבט אונדז אַרויספירן אין דרויסן, און דערווייל דורכלופטערן דעם וואַגאָן. (און אונדזער וואַגאָן האָט זיך זייער גענייטיקט אין אַזאַ דורכלופטערונג...).

מיר שטייען אויפן פּלאַטפאָרמע, די סאָלדאַטן היטן אונדז און נעמען פון אונדז קיין אויג ניט אַראָפּ. אין דרויסן איז אַלץ אַרום געווען באַהאַנגען מיט זילבער־אייז־פעדעם און האָט געשפּיגלט. ס׳האָט פאַר־כאַפּט דעם אָטעם. די האַרץ קוועטשט פון קעלט. די מענטשן זיינען אָנגעטאָן אין לאַנגע פוטערנע טולופּן (מאַנטלען), מיט די פוטערנע קוטשמעס (היטלען), אין וואַליקעס און פעלצענע הענטשקעס. עפּעס גאָר אַן אַנדער הילוך ווי ביי אונדז אין ווייס־רוסלאַנד. עס וואַרפט אָן אַ שרעק: ווי וועל איך מיט מיינע בגדים זיך קענען צופּאַסן צו אַזאַ קעלט?

## קראַסנאָיאַרסק

ענדלעך זיינען מיר נאָך אַ נסיעה פון 10 טעג אָנגעקומען קיין קראַסנאָיאַרסק, יעניסייסקער גובערניע, מזרח־סיביר, דער הויפּט־צענטער פון וואַנען די אָנגעקומענע פּאָליטישע אַרעסטירטע ווערן צע־שיקט אין די קלענערע שטעט און שטעטלדיקע טורמעס, ביז מען שטעלט צו דעם אַרעסטאַנט צו זיין סאַמע לעצטן פאַרשיקונג־פּלאַץ.

אין דער איבערשיקונג־טורמע פון קראַסנאָיאַרסק האָב איך אָנגע־טראָפן פאַרשיידענע מינים אַרעסטאַנטן. גאָר גרויסע „יחסנים", קאַטאָרזשנע, פאַרמשפּטע פאַר קרימינעלע פאַרברעכנס (מאָרד און אַנדערע), געשמידטע אין אייזערנע קייטן — ביז פּשוטע בראָדיאַגעס (טרעמפּס), וואָס האָבן בכיוון געזוכט צו קענען איבערווינטערן אין אַ טורמע, ווייל ערגעץ אַנדערש צו גיין האָבן זיי ניט געהאַט וואוהין.

צוויי וואָכן האָב איך פאַרבראַכט אין דעם טומל פון קייטנבראַזג

און מיט די פאַרשיידענע באַשעפענישן און ברואים פון דער אונטער־וועלט, ביז מען האָט מיך אַריבערגעשיקט מיטן עטאַפּ אין אַטשינס־קער טורמע.

## אַטשינסק

דאָ האָב איך ווידער געמוזט וואַרטן אַ פּאָר וואָכן ביז עס האָבן זיך אָנגעקליבן גענוג אַרעסטאַנטן צו קענען אַריבערגעשיקט ווערן קיין מינוסינסק.

די אַטשינסקער אַרעסטאַנטן האָבן מיך זייער מקרב געווען. איינער, אַן אַלטער קאַטאָרזשאַן, פון מיטעלן וואוקס, אַ ברייט־פּליציקער, מיט אַ שיינער, ווייסער באָרד, האָט מיך געצערטלט ווי אַן אייגן קינד.

די פּאָליטישע אַרעסטירטע איז געווען דערלויבט צו רויכערן, אָבער די קרימינעלע פאַרברעכער האָבן ניט געטאָרט. איך האָב פּאָר זיי געקויפט מאַכאָרקע־טאַבאַק אַ מתנה, און זיי פלעגן דאָס רויכערן בגנבה.

פון אטשינסק ביז מינוסינסק איז אַ שטח פון 300 וויאָרסט (בערך 300 מייל). מיטן עטאַפּ אַדורכגיין צופוס נעמט בערך 15 טעג. אויף אָט דעם לאַנגן מאַרשרוט האָבן מיר, אַרעסטאַנטן, זיך גע־לאָזן גיין, אין אַ שניי, אַ פראָסט, אָנגעטאָן אין פעלצל און אין אַרעס־טאַנטן־כאַלאַט מיט דער געלער לאַטע אויפן פלייצע, אונטער די קלאַנ־גען פון די קייטן פון די געשמידטע אַרעסטאַנטן און דעם סקריפּען פון פראָסט אונטער די „קאַטי״ (אַזעלכע אַרעסטאַנטסקע שיכלעך), מאַרשירן מיר יעדן טאָג פון 20 ביז 25 וויאָרסט.

מיר שטעלן זיך אָפּ איבערנעכטיקן אין די עטאַפּקעס (ספּעציעל געבויטע כאַטקעס אויפן וועג פאַר דעם צוועק). קאַלט און פינצטער איז דאָרטן. צום שלאָפן זיינען פאַראַן נאַרעס, אַזעלכע הילצערנע ברייטע בענק אָן בעטגעוואַנט. לייגט מען צוקאָפּנס די טאָרבע, וואו מען האָט איינגעפּאַקט די פּאָר זאַכן; און אַז ניט, — איז דער קולאַק אויך גוט.

די סאָלדאַטן, אונדזערע שומרים, האָבן געהאַט פוטערנע קאָל־נערס און אַ באַשליק וואָס פאַרדעקט דעם קאָפּ און אויערן, אָבער אויף די אַרעסטאַנטן איז געווען אַן אמתער צער בעלי חיים.

די זאַוואַרוכעס, שניי און פרעסט זיינען אַזוי שטאַרק, אַז עס פרירן אַפילו די ברעמען פון די אויגן. מיר פלעגן גיין שנעלער, אַז מען זאָל זיך קענען דערוואַרעמען, און די סאָלדאַטן פלעגן אָנהייבן שרייען, אַז זיי קענען אונדז ניט דעריאָגן. אויף עסן האָט מען אונדז געגעבן צו 10 קאָפּיקעס אַ טאָג (קאַרמאָוויע) אויף איינקויפן עסן ביי די סי־בירער פּויערים, וואָס פלעגן צוברענגען צו אונדז ברויט, פּוטער, איינ־געפרוירענע פיש.

דאַנקען גאָט, — מיר זיינען ענדלעך אָנגעקומען אין מינוסינסקער טורמע.

נאָך הונדערט מיט דרייסיק וויאָרסט ביז מיין דאָרף בויסקאַיע, וואו איך האָב געדאַרפט פאַרבלייבן דריי יאָר, אָפּצוקומען מיין שטראָף (פּאָד נאַדזאָר).

דעם וועג בין איך שוין געגאַנגען אָן פּאַראַד, נאָר מיט אַ פּשוטן דאָרפישן „סאָטסקי" (אַ קליינער דאָרפישער באַאַמטער). אָנשטאָט אַ ביקס, האָט ער געטראָגן אַ שטעקן.

און אַזוי פון סאָטסקי צו סאָטסקי, פון דאָרף צו דאָרף האָט דער וועג זיך געשלעפּט אַ גאַנצע וואָך; ענדלעך, נאָך אַ וואַנדערן פון 21 טעג, בין איך אָנגעקומען צו מיין מקום מנוחה, מיין פאַרשיקונג־אָרט, — אַן אויסגעמאַטערטער און אַ דורכגעפרוירענער.

## דאָס דאָרף בויסקאַיע, מיין פאַרשיקונג-אָרט

ווען איך בין אָנגעקומען אין דער דאָרפישער פּאָליציי־ פאַר־וואַלטונג (וואָלאָסט), איז שוין געווען פאַרנאַכט.

צום שלים־מזל האָט מיין „סאָטסקי" ניט מיטגענומען מיינע פּאַפּירן און איך האָב געמוזט אויך די נאַכט נעכטיקן אויף מיין טאָרבע.

זיץ איך מיר אַזוי אַ פאַרטראַכטער, אַ פאַרבענקטער, וואָס וועט זיין ?

מיטאַמאָל קומט אַריין אַ יונגער הויכער שייגעץ אין אַ לאַנגן טולופּ און אַ וואַרעמער קוטשמע, גייט גלייך צו צו מיר, און פרעגט : „זייט איר אַ פּאָליטישער ? — איך בין דער לערער פון דאָרפשול דאָ".

ער בעט מיך גיין מיט אים עסן וועטשערע. איך דערקלער אים, אַז מיר איז ניט דערלויבט אַוועקגיין. איז ער צוגעגאַנגען צום שרייבער און האָט אים געבעטן ער זאָל מיך אָפּלאָזן; ער וועט מיך צוריקברענגען, ער גיט זיין וואָרט דעם וואָלאָסט־שרייבער. דער ערשטער מאָלצייט ביי אַ פרייען טיש, אָן אַ סאָלדאַט ביי דער זייט, האָט מיר ווירקלעך דער־פרישט און אַריינגעבראַכט אין אַ בעסערער שטימונג. געגעסן און פאַרבראַכט, און אַוועק שלאָפן אין וואָלאָסט.

אויף מאָרגן אין דער פרי, ווען מיינע פּאַפּירן זיינען אָנגעקומען, האָט מען מיר אָנגעזאָגט אַלע דינים וואָס אַזאַ „פאַרברעכער" ווי איך מעג טאָן און וואָס פאַר מיר איז פאַרבאָטן. איצט בין איך שוין פריי און קען גיין.

דאָס בין איך בלויז פריי פון די פּאָליצייאישע אויגן. איך שטיי אויפן גאַס און כ'ווייס ניט וואוהין צו גיין. דער דאָרף פאַרמאָגט אַרום 400 נפשות, ער איז גרויס. אַרום דאָרף זעט זיך די סיבירער טייגע, דער אוראַלטער וואַלד, און פון דערווייטנס — די הויכע בערג מיט די אייביקע שנייען אויף זייערע שפּיצן.

אַלע איינוואוינער דאָ גייען אָנגעטאָן אין לאַנגע, פוטערנע טולופּן, אין וואַליקעס, און זעען אויס אַזוי ציכטיק און ריין, ניט ווי ביי אונדז אַ ווייס־רוסישער פּויער.

איך שטיי און באַטראַכט דעם אַרום און דאָס פרעמדע וואוהין מען האָט מיך פאַרשיקט.

ענדלעך בין איך צוריק אַריין אין וואָלאָסט און געבעטן זיי מיר אָנצואווייזן אַ שטוב, וואו איך קען דינגען אַ צימער פאַר זיך.

אַן אַלטינקער סאָטסקי איז געגאַנגען מיט מיר, האָט מיך אַריינ־געפירט אין אַ הויז, טאַקע ניט וויט פון וואָלאָסט. דאָרט איז געווען אַן עלטערע, דאַרינקע פרוי; ס'הויז איז געווען גרויס, מיט אַ סך צימערן.

לאַפּאַניכע! האָט דער סאָטסקי אַ געשריי געטאָן, אָט האָסטו אַ גאַסט, אַ פּאָליטישער פאַרשיקטער. ער וועט ביי דיר דינגען עסן און שלאָפן! — און איז אַוועק.

די באַלעבאָסטע, אַ סימפּאַטישע און פריינדלעכע, זאָגט צו מיר: „זונעלע, טו זיך פאַנאַנדער, און פיל זיך ווי ביי דער מאַמען אין דער היים".

זי פרעגט מיך, פון וויפל גע̇ריכטן וויל איך מיינע מאָלצייטן זאָלן באַשטיין.

„מיין ליבע פרוי״, ענטפער איך איר, „ווי דו זעסט בין איך אָט ערשט באַפרייט געוואָרן. איך וועל זיין צופרידן וואָס דו וועסט מיר געבן. איך בין זיכער אַז דיין עסן וועט זיין טויזנטער מאָל בעסער ווי אין טורמע״.

„גוט״, זאָגט זי, „עס וועט דיר קאָסטן 10 רובל אַ חודש עסן, שלאָפן און וואַשן וועש״.

איך האָב זיך גענומען איינאָרדענען אין מיין נייער היים. אויפן האַרצן איז אָבער אַזוי אומעטיק, איינער אַליין און עלנט בין איך. מער קיין פּאָליטישע פאַרשיקטע אַחוץ מיר איז דאָ ניטאָ.

איך האָב געעפנט מיין טאָרבע און עס איז מיר פינצטער געוואָרן אין די אויגן: מיינע שיך האָט מען ביי מיר אַרויסגעגנבעט. איך בין געבליבן בלויז אין אַ׳ פּאָר אויסגעטראָטענע וואַליקעס. איך האָב אויפגעשניטן מיין ראָק און אַרויסגענומען פון די קישעלעך מיינע באַ־האַלטענע 5 רובל; כ׳בין אַוועק צום לערער ניקאָלאַי, מיין איינציקן פריינד דערוויל, און געבעטן אים, ער זאָל גיין מיט מיר קויפן אַ פּאָר שיך.

איך האָב אים דערציילט די גאַנצע געשיכטע. אַזוי ווי ער איז אַ תושב דאָ, וועט מען אפשר אים באַרגן; אַ ביסל וועל איך איינ־צאָלן פון די 5 רובל. מיר זיינען ביידע אַוועק, אויסגעקליבן אַ פּאָר באָטעס (פּראָסטע אַרבעטער־שיך). דער פּרייז איז געווען 8 רובל, שיך ביליקע, און דער פּרייז — אַ געהויבענער.

איך האָב גענומען זוכן אַרבעט. געווען זיינען אין דאָרף 2 שניי־דערס. איינער האָט מיר גלייך אָפּגעזאָגט, דער צווייטער שניידער האָט מיר לכתחילה צוגעזאָגט, אָבער אויף מאָרגן האָט ער חרטה געהאַט. ער האָט מורא, זאָגט ער מיר, אַז אַזוי שנעל ווי איך וועל קענען די אַרבעט, וועל איך ביי אים אָפּנעמען זיין פּרנסה. האָב איך זיך אַרויס־געלאָזט זוכן אַרבעט ביי די פּויערים. אָבער אין מיין הילוך, אין פּאַדיאָוקעלע פון מינסק, וואָס די בחורים־שניידער פּראַנטעווען אַרום, בין איך אויסגעקומען ביי זיי אין די אויגן לעכערלעך. דערצו איז איצט ווינטערצייט; אַכטונג געבן אויף זייערע בהמות דאַרפן זיי ניט. זיי האָבן ניט אַפילו קיין שטאַלן פאַר זייערע פערד און בהמות, ווייל זיי

לויפֿן אַרום פֿראַנק און פֿריי אויף די סיבירער סטעפּעס און זיינען צוגעוואוינט צום קאַלטן דרויסן.

שוין אַ וואָך צייט אַוועק, און אַרבעט איז נאָך אַלץ ניטאָ. וואו וועל איך נעמען אויף באַצאָלן מיין באַלעבאָסטע? זאָג איך צו איר: ליבע פֿרוי, איך וועל דיר באַצאָלן פֿאַר דער וואָך צייט, וואָס דיר קומט 2 רובל מיט 50 קאָפּיקעס, און מער וועל איך ניט עסן ביי דיר, ווייל איך האָב ניט מיט וואָס צו צאָלן דיר. אויב דו ווילסט, פֿאַרדינג מיר דעם קאַמער בלויז צום שלאָפֿן.

מיין באַלעבאָסטע פֿרעגט מיך: וואָס וועסטו טאָן מיט עסן? וועל איך האָבן אַ פּאָר גראָשן, וועל איך קויפֿן אַ שטיקל ברויט, און אויב ניט וועל איך אָנקלאַפּן אין אַ טיר און בעטן עסן. אַלע דאָ ביי אייך זיינען זייער ברייטהאַרציקע מענטשן און כ׳וועל ניט פֿאַרפֿאַלן גיין, ענטפֿער איך איר. און כ׳בין אַנטשוויגן געוואָרן. זי האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ, ווי איינער זאָגט, ניין, אַזוי טויג ניט.

„הער מיך אויס, מיין קינד", זאָגט זי, „זיי ניט אַזוי פֿאַרצווייפֿלט. איך וועל דיך ניט לאָזן אויף הפקר. ביי אונדז זיינען דאָ שוין געווען פּאָליטישע פֿאַרשיקטע און קיינער פֿון זיי איז ניט אויסגעגאַנגען פֿון הונגער. איך ווייס אַז די רעגירונג סובסידירט אייך מיט 8 רובל אַ חודש, און דו פֿאַרבלייב וויטער ווי ביז איצט".

אויך דער דאָרפֿלערער, ניקאָלאַי, זייער אַ סימפּאַטישער, מיט אַ ברייטער רוסישער נאַטור, האָט געהאָלפֿן זוכן אַרבעט פֿאַר מיר. איך האָב זיך אויך דערוווּסט באַקענט דאָרטן מיט די עטלעכע טשינאָוניקעס (באַאַמטע), וואָס זיינען געווען גאַנץ ליבעראַל געשטימט.

דער „אַקציזניק" ריידנדיק וועגן פּאָליטיק, זאָגט צו מיר אַמאָל: איך האָב אַ סך פֿריינד אין דער שטאָט מינוסינסק צווישן די פּאָליטישע. און ער רעכנט מיר אויס עטלעכע נעמען: לוריע, אַ יוּאַווערער; אַראַנטשיק, אַן אינזשעניר; און לייבע אַש, אַ שניידער.

ווען איך האָב דערהערט דעם נאָמען פֿון לייבע אַש האָב איך זיך אַזוי דערפֿרייט, אַז איך בין אַזש אויפֿגעשפּרונגען פֿון מיין שטול.

הערט אַ מעשה, לייבע איז דאָך פֿון מינסק,ביידע פֿון איין שטאָט. איך געדענק דאָך נאָך ווען מען האָט אים מיט נאָך חברים פֿאַרשיקט אין סיביר! גלייך האָב איך אים אָנגעשריבן אַ בריוו און

דער אַקציזניק, זייענדיק אין שטאַט, האָט עס אים פּערזענלעך אָפּ־געגעבן.

די פּאָליטישע פאַרשיקטע אין מינוסינסק האָבן געהאַט אַ זעלבסט־הילף־קאַסע און מען האָט מיר תיכף צוגעשיקט 8 רובל און אַ פּאָר שטיוול. לייבע פון מינוסינסק עצהט מיר קומען אין שטאָט אויף אַ פּאָר וואָכן, איך זאָל בעטן אַ דערלויבעניש. איך האָב אַזוי געטאָן. דערלאַנגט אַ פּראָשעניע צום איספּראַווניק, אַז איך דאַרף זיין ביים דאָקטאָר און ער האָט מיר דערלויבט פאָרן קיין מינוסינסק.

איצט בין איך געפאָרן ווי אַ פרייער מענטש. כ׳האָב געדונגען אַ פּאָר פערד. די גאַנצע רייזע קיין מינוסינסק פון דאָרף האָט גע־דויערט ניט מער ווי 12 שעה.

פאַרפאָרן בין איך צו מיין פריינד אַש. ער און זיין פרוי, ביידע זייער ליבלעכע מענטשן, האָבן מיך זייער גאַסטפריינדלעך באַהאַנדלט. איך האָב ביי לייבע אַש אַ ביסל געשניידערט און פאַרדינט עטלעכע רובל. איינגעקויפט זיך אַ ביסל נייטיקע קליינינקייטן און די איבע־ריקע געלט אָפּגעשיקט מיינע עלטערן אויף פּסח.

אַש איז צו מיר געווען אַ גוטער, איבערגעגעבענער חבר. ער האָט מיר אַ סך אַרויסגעהאָלפן בעת מיין זיין אין סיביר.

נאָך די 2 וואָכן אורלויב האָב איך זיך אומגעקערט צוריק אין דאָרף בויסקאָיע.

יעדן פרימאָרגן פלעג איך זיך מעלדן צום וואָלאָסט־שרייבער. דאָס איז „נאַדזאָר״, פּאָליציי־אויפזיכט. ווען איך פלעג אַהין אַריינקומען האָב איך באַמערקט ווי איינער אַ קאַצאַפּ, אַ שטיקל באַאַמטער דאָרטן, באַגריסט מיך תמיד זייער פריינדלעך. אַ הויכער, מיט ברייטע פּלייצעס, אַ פּאָר געזונטע הענט, אַ רויטע באָרד מיט אַ רויטן פּנים. אָנגעטאָן איז ער געווען אין אַ ברייט, רויט העמדל מיט פּלושענע, ברייטע הויזן, וואָס זיינען אַריבערגעפאַלן אַריבער די כאָלעוועס פון זיינע שטיוול.

איין מאָל גיט ער מיך אַ פרעג: „טי יעווריי״? (ביסטו אַ ייד?)

— „זיכער בין איך, ענטפער איך אים, צוליב וואָס פרעגסטו דאָס מיך?״ — „ווייל איך בין אויך אַ ייד״, זאָגט ער.

איך האָב זיך געחידושט און אַ פרעג געטאָן: „קאָנסטו רעדן יידיש?״ ניין, זאָגט ער, און דערציילט מיר זיין גאַנצן יחוס. ער קומט פון

אַ דאָרף אַרום 50 וויאָרסט פון וואָלאָסט, דאָרטן וואוינען סובאָטניקעס, זיי באַשעפטיקן זיך אַלע בלויז מיט ערד־אַרבעט. זיי האָבן די זעלבע רעכט ווי אַלע פראַוואָסלאַוונע מענטשן. אַלע זיינען זיי גוטע און פרומע יידן. זיי היטן אָפּ שבת און אַלע יום־טובים.

„קענסטו באַגו מאַליטסיאַ?" (דאַוונען צו גאָט) פרעג איך אים. זיכער, זאָגט ער, איך האָב אויף מיין קוואַרטיר באַגומאַלני (תפילין). ער האָט מיך איינגעלאַדן, איך זאָל מיט אים פאָרן צו זיי אין דאָרף אויף די ערשטע טעג פּסח. איך האָב ניט געקענט אַרויסקריגן קיין דערלויבעניש צו פאָרן מיט אים, ווייל די צייט איז שוין געווען צו קורץ.

ער, דער סובאָטניק, איז אָפּגעפאָרן צו זיך אַהיים אויף די ערשטע טעג פּסח און האָט מיר צוריק מיטגעבראַכט מצות אַ מתנה.

די גאַנצע וואָך פּסח איז ער געווען אָפּגעזונדערט אין אַ שפּייכלער, ביז דער יום־טוב איז אַריבער.



אַרום 50 וויאָרסט פון דעם דאָרף בויסקאָיע, וואו איך בין געווען פאַרשיקט, האָט זיך געפונען נאָך איין דאָרף, וואָס האָט געהייסן יודין.

די איינוואוינער פון דעם דאָזיקן דאָרף האָבן זיך געטיילט אויף צוויי סעקטעס. איינע האָט געהייסן: „סובאָטניקעס" און די צווייטע — „וואָסקרעסעניקעס".

ווען מען איז אַריינגעקומען אין דאָרף האָט מען אויבנאויף ניט באַמערקט קיין שום אונטערשייד צווישן די ביידע סעקטעס. אַלע האָבן זיי געהאַט דעם זעלביקן אויסזען, געטראָגן די זעלביקע קליידער ווי אַלע סיבירער פויערים. זומער־צייט האָבן זיי געטראָגן רויטע „רו־באַשקעס" מיט ברייטע פּלושענע „שאַראַוואַרעס". ברייט־פּלייציקע זיינען זיי געווען מיט געזונטע הענט, באַוואַקסענע מיט שוואַרצע און רויטע בערד און פאַרברענטע פון דער זון. אַלע האָבן די ערד באַאַרבעט, אַלע האָבן גערעדט רוסיש.

אַלע האָבן געהאַט די זעלביקע פּאָליטישע רעכט צו קלייבן זייערע פאָרשטייער „אין וואָלאָסט" (דאָרפס־פאַרוואַלטונג). דער אונ־

טערשייד צווישן זיי איז געווען נאָר אין זייער גלויבן: די סובאָט־ניקעס האָבן געהאַלטן שבת אַזוי ווי ביי יידן. די צווייטע סעקטע—די „וואָסקרעסעניקעס" האָבן געררוט זונטיק.

דער אָנהייב פון דער סובאָטניקעס־באַוועגונג נעמט זיך נאָך פון די ציַיטן פון דער קייסערין יעקאַטערינע.

ווען אַ גרופע פּראַוואָסלאַווע האָט אָנגענומען דעם יידישן גלויבן, האָט מען זיי פאַר אַזאַ אַפּיקורסות פאַרשיקט קיין סיביר, כדי זיי זאָלן מיט דער צייט פאַרגעסן אָן זייער „יידישקייט" און צוריק ווערן גלייביקע קריסטן. האָט אָבער די פאַרשיקונג געהאַט אַ פאַר־קערטע ווירקונג אויף זיי, זיי האָבן מיט מער עקשנות געטראָגן אין האַרצן דעם גלויבן צו דער יידישער רעליגיע, און זי איז אויפגע־האַלטן געוואָרן ביי זיי און זייערע קינדער.

די „סובאָטניקעס" היטן אָפּ אַלע יידישע יום־טובים. זיי זיינען זיך משדך בלויז צווישן זיך, מיט „סובאָטניקעס".

דער אַלגעמיינער איינדרוק וואָס זיי מאַכן, איז זייער אַ גוטער. זיי זיינען זייער גאַסטפריינדלעך און ברייטהאַרציק, ווי אַלע סיבירער איינוואוינער. זיי גלייבן, אַז זיי זיינען דאָס די אמתע יידן, און זיי היטן טאַקע אָפּ די יידישקייט מער ווי אַנדערע יידן.

דער יוגנט גיבן זיי אַ רעליגיעזע דערציאונג. דער עלטסטער איז דער ראש־הקהל פון זייער געמיינדע. צו אים באַציען זיך אַלע סו־באָטניקעס פון דאָרף יודין מיט גרויס דרך־ארץ. ער, דער עלטסטער, גיט אַכטונג, מען זאָל מל זיין די קינדער־זכרים, מען זאָל אָפּהיטן כשרות אאַז"וו.

זיי האָבן געהאַט אַן אייגענעם שוחט. דער שוחט אַליין איז אויך געווען אַ סובאָטניק. די קהילה זייערע האָט אַוועקגעשיקט איינעם פון זיי אין אייראָפּעאישן רוסלאַנד, ער זאָל זיך אויסלערנען שחיטה. דאָרטן אין רוסלאַנד האָט ער געקראָגן אַ קבלה אויף צו זיין אַ שוחט דקות. כאָטש זיין מוטער־שפּראַך איז געווען רוסיש, איז ער אָבער אויך געווען אַ גוטער בעל־קריאה.

אָט פון דעם דאָזיקן דאָרף פון די סובאָטניקעס האָט דאָס גע־שטאַמט דער באַאַמטער פון „וואָלאָסט", וואָס האָט מיך געפרעגט צי איך שטאַם פון יידן.

***

מיין ערשטער פסח אין סיביר. כ׳בין דער איינציקער ייד אין דאָרף. און אָט איז אָנגעקומען די קריסטלעכע פּאַסכע. אַלע גרייטן זיך צום הייליקן יום־טוב. איך האָב זיך געפילט אַזוי עלנט און פאַרבענקט.

די קלויסטער־גלעקער האָבן זיך צעקלונגען און אָנגעזאָגט די מענטשן פון דאָרף, אַז פּאַסכע איז שוין דאָ און מען דאַרף גיין אין צערקווע אַריין. איך האָב איינזיצן ניט געקענט און כ׳בין אַרויס אין דרויסן צוקוקן ווי דער יום־טובדיקער עולם גייט אין קירך אַריין. אַ שיינע, העלע זון שיינט אין הימל, די שפּיצן פון קלויסטער גלאַנצן אין דער זון.

איך גיי און טראַכט פון מיינע פריינד, חברים און משפּחה. פּלוצים האָב איך דערפילט אַ קוש (דאָס איז אַן אָנגענומענער פּאַסכע־מנהג). איך האָב זיך אויפגעכאַפּט פון מיינע מחשבות און דערזען לעבן זיך אַן אַלטינקע פרוי, וואָס ווינטשט מיר אַ פריילעכן יום־טוב פּאַסכע.

איך האָב זיך איינגעשטעלט און דערלאַנגט אַ פּראָשעניע צום גובערנאַטאָר, ער זאָל מיר דערלויבן אַריבערקלייבן זיך אין דער שטאָט מינוסינסק, מאָטיווירנדיק מיט דעם, אַז אין דאָרף האָב איך ניט וואו צו פאַרדינען צום לעבן. צו מיין פרייד האָט דער גובערנאַטאָר באַווי־ליקט מיין פאַרלאַנג, און כ׳האָב פאַרלאָזט דאָס דאָרף.

אַרום פּסח־צייט 1902 בין איך אָנגעקומען אין מינוסינסק. גע־אַרבעט האָב איך ביים פריינד אַש. דאָס לעבן איז מיר געוואָרן אינטערעסאַנטער און היימלעכער.

## אין דער שטאָט מינוסינסק

דאָ האָבן זיך געפונען אַ סך פּאָליטישע פאַרשיקטע חברים. צווישן זיי די אויבנדערמאָנטע לוריע און אַראָנטשיק.

לוריע איז געווען ניט אַליין. זיין פרוי און קינדער זיי־נען געווען צוזאַמען מיט אים. די פרוי זיינע, זייער אַ סימפּאַטישע,

איז דורכגעגאַנגען אַ גימנאַזיע. זיי האָבן געהאַט אַ פּאָר יונגע קינדער.

לוריע איז געווען אַרום פערציק יאָר, אַ הויך־געוויקסיקער, מיט אַ שוואַרצער באָרד, ער האָט אויסגעקוקט ניט ווי אַ פּאָליטישער פאַרשיקטער, נאָר ווי אַ ייד אַ למדן און אַ משכיל.

ער האָט זיך באַשעפטיקט מיט מאַכן זילבערנע צלמימלעך פאַר די סיבירער איינגעבוירענע. די „מאַסטערסקאַיע" איז געווען ביי זיי אין הויז טאַקע, אין אַ באַזונדערן צימער.

אין 1905 האָט ער זיך אומגעקערט צוריק קיין רוסלאַנד. היינט געפינט ער זיך ערגעץ אין באָסטאָן.

אַראַנטשיק איז געווען אַן אינזשעניר, ער האָט געהאַט אַ פרוי און אַ קינד. צו יענער צייט, געדענק איך, האָט מען אין מינוסינסק איבערגעבויט אַ גרויסן קלויסטער, און אַראַנטשיק איז דאָרטן געווען דער אַרכיטעקט; ער האָט אָנגעפירט מיט דער גאַנצער אַרבעט. אַראַנטשיק האָט זיך אומגעקערט קיין רוסלאַנד סוף 1904, אין די שפּעטער־דיקע יאָרן האָבן אים די באָלשעוויקעס דערשאָסן.

צווישן די פּאָליטישע פאַרשיקטע זיינען געווען 3, וואָס האָבן זיך נאָך באַטייליקט אין דעם אַטענטאַט אויפן צאַר אַלעקסאַנדער דעם צווייטן: איינער אַן אינזשעניר, אַרקאַדי וולאַדימיר; אַ צווייטער — פעליקס קאָן, אַן אָנגעזעענער יידיש־פּוילישער רעוואָלוציאָנער. וועגן פעליקס קאָנען, וואָס האָט שפּעטער געשפּילט אַ גרויסע ראָל, איז ווערט עפּעס מער צו דערציילן.

פעליקס קאָן איז געווען אַ יידישער סטודענט פון פּוילן. מען האָט אים באַשולדיקט, אַז ער האָט געהערט צו דער גרופּע „נאַראָד־נאַיאַ וואָליאַ" און אַז ער האָט געהאַט אַ שייכות מיטן אַטענטאַט אויף אַלעקסאַנדער דעם צווייטן. מען האָט אים דערפאַר פאַרשיקט אויף 15 יאָר קאַטאָרגע.

צוזאַמען מיט אים איז אויך געגאַנגען אויף קאַטאָרגע אַ יידיש מיידל. דאָס מיידל האָט זיך געליבט אין אַ קריסטלעכן סטודענט. האָט זי זיך געשמדט, כדי זי זאָל קענען חתונה האָבן מיטן סטודענט, דעם קריסט.

צוליב געוויסע סיבות, איך ווייס ניט גענוי פאַרוואָס, האָבן אָט דיביידע פאַרליבטע ניט חתונה געהאַט.

פעליקס קאָן האָט זיך פאַרליבט אין דער דאָזיקער משומדתטע.

האָט ער, פעליקס, זיך אויך געשמדט און האָט חתונה געהאַט מיט איר.

ווען איך האָב זיך באַקענט מיט דער דאָזיקער פּאָרל, האָבן זיי שוין דעמאָלט געהאַט צוויי טעכטער, איינע אַרום 10 יאָר אַלט, און די צווייטע — אַרום 13 יאָר.

ביידע, סיי דער טאַטע און סיי די מאַמע, האָבן דערצויגן זייערע קינדער ווי גלייביקע קריסטן. ביי די מיידלעך אין שלאָפצימער איז תמיד געהאַנגען אַ בילד פון דער הייליקער מאַריע. ביז היינט צו טאָג קען איך ניט פאַרשטיין, וואָס האָט דאָס זיי געצוואונגען, אַז זיי זאָלן זיין אַזעלכע פאַנאַטיש פרומע קריסטן.

ווי מען האָט מיר דערציילט, איז פעליקס קאָן געווען אַ קאַריער־ריסט. אויסגעזען האָט ער ווי אַ טיפּישער ייד: מיטעלער וואוקס, אַ דאַרינקער, מיט אַ מאַגערן פּנים, באַוואַקסן מיט אַ קליין בלאָנד בערדל, האָט געטראָגן ברילן און איז תמיד געווען אין אַן אויפגע־רעקטן צושטאַנד.

אין מיין צייט האָט ער זיך באַטייליקט אין אַן עקספּעדיציע אויס־צופאָרשן דאָס לעבן און געוואוינהייטן פון די פּרימיטיווע שבטים אין יענע געגנטן פון סיביר. קאָן איז געווען דער מחבר פון אַ פּאָר ביכער און האָט באַקומען דערפאַר אַ מעדאַל פון דער רוסישער רע־גירונג.

ווען ער האָט זיך אין יאָר 1905 אומגעקערט צוריק אין אייראָפּע, האָט ער געוואוינט אין שווייצאַריע.

קאָן האָט עטלעכע מאָל צוגעשיקט אַרטיקלען צום דרוקן צום פאַרשטאָרבענעם גענאָסע ליטוואַק אין ניו־יאָרק, אַמעריקע.

ליטוואַק פלעגט זיי איבערזעצן אויף יידיש און האָט עס געלאָזט אָפּדרוקן אין דעם זשורנאַל „צוקונפט“.

שפּעטער, ווי באַקאַנט, ווען די באָלשעוויקעס האָבן פאַרכאַפּט די מאַכט אין רוסלאַנד, האָט פעליקס קאָן געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי; ער איז געווען באַשטימט פאַרן ראש פון דער רעגירונג פאַר פּוילן בעת דער פּויליש־באָלשעוויס־טישער מלחמה אין 20־1921.

אַ דריטער — אַ געוועזענער אַרטילעריע־אָפיציר אראטשקע, האָט געלעבט פון פאַרזיכערונג־אַגענטור.

די אַלע דריי זיינען געווען זייער אינטערעסאַנטע מענטשן. זיי

האָבן שוין דורכגעמאַכט 15 יאָר קאַטאָרגע, און איצט האָבן זיי זיך געפונען אין מינוסינסק ווי „פריי־פאַרשיקטע", ד"ה — זיי זיינען פריי צו באַוועגן זיך, אָבער טאָרן זיך ניט אומקערן אין זייער היימאָרט.

דאָרטן איז אויך געווען אויף פאַרשיקונג דער באַרימטער רוסי־שער שרייבער אַמפיטעאַטראָוו פאַר שרייבן פעליעטאָנען, וואו ער האָט אויסגעלאַכט די צאַרישע פאַמיליע. פון די סטודענטן־בונטן אין פע־טערבורג (אין יאָר 1902) זיינען זעקס געווען פאַרשיקט אין מינוסינסק.

איין מאָל האָט אַרקאַדי וולאַדימיר מיך איינגעלאַדן זיך דורכצו־פאָרן מיט אים צום טייך אבאקאן. ער האָט געדאַרפט מאַכן אַן אויס־פאָרשונג צי דאָרטן זיינען פאַראַן קוילן. איך בין אַוועק צום איס־פּראַווניק (פאָליציי־עלטסטן) בעטן אַ דערלויבעניש אויף צו פאָרן. אַלע מאָל פלעגט ער זיין העפלעך און פריינדלעך מיט די „פּאָליטישע", אָבער איצט איז ער אָנגעפאַלן אויף מיר און גענומען שרייען מיט באַנומענע קולות: „איך האָב אייך ניט אַריבערגעפירט אַהער אין שטאָט אַרומ־צופאָרן. זיצט אויף אַן אָרט, און קומט מער ניט מיר דרייען אַ קאָפּ"!

מיר האָט שטאַרק פאַרדראָסן זיין שרייען און איך האָב אים אָפּ־געענטפערט גאָר פּשוט: „וואָס שרייט איר אויף מיר ווי אויף אַ חדר־יינגל? איר מעגט צו מיר רעדן אַ ביסל איידעלער". דער איספּראַווניק האָט גענומען שרייען נאָך העכער, אַז פאַר אַזאַ העזה וועט ער מיך פאַרשיקן אַזוי ווייט „וואו מאַקאַר האָט די קעלבער ניט גע־קאָנט פיטערן". (אַ סיבירער אויסדרוק, ווי מען זאָגט אויף יידיש: וואו דער פעפער וואַקסט). און איך בין אַוועק מיט גאַרניט און אַזוי איז צעשטערט געוואָרן מיין נסיעה צום טייך.

## מען פאַרשיקט מיך אין אַ ניי אָרט

אין אַ פאָר וואָכן אַרום, נאָך מיין איבעררייד מיטן איס־פּראַווניק, האָט דער אַגענט וואָס האָלט שטענדיק אַן אויג אויף די „פאַרשיקטע", מיר געלאָזט וויסן אַז מען רופט מיך צום איספּראַוו־ניק, אין פּאָליציי־הויז.

אין דער פּאָליציי זאָגט מען מיר, אַז עס איז דאָ אַ „פּריקאַז"

פון גובערנאַטאָר מיך אַרויסצושיקן פון שטאָט מינוסינסק אין אַ דאָרף, ווידער ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפן ווינקל.

איך האָב פּראָטעסטירט; כ׳האָב געוואָלט זיין אַ חכם און ניט פאָרן, ניט אויספאָלגן דעם באַפעל, — נו, האָבן זיי מיך געוואָלט אויס־ריכטן מיטן עטאַפּ; ווייטער דורכמאַכן אַ לאַנגן און געמאַטערטן וועג האָט זיך מיר ניט געגלוסט, האָב איך דעריבער געדונגען אַ פור און אָפּגעפאָרן אויף מיינע אייגענע הוצאות אין מיין פאַרשיקונג־אָרט.

פאַר די עטלעכע חדשים וואָס איך בין געווען אין מינוסינסק, האָב איך גענומען פּלאַנעווען צו אַנטלויפן פון סיביר. איך האָב שוין געהאַט צוגעגרייט אַ פאַלשן פּאַספּאָרט און איך האָב געוואַרט אויף מיין חבר, דר. פּאָקראָווסקי.

פון מינוסינסק פלעגן זומערצייט קורסירן „פּאַראַכאָדן" (דאַמפּ־שיפן) איבערן יעניסיי־טייך. בלויז איין מעת־לעת האָט געדויערט ביז דער שטאָט קראַסנאָיאַרסק; דאָרטן קען מען שוין נעמען אַ באַן און פאָרן צוריק אויף דער פריי.

ווען אַ דאַמפשיף דאַרף אָפּפאָרן פון פּאָרט זיינען דאָ זשאַנדאַרן, וואָס נישטערן דורך און טרייסלען איבער אַלץ וואָס אויף דער שיף. איז דאָך גאָט אַ גוטער, — איז איינער אַ געהילפס־קאַפּיטאַן געווען אַ ליבעראַלער מענטש און ער פלעגט העלפן אַרויסשמוגלען אַ פּאָלי־טישן, וואָס האָט געוואָלט אַנטלויפן. דער קאַפּיטאַן פלעגט פאַרשליסן דעם אַנטלויפער אין זיין קאַיוטע און ניט דערלאָזן די זשאַנדאַרן זוכן דאָרטן, פאַרזיכערנדיק זיי, אַז קיינער באַהאַלט זיך ניט אויס אין זיין קאַיוטע. די זשאַנדאַרן, קענענדיק אים פאַר אַ גוטן פּראַוואָסלאַוו־נעם, פלעגן אים גלייבן און אַוועקגיין.

איז מיין חבר דר. פּאָקראָווסקי דאָס געווען דער פאַרמיטלער צווישן מיר און יענעם ליבעראַלן געהילף־קאַפּיטאַן. דאַרף זיך מאַכן, אַז גראָד דעמאָלט, ווען אַלץ איז שוין געווען צוגעגרייט, איז פּונקט דר. פּאָקראָווסקי ניט געווען אין שטאָט און קיין אַנדערער אַחוץ אים איז ניט געווען באַקאַנט מיטן ליבעראַלן געהילף־קאַפּיטאַן.

דערצו האָבן זיך אייניקע חברים מיינע דערוואוסט פון מיינע פּלענער און זיי, דער עיקר די אַלטע קעמפּערס און רעוואָלוציאָנערן, האָבן מיך געוואָרנט דאָס ניט צו טאָן. זייערע טענות זיינען געווען:

דאָס וועט זיך שלעכט אָפּרופן אויף אַלע „גאַדזאָרניקעס“ (פּאַרשיקטע), מען וועט זיי נעמען היטן שטרענגער און ניט אָפּלאָזן זיי אויף שריט און טריט. היינט, טאָמער חלילה כאַפּן זיי מיך, ווער איך דעמאָלט פאַר־משפּט אויף קאַטאָרגע.

ווי דאָס זאָל ניט זיין האָט זיך פון מיינע פלענער גאָרניט אויס־געלאָזט.

אין דעם נייעם דאָרף בין איך אָנגעקומען זומערצייט 1902, ווען אַלע פּויערים האָבן געאַרבעט אויף זייערע פעלדער.

דערווייל האָב איך זיך געווענדט אין פּעטערבורג צום פּאָליציי־דעפּאַרטמענט און געפאָדערט מיר שיקן מיין סובסידיע, וואָס עס קומט מיר ווי אַ פּאָליטישן. איך האָב אָנגעהויבן באַקומען 8 רובל אַ חודש. פּונקט אַזאַ סומע האָב איך געצאָלט אויף מיין קוואַרטיר פאַר אַלץ און אַלעמען.

כדי צו פאַרטרייבן מיין איינזאַמקייט פלעג איך פאָרן מיט די פּויערים אַרבעטן אין פעלד; ביים אַראָפּנעמען די תבואות פון די פעלדער זיינען זיי זייער שטאַרק פאַרנומען, וועמען צו דינגען איז ניט געווען, יעדער פּויער מיט זיין גאַנצער משפּחה איז פאַרנומען אויפן אייגענעם פעלד.

די פעלדער זיינען ווייט פון דאָרף און מען לעבט אַ גאַנצע וואָך אין פעלד.

מען שטעלט אויף אַ קיילעכדיקביידל אויף הויכע שטאַנגען. אויבן איז אַ לאָך אויף אַרויסלאָזן דעם רויך פון פייער, וואָס מען לייגט פאַנאַנדער ביינאַכט עס זאָל זיין וואַרעם צום שלאָפן. נאָכן אָפּשניידן די תבואות ברענגט מען אויפן פעלד אַ „מאָלאָטאַרניע“ (דרעש־מאַשין) און גלייך אויפן פעלד דרעשט מען די תבואה. די שטרוי פאַרברענט מען. מיר איז דאָס געווען אַ וואונדער. איך האָב זיי דערציילט, אַז אין אונדזערע מקומות, אין ווייסרוסלאַנד, מאַכט מען פון שטרוי אַן אונטערבעט פאַר בהמות און פערד אָדער מען צע־האַקט דאָס שטרוי אויף סעטשקע און מען קאָרמעט מיט דעם בהמות.

זיי האָבן געלאַכט און געזאָגט: „מיר האָבן גענוג היי און

בעטונג פאַר די בהמות, און באַמיסטיקן אונדזערע פעלדער דאַרפן מיר ניט, ווייל זיי זיינען אַזוי אויך גענוג פעט."

אין יענער צייט אין סיביר איז ערד ניט געווען צעטיילט. יעדער פויער האָט געקענט באַאַרבעטן וויפיל ערד ער האָט נאָר אַליין געוואָלט. און היי־שניידן איז אויך געווען פריי, וואו און וויפיל יעדערער האָט געוואָלט. דער גאַנצער אָרט לעבן דאָרטן איז געווען גאַנץ אַנדערש ווי ביי אונדז אין ווייסרוסלאַנד.

ווען די אַרבעט אויף די פעלדער האָט זיך געענדיקט און די איינ־וואוינער זיינען שוין צוריקגעקומען אין דאָרף אַריין, איז מיר געוואָרן אַ ביסל פריילעכער. מיר פלעגן שמועסן זיצנדיק פאַר די שטובן.

אין די אָוונטן פלעג איך מערסטנטיילס לייענען, ליגנדיק אויפן געלעגער, וואָס איז געווען אויסגעבעט אויפן דיל: אונטערגעלייגט אַ גראָבן וואוילק און צוגעדעקט זיך מיט אַ בערישער פעל; איך האָב אַוועקגעשטעלט דאָס לעמפל לעבן געלעגער און איך פלעג לייענען ביז טיף אין דער נאַכט אַריין.

איך האָב דאָרט אַ סך אַריינגעלייענט פון די רוסישע שרייבערס טשעכאָוו, גאָרקי, דאָסטאָיעווסקי, טורגעניעוו, און אַנדערע. ביכער צום לייענען האָב איך געהאַט אַ ביסל אייגענע, און אַ ביסל פלעג איך אויסלייען ביים דאָרפסלערער און ביים דאָקטאָר פון שפיטאָל.

דערווייל איז אָנגעקומען די צייט, וואָס כ'האָב זיך געדאַרפט שטעלן צום פריזיוו צו גיין אין מיליטער.

איך האָב דערלאַנגט אַ ביטע, אַז איך וויל שטיין צום פריזיוו דאָ אין סיביר און ניט אין מיין געבוירנשטאָט, מינסק. איך האָב ביי זיך געטראַכט, אַז אַ פּאָליטישן פאַרברעכער ווי איך בין וועט מען ניט נעמען אין מיליטער און אַזוי אַרום וועל איך פטור ווערן פון סאָלדאַטשינע.

איך האָב אָבער געמאַכט אַ טעות. מען האָט מיין פאַרלאַנג נאָכגעגעבן און אין האַרבסט, 1902, בין איך צוזאַמען מיט נאָך 10 דאָרפישע „כלאָפּעס" געפאָרן אין דאָרף קאַזאַצקאַיע — אַרום עטלעכע און פופציק ווייאָרסט פון אונדז — זיך שטעלן צום פריזיוו.

עזריאל פרעסמאַן

# מען נעמט מיך צו פאַר אַ סאָלדאַדט

פאַרן פאָרן צום פּריזיוו קומט אַריין צו מיר אַ פּויער, אַ באַ־קאַנטער, און זאָגט צו מיר: „הער מיך אויס, דו ביסט דאָך דאָ עלנד, האָסט דאָ ניט קיין פאָטער אָדער ברודער, וואָס זאָל מיט דיר מיטפאָרן, דערלויב מיר צו זיין דיין באַגלייטער; איך וויל פאַרטרעטן עמעצן פון דיין משפחה.״ ער האָט איינגעשפּאַנט אַ פּאָר פערד און מיך געבראַכט אין דאָרף קאַזאַצקאַיע.

ער האָט מיך אָוועקגעפירט צו זיינעם אַ קרוב און איז אָפּגעווען מיט מיר אַ גאַנצע וואָך. ער פלעגט גיין מיט מיר אין פּריסוטסטווע־לאָקאַל און פלעגט מאַכן מיט מיר אָפט אויך אַ לחיים.

ענדלעך האָט מען אַריינגערופן די 10 שקצים פון מיין דאָרף, און מיך — דעם 11־טן; אַלע האָבן זיך אויסגעטאָן מוטער־נאַקעט, און איך האָב מיט זיי געמאַכט שפּאַס, נאָר די שקצים זיינען געווען נערוועז, אייניקע פון זיי האָבן זיך געטרייסלט ווי אין אַ קאָנ־וואולסיע.

די דאָקטוירים האָבן באַטראַכט אַלעמען און טאַקע זיי צוגע־נומען פאַר סאָלדאַטן. איך בין געווען דער לעצטער פון די בחורים. מען האָט אויסגערופן מיין נאָמען. איך בין צוגעגאַנגען אָן מורא. אַלע קוקן אויף מיר און באַטראַכטן מיך גוט. מען אונטערזוכט און מען מעסט מיך. אַ דאָקטאָר פרעגט מיך: „האָסטו אפשר אַ קראַנק־הייט?״ — „ניין, איך בין אין גאַנצן געזונט״, ענטפער איך. ווען מען האָט אַ זאָג געטאָן, „גאָדען״, איך טויג פאַר אַ סאָלדאַט, איז מיר זייער שווער געוואָרן אויפן האַרצן.

אין דרויסן האָבן שוין געוואַרט אויף מיר מיינע שקצים און מיין באַגלייטער־פריינד. אַלע האָבן אַרויסגעוויזן צו מיר זייער פריינד־שאַפט. איינער האָט געהאַלטן אין האַנט אַ פלעשל בראַנפן. אַ פּאָר חברה־לייט האָבן מיך צוגעהאַלטן און זיי האָבן מיט גוואַלד מיר אַריינ־געגאָסן אין מויל, אַז איך זאָל זיך פילן בראַוו און מוטיק, ווי אַ „נאָוואָבראַניעץ״ דאַרף זיין.

מיר אַלע זיינען צוריקגעפאָרן אין דאָרף אַריין. צו אונדז אין שליטן האָבן זיך אַריינגעזעצט נאָך אַ פּאָר, מיך פריילעכער צו מאַכן;

אויפן וועג האָט מען ווידער געקויפט אַ גוטן טרונק בראַנפן און אויפגעמונטערטע זיך געלאָזט אַהיים.

איינער אַ שייגעץ וואָס איז געפאָרן מיט מיר האָט מיך פאַר־בעטן פאַרפאָרן צו אים אין הויז.

ביי זיי איז איינגעפירט, ווען עס קומט פון פריזיוו אַ צו־געבומענער סאָלדאַט, מאַכט מען פון זיין כבוד וועגן אַ גאַנצע שמחה.

ווען מיר זיינען צוגעפאָרן צום הויז, האָט זיך דערהערט אַ גע־זאַנג פון האַלב־שיכורע שטימען. פאָטער און מוטער זיינען אַרויס־געלאָפן צו אים אַנטקעגן, אַרומגעכאַפּט און געהאַלדזט אים, וויינענדיק און טענהנדיק: „זון אונדזערער, אויף וועמען לאָזסטו איבער אונדז, צוויי עלטערע מענטשן? ווער וועט אונדז העלפן אין אונדזער בעל־הביתישקייט?"

ווי נאָר די פרוי האָט מיך דערזען, לאָזט זי איבער איר אייגענעם זון און פאַלט צו צו מיר מיט אַ כליפּען: „און דו, עלנדער יתום, ווער וועט דיך באַוויינען? דו ביסט דאָך עלנד ווי אַ שטיין!" אירע ווערטער און איר געוויין האָבן מיר פאַרדריקטביים האַרצן. איך האָב זיך אַ ריס געטאָן פון אירע הענט און כ׳בין אַוועק אַ צעווייטיק־טער צו מיר אויפן קוואַרטיר.

צוויי וואָכן צייט גיט מען די „נאָוואָבראַנצעס" אויף צוגרייטן זיך. נאָך דעם מעלדן זיי זיך צום מיליטערישן הויפּט און פון דאָרט צעשיקט מען יעדערן אַהין, וואו ער דאַרף דינען.

די גאַנצע צייט האַלט מען אין איין הוליען און שיכורן. אַלע דאָרף־פּויערים זוכן מקרב זיין, פריילעך מאַכן די „נאָוואָבראַנצעס". מען עסט, מען טרינקט שנאַפּס, מען זשאַלעוועט ניט. אויך מיך האָט מען אַריינגעשלעפּט אין די הוליאַנקעס.

דער דאָרפישער דאָקטאָר, אַ קריסט וואָס האָט געהאַט אַ גע־שמדטע יידישע פרוי, האָט מיר געגעבן זיין „היתר", אַז איך מעג אַרומגיין מיט די כלאָפּעס און אַז כ׳דאַרף זיך ניט שעמען אַ ביסל אַ הוליע טאָן, כאָטש אַ פּאָליטישער.

צוליב מיר האָט מען אויך אַראַנזשירט אַ שטיקל שמחה, איך זאָל זיך ניט פילן געקריוודעט.

אַלע דאָרף־איינוואוינער זיינען געגאַנגען באַגלייטן די נאָוואָ־בראַנצעס מיט געזאַנג און מיט טרערן...

איך בין נאָך פאַרבליבן וואַרטן אויף מיינע פּאַפּירן פון פּעטער־בורג. דאָרטן האָט מען געדאַרפט פסקענען וואוהין שיקן דינען אַ פּאָליטישן פאַרשיקטן, ווי איך בין.

ווען איך האָב דערהאַלטן די ידיעה, אַז איך זאָל זיך מעלדן צום מיליטערישן הויפּט אין אַטשינסק, האָט מיין בעל־הביתטע געמאַכט פאַר מיר אַ זיי־געזונט שמחה, זי האָט צונויפגערופן די שכנים, געשטעלט בראַנפן. יעדערער האָט געבראַכט עפּעס אַ מתנה, ווער אַ פּאָר וואָלענע זאָקן, ווער שטיקלעך לייוונט אויף „פּאַרטיאַנ־קעס" (סאָלדאַטן נוצן עס אנשטאט זאָקן), און עטלעכע האָבן מיר קליינגעלט געגעבן.

ביים זעגענען זיך האָט די בעל־הביתטע געוויינט מיט ביטערע טרערן. דער גאַנצער פּערסאָנאַל פון באָלניצע (שפּיטאָל) — דער דאָקטאָר, די „פעלדשעריצעס" (נוירסעס) און דעם דאָקטאָרס פרוי, האָבן מיך באַגלייט ביזן עק דאָרף. אַלע האָבן זיך צעקושט מיט מיר, געוואונטשן מיר גליק, און מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ און מיט פייכטע אויגן בין איך אַוועק דינען פאָניען.

## איך פאַר דינען דעם „צאַר באַטיושקאַ"

דאָס איז שוין געווען ווינטער, 1903. קעלטן, שנייען, און זאַווערוכעס האָבן געבושעוועט, און איך האָב געמוזט פאָרן 450 וויאָרסט ביז אַטשינסק דינען דעם קיסר.

איך האָב געדונגען פּאָטשטאָווע פערד. אין יענער צייט, און אפשר אויך איצט, פלעגט מען דאָרט פירן די פּאָסט מיט פערד און וואָגן. די פערד זיינען גוטע, צוויי פערד געשפּאַנט אין דער לענג; דער שליטן — אָנגעפּאַקט מיט היי. אָנגעטאָן בין איך וואַרעם, אין אַ גרויסן פוטערנעם טולופּ און פון אויבן נאָך אַ פּעלץ פון ווילדע האָזן־פעלכלעך מיט די האָר אַרויף. פונדעסטוועגן כאַפּ איך אַ ציטער! די סיבירער וועגן זיינען שמאָלע און פאַרהאַרטעוועטע, איינגעפרוירענע און איינגעפּרעסטע פון די שינעס פון די שליטנס, וואָס גליטשן זיך איבערן שניי. ווען עס באַגעגענען זיך צוויי פורן,

מוז איינע לאָזן דעם וועג פאַר דער צווייטער, ווייל דער שניי אַרום וועג איז ווייך און טיף און די פערד קענען פאַרזונקען ווערן אינעם שניי: די סיבירער פערד שפּרינגען ווי געניטע אַקראָבאַטן. מען פאָרט און מען פאָרט אין דער שניי־ווייסקייט, הימל און ערד און אַלץ אַרום איז שניי־באַדעקט.

אַז מען קומט אָן אין אַ דאָרף, בייט מען איבער די פערד. מען קריגט אַ הייסן סאַמאָוואַר טיי, מען נעמט אַ טרונק בראַנפן, מען דערוואַרעמט זיך און — הײדאַ, ווייטער אין ווייטן וועג אַריין.

אַזוי בין איך געפאָרן 3 מעת־לעת נאָכאַנאַנד.

פאַרפאָרן אין אַטשינסק בין איך צום דר. פּאָקראָווסקי, דער זעלביקער וואָס האָט געזאָלט אַמאָל צוגרייטן מיין אַנטלויפן פון סיביר. ער איז אויך געווען אַ פּאָליטישער פאַרשיקטער פון פּעטערבורג. דאָ האָט ער פּראַקטיצירט מעדיצין. חתונה געהאַט האָט ער מיט אַ יידישער מיידל, אויך אַ פּאָליטישע פאַרשיקטע. מיט איר צוזאַמען בין איך געגאַנגען מיטן עטאַפּ פון מאָסקווע קיין סיביר, כ'האָב זיך דערפאַר געקענט מיט איר פון פריער. זיי האָבן מיך אויפגענומען זייער חבריש. איך האָב פאַרבראַכט ביי זיי איין מעת־לעת און כ'בין אַוועק זיך מעלדן צום מיליטערישן נאַטשאַלניק.

מען האָט מיך גלייך אָפּגעשיקט אין קאַזאַרמע, אין דעם מיליטערישן גאַרניזאָן וואָס שטייט אין אַטשינסק.

איך קום אַריין אין קאַזאַרמע מיט מיין סאָלדאַטן־קעסטל. עס איז אָוונט־צייט, די צייט פון „פּאָווערקע". איך הער ווי מען לייענט אויס, אַז אַ פּאָליטישער פאַרשיקטער, אַ „פּלעשצעניצער מעשטשאַנין" (דאָס מיינט מען טאַקע מיך אַליין) דאַרף זיין דאָ ביי אונדז אין קאַזאַרמע אונטער דער אויפזיכט פון קאָמאַנדיר און מען זאָל דער־פאַר באַשטימען צוויי סאָלדאַטן אַכטונג צו געבן אויף אים.

מיך האָט דאָס ווייניק געקימערט. איך האָב זיך גלייך געווענדט צום „דיזשורני" (סערזשאַנט) און געבעטן אָנווייזן מיר מיין בעטל. מיין דרייסטקייט האָט פאַרחידושט ניט נאָר די פּראָסטע סאָלדאַטן נאָר אַפילו די אונטעראָפיצירן און דעם סערזשאַנט. ס'טייטש, זעט, נאָך גאָר אַ „סערי", אַ „גרינער", און ווייס שוין די רעגולאַציעס און האָט גאָר קיין מורא ניט... מען האָט מיר אָנגעוויזן מיין בעטל. איך האָב אָראָפּגעצויגן די גאַנצע בעטגעוואַנט פון בעטל און אָנגע־

צויגן מיין אייגענעם ליילעך, קאָלדרע און קישעלע. דאָס האָב איך מיטגעבראַכט אין מיין סאָלדאַטן־קעסטל.

דער פעלדפעבעל און די איבעריקע עלטסטע זיינען צוגעקומען נעענטער צו מיר. איך האָב זיי איינגעלאַדן טרינקען טיי צוזאַמען מיט מיר.

איך האָב אַרויסגענומען צוקער, — אַ לוקסוס־זאַך אין סיביר — און מיר האָבן געטרונקען און געמיטלעך געשמועסט.

זיי האָבן זיך געסטאַרעט צו דערגיין ביי מיר, וואָס איז אַזעלכעס אַ „פּאָליטישער" און פאַרוואָס דאַרף מען מיך באַהאַנדלען אַזוי שטרענג.

מען האָט מיך באַהאַנדלט ניט ווי אַ „נאָוואָבראַנעץ" נאָר פּשוט ווי אַן אַרעסטאַנט. אפילו אויף נאַטירלעכע באַדערפעני‍שן האָט מען מיך אַליין ניט געלאָזט גיין. אומעטום און אַלעמאָל זיינען געווען שומרים.

איבערהויפּט אין דער פרי, ווען די סאָלדאַטסקע „קאַפּוסטע" און דאָס גראָבע שוואַרצע ברויט לאָזן זיך פילן, און איך דאַרף זוכן מיין „ניאַנע" זאָל מיך פירן „אַהין" ווי אַ קינד, איז עס ניט זייער אָנגענעם; אָבער איך פלעג בכיוון זיך אַרויפשטעלן אויפן בעטל און צעשרייען זיך אויפן קול: ניאַניאַ, איך וויל!.. זיי, מיינע היטער, האָבן אַזוי פיינט געהאַט צו הערן מיין ביטערן חוזק!

איינמאָל האָב איך געזאָגט דעם פעלדפעבעל, אַז איך וויל רעדן מיטן פּאָלקאָווניק. ער איז געווען אַן אַלטינקער, אַ גוטמוטיקער. אַלע האָבן אים גערופן „דיעדושקאַ" (זיידע).

אין איינעם אַ פרימאָרגן איז געקומען צו אונדז אַ גאַנצע כאַליאַסטרע אָפיצערן און אויך דער פּאָלקאָווניק מיט זיי. ער איז צוגעקומען צו מיר און געפרעגט: „ברודערקע, וואָס איז דיין פאַרלאַנג? וואָס ווילסטו איך זאָל טאָן פאַר דיר?"

— „וואַשע וויסאָקע בלאַהאָראָדיע", — זאָג איך, — „מיט וואָס האָב איך זיך פאַרזינדיקט, וואָס מען באַהאַנדלט מיך דאָ ווי אַ קרימינעלן פאַרברעכער? פאַר מיין חטא קעגן דער רעגירונג האָט מען מיך דאָך שוין באַשטראָפט. געזעסן אין טורמע, פאַרשיקט אין סיביר. איצט, אַז איך האָב אַליין געבעטן מען זאָל מיך לאָזן דינען דעם קיסר און מיין פאָטערלאַנד, האַלט מען מיך ווי אַ פאַרברעכער.

וואָס פאַר אַ סאָלדאַט בין איך, אַז מען שיקט מיט מיר אַ שומר אַפילו אין אַפּטריט? און אויב איך בין באמת אַזאַ שרעקלעכער פאַר־ברעכער, טאָ שיקט מיך בעסער אָפּ אין טורמע אַריין. דאָרטן וועל איך זיך פילן בעסער. איך וועל זיין פאַרשפּאַרט מיט אַלעמען גלייך."

נאָך מיין לאַנגער דרשה, האָט זיך דער אַלטינקער פּאָלקאָווניק פאַרטראַכט אַ ווײַלע און געזאָגט:

— "זון מיינער, ביסט גערעכט. איך זע, אַז דו ביסט אַ גאַנץ וואוילער יונג, קענסט זיין אַ בראַוועור סאָלדאַט, אָבער מיר איז אַזוי אַנגעזאָגט געוואָרן פון שטאַב. איך פערזענלעך קען גאָרניט טאָן פאַר דיר."

אַלע סאָלדאַטן אַרום מיר האָבן מיט וואונדער זיך צוגעהערט צו דעם שמועס. זיי האָט זיך גאָרניט געגלייבט, אַז אַ "סערי באַראַן" ("נאַאיווע קאַלב") זאָל האָבן אַזאַ קוראַזש צו רעדן מיט נאַטשאַל־סטווע. זיי האָבן פאַר מיר פון דאַן אָן געקראָגן גרויס דרך־ארץ.

אין אטשינסק בין איך אָבער געווען צייטווייליק. מיינע דאָ־קומענטן זיינען אַוועק קיין פּעטערבורג. פון דאָרט האָט מען גע־דאַרפט ענטפערן, וואו איך דאַרף דינען.

די ערשטע פאַראָרדענונג פון פּעטערבורג צו שיקן מיך קיין מינוסינסק האָט דער היגער מיליטערישער פאַרוואַלטונג אויסגעקוקט אומגלייבלעך. קיינמאָל האָט מען נאָך יידן ניט געלאָזט דינען אין מינוסינסקער גאַרניזאָן. בין איך דערווייל געווען אין אטשינסק און געוואָרט אויפן נייעם באַפעל פון פּעטערבורג.

איך בין נאָך אַרומגעגאַנגען אין מיינע ציוויליע קליידער: אַ שוואַרצע טוזשורקע, שוואַרצע הויזן פאַרגאַרטלט מיט אַ רימענעם פּאַס און שטיוול. איך האָב אויסגעקוקט האַלב סאָלדאַט, האַלב ציווילער.

כאָטש איך בין ניט געווען נאָך קיין פולער היגער תושב האָט זיך מיין אָפיציר פאַרוואַלט לערנען מיט מיר די סאָלדאַטישע תורה.

מיין "דיאַדקע", דער לערער־סאָלדאַט מיינער, האָט אַליין ניט גוט געקענט לייענען דעם "אוסטאַוו". ער פלעגט זיך נעבעך מוטשען צוזאַמענצולייגן די ווערטער.

איך האָב געבעטן ביים "דיאַדקע" באַווייזן מיר דאָס ביכל זיינס.

— „ביסטו דען אַ גראַמאַטנער ?" — פרעגט ער מיך.

איך האָב דורכגעלייענט דאָס האַנטבוך פון טאָוול ביז טאָוול, און כ׳האָב באַלד באַנומען די גאַנצע יווּנישע חכמה.

מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער פרעגט מיין אָפיציר דעם דיאַדקע: „וואָס הערט זיך מיטן חברהמאַן ? קענסט אים איינברעכן ?"

— „וואַשע בלאַהאָראַדיע, ער ווייסט בעסער פון מיר" — ענט־פערט אים מיין לערער־סאָלדאַט.

אַ צענדליק יונגע סאָלדאַטן, אויך מיך, האָט מען גענומען לער־נען ווי צו באַגיין זיך מיט אַ ביקס און די מושטיראַווקע. אַ טייל זיינען געווען אַזוי טעמפּ, אַז זיי פלעגן ניט פאַרשטיין דעם אָפיצירס קאָמאַנדע און האָבן געטאָן אַלץ פונקט קאַפּויר ווי מען האָט זיי געלערנט.

מיך האָט אָנגעכאַפּט אַ געלעכטער דערפון; אַז דער אָפיציר האָט דאָס דערזען איז ער צוגעלאָפן צו מיר מיט אַ רוסישן מי שברך, גענומען מיך זידלען און שרייען אויף מיר. „דו הינטישער זון! וואָס מיינסטו דיר, דאָס איז דיר בונטעווען אויף די פאַבריקן די אַרבעטער ? איך וועל דיך צוזאַמענדרייען, אַז דו וועסט דיינע אייגענע ניט דערקענען!"

ער האָט זיך אַזוי צעקאָכט, אַז אַ שוים האָט זיך באַוויזן ביי אים אויפן מויל אַזוי ווי ביי אַ משוגענעם הונט.

איך האָב זיך ניט פאַרלוירן, ניט דערשראָקן זיך, און געשמייכלט אים אַנטקעגן, ווייל איך האָב אין האַנט געהאַלטן די ביקס מיטן באַגנעט אָנגעטאָן...

ווען מיט אַ קורצער צייט שפּעטער איז געקומען צו מיר אין קאַזאַרמע דר. פּאָקראָווסקיס פרוי מיך באַזוכן, האָב איך איר דער־ציילט די גאַנצע פּאַסירונג. זי איז געווען אויסער זיך; זי האָט מיר געזאָגט: „וואַרט, איך וועל דאָס דערציילן מיין מאַן און ער וועט זי־כער דאָס ניט פאַרשווייגן". דר. פּאָקראָווסקי איז געווען דער מילי־טערישער דאָקטאָר. ווען ער האָט זיך באַגעגנט מיטן אָפיציר, האָט ער אויסגעגאָסן אַלע בייזע חלומות צו אים; ער האָט געסטראַשעט דעם אָפיציר מיינעם, אַז ער וועט דעם ענין איבערגעבן צו העכערער באַ־טשאַלסטווע.

און עס האָט געהאָלפן. ווען דער אָפיציר איז נאָכן מוסר גע־

קומען אין קאַזאַרמע, איז ער צוגעגאַנגען צו מיר מיט אַ ברייטן גוט־מאָרגן. „איר דאַרפט זיך מער ניט מושטירן ביי אונדז, ווייל מיר ווייסן, אַז מען וועט אייך ערגעץ אַנדערש טראַנספערירן צום דינען", — זאָגט ער מיר. און פרעגט מיך: „ווילט איר האָבן ביכער צום לייענען?"

**
*

אין דער שטאָט אַטשינסק האָבן געוואוינט ביי אַ 20 יידישע פאַמיליעס. אויך „פאַרשיקטע" האָבן זיך דאָ געפונען. עס האָט זיך געוואָלט אַרויס אין שטאָט, באַזוכן זיי און רעדן מיט זיי. אָבער מען האָט מיך געהאַלטן פאַרשפאַרט אין קאַזאַרמע און אין ערגעץ ניט אַרויסגעלאָזט.

אָנהייב 1903, ווען עס האָבן זיך גענומען אַרומטראָגן קלאַנגען וועגן מלחמה, איז אַדורכגעפאָרן אַטשינסק דער רוסישער קריגס־מיניסטער קוראָפּאַטקין. אונדזער גאַרניזאָן סאָלדאַטן זיינען אַרויס־געקומען צום באַן באַגעגענען דעם גאַסט אין אַ צערעמאָניאַלן מאַרש. ער האָט אַלעמען באַגריסט, און האָט באַפוילן אָפּלאָזן אַלעמען אויף אַ טאָג פריי און דערצו מכבד זיין יעדערן מיט משקה.

איך האָב אויסגענוצט די יום־טובדיקע שטימונג און כ'בין אַריין צום פאָלקאָווניק אין קאַנצעלאַריע. ער איז געווען צוליב דער שמחה זייער אויפגעלייגט. איך האָב אים געבעטן, אַזוי ווי איך האָב ניט קיין גראָשן געלט, ווייל איך ביי זיין „וויסאָקאָ־בלאַגאָראָדיע" בעטן אַ דערלויבעניש אַריבערגיין אין שטאָט, זען זיך מיט פריינד און קריגן אַ פּאָר גראָשן. איך האָב געהאַט מזל — ער האָט מיר דערלויבט גיין, נאָר מיטן פעלדפעבעל.

איך האָב אַריינגערוקט אַ רובל דעם פעלדפעבעל; ער איז אַוועק ערגעץ שיכורן און איך — צו די חברים אין שטאָט.

אַלע האָבן זיך דערפרייט מיט מיר. צווישן זיי איז אויך געווען די חברטע צביה לעווין מיט וועמען איך בין צוזאַמען אַרעס־טירט געוואָרן אין איהומען.

איך האָב פאַרבראַכט ביי זיי אַ גאַנצן טאָג, גערעדט און גע־שמועסט און דערציילט פון אַלץ און פון אַלעמען. דאָס איז געווען דאָס איין און איינציקע מאָל, וואָס איך בין געווען אין דער שטאָט אַטשינסק.

עס איז געקומען אַלץ נעענטער צו פּסח און עס האָט זיך פאַר־בענקט נאָך אַ יידישן יום־טוב.

איינמאָל קומט צו מיר אין קאַזאַרמע אַ יידישע פרוי, גאַנץ בעל־הביתיש געקליידט און זאָגט צו מיר, אַז זי האָט געהערט אַז מיין נאָמען איז פּרעסמאַן, בכן זיינען מיר אפשר קרובים. זי בעט מיך אָנפרעגן ביי מיינע עלטערן און אויסגעפינען וועגן דעם. דערווייל האָט זי מיך פאַרבעטן צו זיך אַהיים אויף פּסח.

איך האָב ניט געקענט גיין, ווייל כ׳האָב ניט געקראָגן קיין דער־לויבעניש דערויף; פלעגט זי מיר ברענגען אין קאַזאַרמע אַריין פּסחדיקע קניידלעך, מצה מיט געבראָטענע הון. די סאָלדאַטן אַרום האָבן מיך מקנא געווען.

## מיין טראַנספער אין דער שטאָט מינוסינסק

ביזן חודש יולי 1903 האָט מען מיך געהאַלטן און דערנאָך האָט מען מיך אַריבערגעשיקט דינען אין דער שטאָט מינוסינסק.

ניט פריי בין איך געפאָרן; ווען מען האָט געשיקט מיטן עטאַפּ אַ פּאַרטיע אַרעסטאַנטן קיין מינוסינסק האָט מען מיך אויך צוגעזעצט.

אמת, מען האָט מיך באַהאַנדלט אַ ביסל איידעלער, ניט ווי אַן איינפאַכן אַרעסטאַנט. געגעסן און געשלאָפן האָב איך מיטן קאָנוואָי און ניט מיט די אַרעסטאַנטן.

זומערצייט זיינען די סאָלדאַטן געווען אין אַ לאַגער הינטערן שטאָט. איך האָב געקראָגן אַ דיאַדקע, — אַ לערער־סאָלדאַט — צו לערנען די סאָלדאַטסקע תורה, אָבער איך האָב עס שוין פון פריער געקענט אויף אויסווייניק.

אין דריי וואָכן אַרום בין איך געגאַנגען צום עקזאַמען אויף שיסן אין ציל, און בין אַרויס „צווייטע מדרגה שיסער״; אַלע האָבן מיך באַוואונדערט, איך האָב נושא חן געווען אין די אויגן פון נאַטשאַלסטווע.

אויף „אוטשעניע״ ביי די איבונגען, ווען די איבעריקע סאָלדאַטן פלעגן מאַכן עפּעס ניט גוט, האָט דער אָפיציר אָנגעוויזן אויף מיר

און געזאָגט: „אָט זעט, אָט האָט ער זיך אויסגעלערנט אין איינע צוויי וואָכן און איר, הינטישע זין, קענט עס ניט אויסלערנען אין צוויי יאָר."

אָבער צו מיין „נאַדזאָר" האָט מיין נושא־חן זיין גאָרניט געהאָלפן. ווידער האָב איך געהאַט צוויי סאָלדאַטן שומרים. אמת, שוין ניט אַזוי שטרענג ווי דאָרטן אין אַטשינסק — איך האָב שוין געמעגט אַרויסגיין אויפן הויף אַליין... אָן מיינע „ניאַניעס". אין שטאָט אַריין האָט מיך תמיד עמעץ געפירט.

פּאַסירט אַמאָל אַזאַ זאַך: דער פעלדפעבעל מאַכט אויס אין דער פרי דעם סדר־היום וועמען צו שיקן אויפן קאַראַול (וואַך) און אויף די איבעריקע סאָלדאַטן־פליכטן, און ער שטעלט מיך אויך אַרויף אויפן צעטל פון „וואַך". איך האָב זיך זייער דערפרייט, און טראַכט ביי זיך: קומענדיק צוריק פון קאַראַול, ווען מען לאָזט אָפּ די סאָל־דאַטן אין שטאָט אַריין פאַרברענגען, וועל איך זיך אויך בעטן אַ דער־לויבעניש.

געהיט האָבן מיר אַ טורמע מיט קרימינעלע פאַרברעכער. מיר פלעגן באַוואַכן אַרום דער תפיסה.

צוריקקומענדיק האָב איך געבעטן גיין אין שטאָט אַריין און איך בין אַוועק פריי ווי אַלע.

צום שלימזל דאַרף מיר באַגעגענען אין שטאָט אונדזער קאָ־מאַנדיר. ער פרעגט מיך גלייך: „ווער האָט דאָס דיר געגעבן די דערלויבעניש אַליין, אָן אַ שומר, צו גיין אין שטאָט?"

איך ענטפער אים: „אויב מען שיקט מיך אויף קאַראַול און מען געטרויט מיר אָן דעם פּאָסטן פאַר אונדזער צאַר אימפּעראַטאָר, איז פאַרוואָס געטרויט מען מיר ניט גיין אַליין אין שטאָט?"

— „ווער האָט דיך דען געשיקט אויף קאַראַול?" — בייזערט ער זיך. — „דער פעלדפעבעל, אייער הויכקייט", — ענטפער איך אים. — „ווייס דען ניט דער פעלדפעבעל אַז אַ פּאָליטישן פאַרשיקטן טאָר מען ניט שיקן אויף אַזעלכע פּאָסטנס?" — שרייט ער, און האָט מיך צוריקגעשיקט אין לאַגער אַריין און אָנגעזאָגט, אַז מער זאָלן ניט פּאַסירן אַזעלכע טעותן.

דאָ אין מינוסינסק האָב איך זיך געפילט אַ סך בעסער ווי אין

אַטשינסק, געהאַט דאָ אַ סך באַקאַנטע, צווישן זיי אויך מיינע פריער־דיקע חברים.

איך פלעג זיי אָפט באַזוכן און דאָרט אינטערעסאַנט פאַר־ברענגען. נאַטירלעך, תמיד מיטן שומר. אָבער איך פלעג שוין ווי ס׳איז אויסריכטן מיין סאָלדאַט ערגעץ אַנדערשוואו, און איך בין געגאַנגען צו מיינע פריינד.

אין מינוסינסק האָט זיך געפונען אַ יידישע פאַמיליע, די פאַ־מיליע ווילנער, אַ רייכער סוחר. זיי האָבן געמעגט וואוינען דאָ, ווייל דער סוחר האָט געהאַט אַ פאַטענט פון ערשטער גילדע. זיי זיינען געווען אָרטיקע סיבירער געבוירענע, זייער יידיע איז נאָך געווען דאָ אַ פאַרשיקטער.

אין דער שטאָט מינוסינסק, אַחוץ דער פאַמיליע ווילנער, איז מער קיין יידן ניט געווען.

באַקענט מיט זיי האָב איך זיך דורך אַ צופאַל.

זומער 1902 איז קיין מינוסינסק אַריבערגעשיקט געוואָרן פון טורכאַנסק אַ פאָליטישער פאַרשיקטער מיטן נאָמען דראַפּקין. ער איז געווען אַ האָמליער, מען האָט אים געגעבן די דערלויבעניש צו פאַר־ענדיקן זיין „נאַדזאָר" אין מינוסינסק, ווייל ער האָט געליטן פון שווינדזוכט.

איך בין געווען דער יינגסטער פון אַלע פאָליטישע פאַרשיקטע אין מינוסינסק. אויף מיר איז אויסגעפאַלן דער גורל אַכטונג צו געבן אויפן קראַנקן חבר דראַפּקין. לאַנג האָט ער אונדז אַלעמען ניט „דערקוטשעט". אין אַ פּאָר מאָנאַטן אַרום איז ער געשטאָרבן.

מיר האָבן זיך דאַן געווענדט צום הער ווילנער, ער זאָל אונדז געבן סחורה אויף תכריכים. מיר האָבן באַשטעלט אַ גוי און ער האָט דעם מת אַרומגעוואַשן און אָנגעטאָן די תכריכים.

מיר האָבן דעם מת אַרויפגעלייגט אויף אַ וואָגן, אַוועקגעפירט צו אַ באַרג הינטערן שטאָט און דאָרטן געבראַכט אים צו קבר ישראל.

און אָט אין דער פאַסירונג האָב איך זיך מער באַטייליקט ווי די איבעריקע חברים. איך בין אַפילו אַליין געווען דער קברות־מאַן. אויף מיר האָט דאָס געמאַכט אַ שוידערלעכן איינדרוק און ס׳האָט שטאַרק געווירקט אויף מיינע נערוון.

נאָך אָט דער דאָזיקער פּאַסירונג האָב איך אַ לאַנגע צייט ניט געהאַט קיינע פאַרבינדונגען מיט דער פאַמיליע ווילנער.

אַ סך שפּעטער, ווען איך האָב שוין אַ קאָרגן יאָר אָפּגע־דינט אַלס סאָלדאַט אין מינוסינסק, האָבן זיך די ווילנערס דערמאָנט אַז אַ יידישער סאָלדאַט געפינט זיך אין שטאָט, אין אָרטיקן גאַרניזאָן.

די ווילנערס זיינען געווען מלא־שמחה. זיי פלעגן מיך נעמען צו זיך אויף אַלע יום־טובים. מיר זיינען געוואָרן זייער באַ־פריינדעט.

עס איז אינטערעסאַנט די ווילנערס׳ אָפּשטאַמונג, כאַראַקטערס און באַציאונגען צו מענטשן.

געבוירן געוואָרן איז ווילנער אין אַ דאָרף, אַרום 25 וויאָרסט פון מינוסינסק, יעניסייסקער גובערניע. זיין פאָטער האָט געהאַנדלט מיט בהמות, אָקסן און שעפסן. ער האָט אויך געהאָדעוועט יונגע הירשן. פרילינגצייט פלעגט מען ביי די הירשן אָפּשניידן זייערע הערנער און פאַרקויפן קיין דייטשלאַנד; מען פלעגט מאַכן דערפון אַ געוויסע מעדיצין.

ווילנערס פאָטער איז געווען אַ פשוטער ייד, זיינע עלטערן זיינען געווען פאַרשיקט קיין סיביר.

געווען איז ער אַ שטאַרק־געבויטער, אַ ברייט־פּלייציקער, אַ ייד מיט אַ גוטער נשמה. ער האָט אָפּגעהיט דאַוונען און אַלע יידישע יום־טובים. זיין פרוי — דאָס זעלביקע: אַ פעסטגעבויטע און גוטע פרוי, זי האָט אַכטונג געגעבן אויפן הויזגעזינד און אויף דער באַלעבאַ־טישקייט.

זיי האָבן געהאַט דריי טעכטער און דריי זין. די זין האָבן גע־קראָגן אַ יידישע רעליגיעזע דערציאונג.

ווילנער אַליין, דער איצטיקער גרויסער סוחר, האָט ביז זיין חתונה געפיטערט די שעפסן פון זיין פאָטער, איז געווען אָנגעטאָן ווי אַן איינפאַכער דאָרפישער שייגעץ. ווען ער האָט געדאַרפט פאָרן אָנקוקן זיין כלה, האָט ער צום ערשטן מאָל אָנגעטאָן אַ רימענעם רעקל.

זיין כלה, די שפּעטערדיקע ווייב זיינע, האָט געוואוינט אין

אַטשינסק, אַן אויעזדנע שטעטל אַרום 350 מייל פון זיין היים, אויף יעניסייסקער גובערניע, מזרח־סיביר.

נאָך דער חתונה האָט ווילנער גענומען האַנדלען. יעדע וואָך קומט דאָרטן פאָר אַ גרויסער מאַרק־יאַריד. דער עיקר איז אין מינוסינסק שטאַרק אַנטוויקלט דער האַנדל מיט פאַרשיידענע מינים רויכוואַרג, פון קאָסטבאַרע סייבלס ביז פשוטע פעל פון בהמות.

אין דער געגנט אַרום מינוסינסק זיינען פאַראַן ספּעציעלע יעגערס. זיי לאָזן זיך אַוועק אין די סיבירער טייגעס (וועלדער) אויף גאַנצע 4־3 חדשים און פאַרנעמען זיך דאָרטן מיט כאַפּן סייבלס.

זייער כאַרטש באַשטייט פון סוכאַרעס, געפרוירענע פלייש און פיש, וואָס זיי נעמען מיט זיך אויף דער יאַגד־צייט.

צום שלאָפן האַקן זיי אָן צווייגן פון דיביימער, שפּרייטן עס אויס אויפן שניי, לייגן פאַנאַנדער אַ פייער און, שלאָפנדיק, וואַרעמען זיי זיך אַרום פייער.

זיי גליטשן זיך אויף „ליזשעס״ (סקיס אַזעלכע).

די סייבלס כאַפּט מען מיט פּאַסטקעס, בכדי ניט צו שעדיקן די פעל.

עס זיינען פאַראַן פאַרשיידענע מינים יעגערס. פאַראַן אויך אַזעלכע, וואָס גיבן זיך אָפּ בלויז מיט כאַפּן בערן. בערן־יעגערס האָבן ביי זיך בלויז אַ קינזשאַל. ווען דער יעגער שפּירט אויס וואו אַ נאָרע פון אַ בער געפינט זיך, גייט ער גלייך קעגן דעם בער. דער בער שטעלט זיך דיבאָם אויף די הינטערשטע פיס, און וויל צעקוועטשן דעם יעגער, אָבער דער יעגער מוז זיין פלינקער פון דעם בער און בליצשנעל אויפשניידן דעם בערס בויך.

מיט איין וואָרט, דער אויבנדערמאָנטער ווילנער האָט אָנגעהויבן פון רויכוואַרג־האַנדל. ער פלעגט דאָס פאַרקויפן צו די גרעסערע סוחרים, ווייל קיין צופיל געלט האָט ער אַליין ניט געהאַט.

האָט פּאַסירט אַזאַ זאַך: ווילנערס אַ גוטער פריינד, אַ קריסט, אַ רייכער מאַן, האָט פאַרגעלייגט ווילנערן, אַז ער וועט אים אויסלייען עטלעכע טויזנט רובל און זאָל ער אַליין עפענען אַ געשעפט; ווילנער וועט אים אָנהייבן אויסצאָלן דעם חוב דעמאָלט, ווען ער וועט זיך פילן בכוח, און ווילנער האָט אַזוי געטאָן.

פון דעמאָלט אָן האָבן זיך זיינע געשעפטן צעוואַקסן פון טאָג צו טאָג.

ווילנערס בוכהאַלטער האָט מיר איינמאָל געזאָגט, אַז זייער בילאַנס מאַכט אויס אַרום אַ האַלבן מיליאָן רובל יערלעך. די ווילנערס האָבן געלעבט זייער רייך. ביידע זיינען געווען זייער פרום, סיי וויל־נער און סיי זיין פרוי האָבן געדאַוונט דריי מאָל אַ טאָג.

ווילנער האָט געהאַט זייער אַן איידעלן אויסזען. געווען איז ער פון מיטעלן וואוקס, געטראָגן אַ שוואַרץ בערדל און געגאַנגען גע־קליידט אויפן אייראָפּעאישן שטייגער.

ער האָט פאַרמאָגט אַ דימענטן האַרץ. צו טאָן עמעצן אַ טובה איז ביי אים געווען דאָס גאַנצע לעבן.

די פאַמיליע ווילנער האָט זיך געלעבט גאַנץ רואיק. די באַצי־אונגען מיט די איבעריקע קריסטלעכע סוחרים איז געווען זייער אַ האַרציקע און אַ פריינדלעכע.

איין זאַך איז זיכער: מען האָט אין סיביר ניט געליטן פון דער אַנטיסעמיטישער קרענק. די סיבירער באַפעלקערונג איז געווען ריין פון דער דאָזיקער מכה.

דאָס מאַטעריעלע לעבן אין סיביר איז געווען זייער גוט, אָבער דאָס גייסטיקע און קולטורעלע לעבן איז געווען זייער אָרעם. די דאָרטיקע יידן זיינען געווען פאַרבונדן צווישן זיך בלויז דורך רעליגיע, טראַדיציע, אָבער ניט געפירט קיין יידיש קולטורעל אָדער געזעל־שאַפטלעך לעבן.

אָט איז אַ פּאַסירונג, וואָס עס איז כדאַי צו פאַרצייכענען. אַ סאָל־דאַט, אַ סובאָטניק, איז אָנגעקומען דינען אין גאַרניזאָן צו אונדז, דאָס איז געווען אין 1904־טן יאָר. איך האָב קיין אָנונג ניט געהאַט ווער ער איז. אויסערלעך האָט ער אויסגעקוקט ווי אַלע אַנדערע סיבירער „כלאָפּעס". אַ שטיקל צייט פאַר פּסח האָט מען אָנגעגעבן אין „פּרי־קאַז" (באַפעל) אָפּצולאָזן פריי אויף פּסח אַלע סאָלדאַטן פון יידישן גלויבן.

איך בין איבעררעאַשט געוואָרן ווען איך האָב געהערט אַז צוזאַמען מיט מיר האָט מען „באַפרייט" נאָך איינעם אויף יום־טוב. און איך האָב גאָר געמיינט די גאַנצע צייט, אַז איך בין דאָ דער איינציקער יידי־שער סאָלדאַט.

מיין פעלדפעבעל האָט מיר שפּעטער איבערגעגעבן, אַז דער סאָלדאַט איז פון יידישן גלויבן, אַ סובאָטניק.

מיר, — דער סובאָטניק און איך, — זיינען בײדע אַוועק צו די ווילנערס צו די סדרים. איך האָב געשמאַק געזאָגט מיט אַלעמען די הגדה.

ווען עס איז געקומען צום טרינקען די אַרבע כוסות איז דער סובאָטניק־סאָלדאַט געזעסן און האָט אַלעמען אָנגעקוקט. זאָגט צו אים דער הער ווילנער: „וואָס קוקסטו?" נעם דעם כוס, מאַך שהכל און טרינק! („סקאָזשי שהכל דאָ אי וויפּי"), דער סובאָטניק האָט אַ נעם געטאָן דאָס גלעזל און האָט אַ זאָג געטאָן: „שהכל" און אַריינגעקערט ביזן דעק. מיט דעם האָט ער יוצא געווען דעם גאַנצן סדר.

ווילנער האָט מיר אָנגעבאָטן אויסצולייען געלט צו עפענען דאָרטן אַ געשעפט, אויב איך וויל פאַרבלייבן וואוינען אין מינוסינסק.

איך האָב זיך אָפּגעזאָגט, ווייל איך האַלט פון דעם פּסוק: „כי לא על הלחם לבדו יחיה האדם". בלויז מיטן זאַט מאַכן דעם מאָגן, קאָן אַ מענטש ניט זיין צופרידנגעשטעלט. יעדער מענטש מוז האָבן, אחוץ פאַרן גוף, אויך עפּעס פאַר דער נשמה.

אַז איך האַלט שוין ביים דערציילן וועגן סיביר, וועל איך מיר שוין אויך דערלויבן צו דערציילן וועגן אַ מלמד דאָרטן, וואָס האָט געלערנט מיט אַ יידיש יינגל יידישקייט.

לאָמיך אייך קודם־כל קלאָר מאַכן, פונוואַנען עס נעמט זיך אין סיביר אַ ייד, וואָס פאַרנעמט זיך מיט קנעלן.

ווי באַוואוסט, האָבן יידן ניט געהאַט קיין וואוינרעכט אין סיביר. די מערסטע סיבירער יידן זיינען דאָרטן געווען פאַרשיקטע, און האָבן דאָרטן ניט געהאַט קיין שום בירגערלעכע רעכטן.

ניט אַלע פאַרשיקטע זיינען דאָך געווען געפערלעכע קרימינעלע פאַרברעכער; אַ סך פון די דאָזיקע „קרימינאַלן" זיינען אַריינגעפאַלן אומשולדיקערהייט צוליב עפּעס אַ בילבול. צום ביישפּיל: אַ ייד האָט פאַרמאָגט ערגעץ אין אַ שטעטל אַ הויז אָדער אַ קליין קרעמל; האָט זיך געמאַכט אַ שרפה און ס'איז פאַרברענט געוואָרן זיין כאַ־לופּקע. עמעצער, אַ מסור, האָט אונטערגעטראָגן „וואו מען דאַרף" אַ מסירהלע, אַז דער פייער איז אַ „געמאַכטער". פאַר אַזאַ „פאַר־ברעכן" האָט מען אים, דעם נישרף, געגעבן „פּאָסעלעניע", דאָס הייסט

אים פאַרשיקט קיין סיביר, און „לישען וסעך פּראַוו״, צוגענומען ביי אים אַלע בירגערלעכע רעכט.

אַזאַ אומגליקלעכער קרבן, ווען ער איז אָנגעקומען קיין סיביר, נאָך לאַנגע חדשים, און אַמאָל נאָך יאָרן וואַנדערונגען, פון איין תפיסה אין אַ צווייטער, איבערן לאַנגן שליאַך קיין סיביר, אַ געשמידטער אין קייטן — קומט אָן אינגאַנצן אַ צעבראָכענער מענטש, עלנד און פאַרלאָזן פון זיין היים און הויזגעזינד.

איז וואָס טוט אַזאַ מענטש ? נעמט ער זיך אַרומשלעפּן, וואַנדערן פון דאָרף צו דאָרף, ביז דער דאָזיקער „שרעקלעכער פאַרברעכער״ דערשלאָגט זיך ערגעץ צו אַ יידן. מאַכט זיך גראָד, אַז יענער ייד, וואָס ער טרעפט אָן, האָט אַ פּאָר יינגלעך אין חדר־עלטער, הייבט דער וואָגלער אָן לערנען מיט די דאָזיקע קינדער.

וואָסער ייד קאָן דאָס ניט לערנען זאָגן עברי ?

איז דאָס פאַר אַלעמען אַ גוטער שידוך און אַזאַ ייד ווערט אַ מלמד.

מיט אַט אַזאַ מלמד האָב איך זיך אָנגעטראָפן, ווען איך בין געווען מיט ווילנערן ביי זיין פאָטער אין דאָרף. פאַר מיר איז די באַגעגעניש געווען זייער טשיקאַווע.

דער מלמד איז געווען אַ ייד אין די מיטעלע יאָרן, אַרום די פופציקער, פון מיטעלן וואוקס ; אויפן קאָפּ — אַ גרויסע סיבירער קוטשמע, אין אַ לאַנגן טולופּ (פּעלץ), אָן אַרומגעשוירן שוואַרץ בערדל מיט סימנים פון גרוילעכע האָר.

געלערנט האָט ער דעם תלמיד זיינעם ציצית־בענטשן. דאָס יינגל האָט נאָכגעזאָגט דעם רבינס ווערטער מיט אַ צעהרגעטער עברי.

ווען דער יינגל האָט פאַרענדיקט דאָס ברכה מאַכן, זאָגט צו אים דער מלמד : „טשטאָ סמאָטריש, פּאָצאַלאָוואַט נוזשנאַ״ (וואָס קוקסטו, גיב אַ קוש !).

אַזאַ קנעלן איז אַ גוטע פּרנסה אין סיביר. ערשטנס, איז דאָך שווער צו קריגן דאָרטן עמעצן, ווער ס׳זאָל קענען לערנען מיט די קינדער און, צווייטנס, זוכט מען ניט אין סיביר קיין מציאות.

די עלטערן זיינען צופרידן, וואָס מען האָט די מעגלעכקייט צו לערנען זייערע קינדער כאָטש וויפיל ניט איז.

מאַטעריעל האָט זיך געלעבט דאָרטן דעם ביסעלע יידן גאַנץ גוט. יעדערער האָט זיך באַשעפטיקט מיט מסחר.

„יידישקייט״ און יידישע קענטעניש אין דעם פאַרוואָרפענעם קאַלטן סיביר איז געווען כמעט אויף דער זעלבער מדרגה, ווי די דורכ־שניטלעכע „יידישקייט״ אין אַמעריקע מיט יאָרן צוריק.

אַ פּראָבלעם, און אַ שווערע, איז ביי די סיבירער יידן ווען מען דאַרף חתונה מאַכן אַ קינד. עס איז שווער צו קריגן אַ יידישן חתן־בחור אָדער אַ כלה־מיידל אין סיביר.

איינע פון די ווילנערס שוועסטער האָט חתונה געהאַט מיט אַ בחור, וואָס האָט געוואוינט ווייט פון זיי, אַ פּאָר טויזנט וויאָרסט, אַזש אין טאָמסק. מען האָט דעם חתן אַריבערגעבראַכט פון ווייטן טאָמסק אין דאָרף אַריין, וואו דער כלהס פאָטער האָט געוואוינט, און מען האָט פאַר אים געעפנט אַ גרויס געשעפט, פאַרזאָרגט זיי מיט פּרנסה און די יונגע פּאָרפאָלק האָט זיך געלעבט אָן זאָרג.

וואָס עס איז געוואָרן מיט יענע יידן אונטער דער ממשלה פון די באָלשעוויקעס ווייס איך ניט.

אין 1941 האָב איך זיך באַגעגנט מיט אַ פאַמיליע דאָ אין ניו־יאָרק, געבוירענע סיבירער. אַהערגעקומען זיינען זיי פון שאַנכאַי. זיי האָבן מיר איבערגעגעבן, אַז אַ סך סיבירער יידן געפינען זיך איצט אין שאַנכאַי. אויך איינעם פון די ווילנערס האָבן זיי געטראָפן דאָרטן אין שאַנכאַי.

* * *

סוף זומער, די סאָלדאַטן זיינען צוריקגעקומען פון לאַגער און מען האָט זיך גענומען איינאָרדענען אויף ווינטער, בין איך אַוועק אַרבעטן אין „שוואַלניע״ (מיליטערישער שניידער־וואַרשטאַט). צופע־ליק האָט זיך מיין קאָמאַנדיר דערוואוסט, אַז כ׳בין אַ שניידער. ער איז גאָר געווען אין זיבעטן הימל פאַר פרייד.

איך האָב ניט גענייט פאַר אַלע סאָלדאַטן, נאָר פאַר זיין אייגענעם הויז־געזינד און פאַר אים אַליין. דער קאָמאַנדיר איז געווען אַ שלעכטער, אַ בייזער. ער פלעגט שלאָגן די סאָלדאַטן. עס איז ניט געווען די וואָך, ער זאָל עמעצן ניט אָפּגעבן „פּאָד סוד״, צום מיליטערישן געריכט. מיט מיר אָבער האָט ער געלעבט גוט און אַפילו מיך רעספּעקטירט.

איינמאָל גיט ער מיך אַ פרעג: „זידלען דיך די סאָלדאַטן? רופן זיי דיך זשיד? זאָג מיר, און כ׳וועל זיי באַשטראָפן דערפאַר.“

די סאָלדאַטן האָבן אָבער, דאַכט זיך, אַפילו ניט געוואוסט, אַז איך בין אַ ייד; אַז רוסיש האָב איך גערעדט גוט, אָן קיין שום אַקצענט; אַחוץ דעם בין איך געווען אַ כוואַטסקער סאָלדאַט, זיך קיינמאָל ניט געפירט ווי אַ נעבעכל. כ׳האָב זיך צום גליק ניט גע־קענט באַקלאָגן פאַר מיין קאָמאַנדיר אויף באַליידיקונגען מצד די גויים.

## רוסיש-יאַפּאַנישע מלחמה

דאָס יאָר 1904. עס ברעכט אויס די מלחמה צווישן רוסלאַנד און יאַפּאַן. אונדזער קאָמאַנדיר איז געקומען באַגריסן די סאָלדאַטן. ער האָט געהאַלטן אַ פּאַטריאָטישע דרשה. אַלע סאָלדאַטן ענטפערן אָפּ: „ראַד סטאַראַטסיאַ, וואַשע בלאַהאָראָדיע.“

און כאָטש אַלע האָבן עס אויסגעשריען אין איין קול איז דאָך אויפן האַרצן ניט זייער פריילעך געווען.

איך האָב געטראָפן מיין קאָמאַנדיר אין קאַנצעלאַריע און אים אַ פרעג געטאָן: „וועט עס טאַקע אויסקומען גיין אויף מלחמה?“

— „אויב נאָר מען וועט מיך ניט אָוועקשיקן פון דאַנען“, — זאָגט דער קאָמאַנדיר, — „און כ׳וועל ווערן דאָ דער קאָמענדאַנט, וועסטו אויך פאַרבלייבן דאָ מיט מיר.“

מען האָט גענומען אויסריכטן סאָלדאַטן צום שלאַכטפעלד. די ערשטע אויפן פייער זיינען געווען פון די דינסט־יאָרן 1901—1902 און די איבעריקע פון מיין יאָר, 1903.

די סצענע איז געווען רירנדיק. די סאָלדאַטן וועמעס נעמען מען האָט אויסגערופן צו גרייטן זיך אויף אַוועקגיין, האָבן גענומען ברעכן זייערע קעסטלעך און צעוואַרפן אַלץ, וואָס זיי האָבן אָנגע־גרייט אויף מיטנעמען אַהיים, ווייל זיי האָבן דאָך גערעכנט באַ־פרייט ווערן סוף יאָר, און דאָ פּלוצים גאָר אַ מלחמה. זייער גאַנץ פאַרביטערט האַרץ האָבן זיי אויסגעלאָזט צום ביטערן טראָפן.

דער גאַנצער גאַרניזאָן מיליטער איז געגאַנגען באַגלייטן די אָפּ־

פאַרער. אַלע האָבן זיך אָפּגעשטעלט לעבן קלויסטער. דער גלח איז אַרויסגעגאַנגען, האָט אַלעמען געבענטשט און געבעטן גאָט פאַר זיי. אַלע האָבן געקניט פאַר די הייליקע איקאָנעס, נאָר איך איינער פון דעם גאַנצן גאַרניזאָן בין געבליבן שטיין, איין ייד פון אַ גאַנצער בריגאַדע. דאָס האַרץ האָט פאַרקלעמט אויפן געדאַנק, אַז אָט די אַלע מענטשן זיינען קאַנאָנען־פלייש פאַר די יאַפּאַנישע האַרמאַטן.

עס האָט זיך אָנגעהויבן די מאָביליזאַציע. מען האָט גענומען דעם רעזערוו פון 45־יאָריקע — זיידעס מיט גרויע בערד (דאָרטיקע פּויערים האָבן יונג חתונה).

עס איז ניט געווען גענוג קאַזאַרמעס, האָט מען אַ טייל אויף קוואַרטירן צעשטעלט.

די וואָס האָבן ניט געהאַט קיין שיך, פלעגט מען געבן 6 רובל אויף קויפן זיך שטיוול. אייניקע פלעגן קומען אומישנע באָרוועס, כדי צו קריגן די 6 רובל און דערנאָך אַ הוליע טאָן.

גאַנץ אָפּט האָט מען געטראָפן אין גאַס אַ באָרוועסן סאָלדאַט מיט אַן אַלט מאָדישער ביקס, אַ „בערדיאַנקע״, אַ האַלב שלאָפנדיקן און אַ היפּש ביסל אונטערגעשנאַשקעטן.

פאַר אונדזער גאַרניזאָן האָט מען איינגעקויפט פערד און מיר זיינען געוואָרן רייטערס. מיר האָבן זיך גענומען לערנען אַ נייע תורה ווי אַרומצוגיין מיט אַ פערד. אייניקע פון אונדז האָט מען אַוועקגעשיקט אין אויספאָרשונג־אָטריאַד, אָבער ביז עס איז געקומען מיך אַוועקצושיקן אויפן מלחמה־פראָנט, האָט זיך דערווייל די מלחמה געענדיקט.

## פּאַסירונגען און עפּיזאָדן אין סיביר

כאָטש איך בין געווען אַ סאָלדאַט, און דערצו נאָך אַ פּאָליטישער פאַרשיקטער, דאָך האָב איך אומעטום און אַלעמאָל געקעמפט פאַר מיין זעלבסטווירדע, ניט דערלאָזט קיינעם מיך באַליידיקן, און דערצו נאָך פאַרשפּרייט פּאָליטישע אויפקלערונג צווישן זיי.

אָט זיינען עטלעכע כאַראַקטעריסטישע פּאַסירונגען:

17 אָקטאָבער 1905. עס האָבן זיך גענומען דערטראָגן אָפּגע־ריסענע ידיעות פון פּעטערבורג און פון מאָסקווע וועגן גרויסע אומ־רוען, און אַז די רוסישע רעגירונג גיט אַ קאָנסטיטוציע דעם פאָלק. די פּאָליטישע פּאַרשיקטע פון שטאָט האָבן גענומען צוגרייטן אַ מאַסן־פאַרזאַמלונג ווי אויך אַ דעמאָנסטראַציע.

אויך איך בין געווען אין דעם אַריינגעטאָן, נאָר, נאָטיר־לעך, האָב איך זיך געדאַרפט האַלטן פון דער ווייטן, ניט וואַרפן זיך אין די אויגן. עס איז צו ריזיקאַליש פאַר אַ סאָלדאַט זיך בונטעווען און מישן זיך אין אַזעלכע פּאָליטישע פאַרזאַמלונגען. דאָך האָב איך געקענט עפּעס טאָן, ווייל צו יענער צייט איז דאָס עקסטרא היטן מיך שוין געוואָרן זעלטענער און שוואַכער ביז עס איז אינגאַנצן בטל געוואָרן אָפיציעל.

אַ גרויסער עולם האָט אָנגעפּאַקט דעם „פּושקינסקי דאָם", אַ גרויסער זאַל. די רעדנער זיינען געווען מערסטנס פון די פּאָליטישע פאַרשיקטע. אַלץ איז דורכגעגאַנגען בשלום.

אויף מאָרגן האָט אַן אָפיציר געהאַלטן אַ רעדע פאַר אונדזערע סאָלדאַטן, אַ מין ענטפער אויף די נעכטיקע פּאָליטישע דרשות. — „יענע רעדנער ביי דער פאַרזאַמלונג", — זאָגט דער אָפיציר, — „זיינען העלדן וואָס האָבן אָפּגעגעבן זייער לעבן פאַרן רוסישן פאָלק, און זיי טאָר מען ניט אָנרירן. דער גאַנצער אומגליק קומט פון די זשידעס. זיי ווילן כאַפּן פיש אין מוטנעם וואַסער; זיי, די זשידעס, האַלטן רוסלאַנד אין זייערע הענט."

אַזאַ אַנטיסעמיטיזם האָב איך ניט געקענט אַריבערטראָגן. איך האָב זיך אָנגענומען מיט קוראַזש און אויסגערופן: „אַנטשולדיקט, עס איז ניט אמת אייער באַשולדיקן די יידן. איר קענט ניט דאָס אָרעמע לעבן פון די פּויערים אין רוסלאַנד. אין וועמעס הענט צאַפּלען זיי זיך, יענע אָרעמע, אויב ניט ביי די פּריצים? זיי, די פּריצים האָבן פאַרכאַפּט די גאַנצע ערד, און ניט די זשידעס. דעם פּויערס ערד איז קליין און די צינדזן—גרויסע, און מען נעמט צו ביים פּויער די לעצטע בהמה אָדער פערד פאַרן צינדז, ווייל זיי האָבן ניט מיט וואָס צו באַצאָלן. אדרבא, פרעגט זיך נאָך ביי די סאָלדאַטן, זין פון פּויערים, און איר וועט אויסגעפינען, אַז ניט די זשידעס כאַפּן פיש אין מוטנעם וואַסער, נאָר עמעצער אַנדערש!"

דער אָפיציר האָט אויסגעהערט מיינע רייד און געהייסן אַלעמען פאַנאַנדערגיין זיך.

נאָכדעם זאָגט ער צו מיר: „דו, האַלט זיך איין מיט דיינע רייד, דו קענסט דערפאַר גוט באַצאָלן.“

**
*

איך, צוזאַמען מיט די לערערס פון דער שטאָטישער שול, האָבן געגרינדעט אַ קאָמיטעט, געמאַכט אַ העקטאָגראַף און גענומען פאַר־שפרייטן העקטאָגראַפישע פּראָקלאַמאַציעס אין די קאַזאַרמעס צווישן די סאָלדאַטן. מיר פלעגן אין די פּראָקלאַמאַציעס אין קורצע ווערטער אויפקלערן ווי מען נאַרט אָפּ דעם עולם און מע האַלט אים אומוויסנ־דיק.

נאָכן באַווייזן זיך פון אַזעלכע פּראָקלאַמאַציעס פלעגט אונדזער קאָמאַנדיר האַלטן אַ דרשה און זאָגן די סאָלדאַטן, מען זאָל זיך ניט צוהערן צו די בונטאָווטשיקעס. ער האָט זיי אויך אָנגעזאָגט אַז מיט מיר זאָל מען וואָס ווינציקער דיסקוטירן.

איינמאָל אין אַן אָוונט בין איך געזעסן ביי איינעם אַ לערער. מיר האָבן אַרויסגעשיקט אַ פּאָר יונגע סעמינאַריסטן צעטיילן פּראָ־קלאַמאַציעס אַרום דער קאַזאַרמע.

עס האָט לאַנג ניט גענומען און זיי זיינען צוריקגעקומען דער־שראָקענע. פרעג איך זיי: „וואָס גייט איר אַזוי מיט אַראָפּגעלאָזענע נעז? וואָס האָט פּאַסירט?“

דערציילן זיי אונדז: ווען מיר זיינען צוגעקומען צו דער קאַ־זאַרמע, ערשט אויפן גאַניק שטייט אַן אונטעראָפיציר. מיר האָבן זיך דערשראָקן און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן מיטן פּעקל פּראָ־קלאַמאַציעס, האָבן מיר פון צעטומלעניש דערלאַנגט אים, דעם אונטעראָפיציר, דאָס פּעקל און געזאָגט, אַז דאָס איז פאַר ע. פּרעסמאַן.

זיי האָבן מיר אויסגעמאָלן דעם אָפיצירס אויסזען און איך האָב גלייך זיך געכאַפּט, אַז דאָס איז מיין „זוואָדני“ (אונטעראָפיציר).

איך האָב זיך צעזעגנט מיט אַלעמען און זיי געזאָגט, אַז אויב זיי וועלן פון מיר ניט הערן אין אַ פּאָר טעג אַרום, זאָלן זיי וויסן, אַז מען האָט מיך אַרעסטירט.

געקומען אין קאַזאַרמע, מאַך איך זיך, אַז איך ווייס פון קיין זאַך ניט. איך גיי אַריין צו מיר, ערשט מיין זוואָדני ליגט אויסגעצויגן אויפן בעטל. ער רופט מיך צו און זאָגט: „דאַרפסט מיר קויפן אַ ביסל בראָנפן.“

— „וואָס איז היינט די שמחה מיט דיר“, — פרעג איך טאַמעוואַטע.

— „אַז דו וועסט שיקן נאָך אַ קוואַרט שנאַפּס, וועל איך דיר דערציילן וועגן דיינע פריינד“, — זאָגט ער.

פון מאַכן אַ לחיים האָב איך זיך קיינמאָל ניט אָפּגעזאָגט, און כ׳האָב פאַרשטאַנען אַז די סכנה איז שוין אַריבער.

ער האָט מיר דערציילט, אַז יונגע לייט האָבן אים איבערגעגעבן אַ פּעקל פאַר מיר.

פרעג איך: „וואו האָסטו עס אַהינגעטאָן?“ לאַכט ער און זאָגט: „איך האָב עס גלייך פאַרברענט. ווייסטו, אַז דו האָסט געקענט האָבן אַ מיאוסן אָפּשניט?“

דער קאָמאַנדיר האָט גוט פאַרשטאַנען, אַז צו די פּראָקלאַמאַציעס האָב איך אַ שייכות, נאָר אַרעסטירן מיך האָט ער מורא געהאַט. עמעצער האָט אים געסטראַשעט, מיך ניט צו טשעפּען, ווייל די סאָציאַליסטן וועלן וואַרפן אויף אים אַ באָמבע דערפאַר. ער האָט טאַקע אַרום זיין הויז אַוועקגעשטעלט 4 סאָלדאַטן אויף צו היטן ביינאַכט.

איינמאָל זאָגט מיר דער קאָמאַנדיר: „איך פאַרשטיי גאַנץ גוט, אַז דאָס צעטיילן די פּראָקלאַמאַציעס איז דיין אַרבעט, אָבער איך פאַרקוק עס און מאַך זיך ניט זעענדיק. ווען אָבער אָנקומען אַן אָנקלאַגע פון דער זשאַנדאַרמעריע, וועל איך דיך מוזן אַרעסטירן.“

איך ענטפער אים מיט אַ שמייכל: „ווייסט דאָך, פאַר מיר איז אַלץ איינס — די טורמע אָדער די קאַזאַרמע.“

**

איך פלעג זיין אַ גאַנץ אָפּטער איינגייער צום קאָמאַנדיר, ווייל שטענדיק האָט ער פאַר מיר געהאַט אַרבעט. זיין פרוי — זי איז געווען די צווייטע ביי אים — האָט מיך געקענט נאָך פון פריער און האָט מיך רעספּעקטירט. ווען איך פלעג קומען מיטאָגצייט צו זיי, פלעגט זי מיך בעטן עסן מיט זיי מיטאָג.

האָב איך איר געזאָגט: „ווילסט דאָך ניט אַז איך זאָל זיך ווערגן? מיר וועט דאָס עסן ניט איינגיין זיצנדיק צוזאַמען מיטן קאָמאַנדיר. הייס דעם באַדינער ער זאָל מיר געבן עסן אין קיך."

אַז איך פלעג זיין דאָרט, פלעג איך שטענדיק שמועסן מיטן קאָמאַנדיר וועגן פּאָליטיק. איינמאָל זאָגט ער צו מיר: „אַ שאָד, וואָס דו ביסט אַ ייד. דו האָסט דאָך געקענט דערגרייכן אַ הויכן טשין." איך ענטפער אים: „איך זוך ניט קיין קאַריערע אין מיין לעבן; איך בין שטאָלץ מיט דעם וואָס איך בין אַ ייד!"

*****

די רעוואָלוציאָנערע כוואַליעס האָבן זיך דערטראָגן אויך צו די ווענט פון די קאַזאַרמעס און די סאָלדאַטן האָבן זיך גענומען אויס־טשוכען פון זייער לאַנגן שלאָף.

אין קראַסנאָיאַרסק — אַ גרויסע סיבירער קאָמערציעלע שטאָט מיט אַ סך מיליטער — האָט מען געגרינדעט אַ באַזונדערן קאָמיטעט אָנצופירן די אַגיטאַציע צווישן די סאָלדאַטן; דער קאָמיטעט האָט אַרויסגעגעבן אַ וועכנטלעכע צייטונג, וואָס האָט געהייסן ס אָ ל ־ ד אַ ט ס ק אַ י אַ  ג אַ ז ע ט אַ.

איך פלעג באַקומען יעדן נומער, און ווען די סאָלדאַטן פלעגן זיך זאַמלען צו זייער פרימאָרגן־אינספּעקציע, פלעג איך אַריינקומען און נעמען פאַר זיי פאָרלייענען די אַלע פאָדערונגען וואָס סאָלדאַטן האָבן געשטעלט אין אַנדערע שטעט. צ. ב., אַז אַ דענשציק (באַדינער) זאָל קריגן 15 רובל אַ חודש שכירות. מען זאָל העכערן די שכירות פון אַלע סאָלדאַטן (אַ סאָלדאַט האָט ביז דאַן באַקומען 45 קאָפּיקעס אַ חודש), מען זאָל געבן עסן וועטשערע, ווייל מער ווי „קיפּעטאָק" (הייסע וואַסער) פלעגט מען אויף וועטשערע ניט באַקומען. דער פעלדפעבעל פלעגט וואָרענען: „הערט זיך ניט צו צו דעם, וואָס די הינט האָבן דאָרטן אָנגעשריבן."

איך בין געוועזן זייער טעטיק און כ׳האָב אַגיטירט, אַז מען זאָל אין אונדזער גאַרניזאָן אויך אַרויסשטעלן די זעלביקע פאָדערונגען.

צום ערשטן האָב איך אָרגאַניזירט די זוואָדנע אונטעראָפיצירן, און זיי האָבן שוין געטאָן די איבעריקע אַרבעט.

איך האָב זיך אַ ביסל געהיט, אַז דער חשד זאָל אינגאַנצן ניט פאַלן אויף מיר. אַליין האָב איך זיך געפונען אין דער „שוואַלנע", וואָס איז געווען אויפן הויף פון קאַזאַרמע; פאַרנאַכט פלעג איך אַריינקומען כאַפּן אַ שמועס.

מיר האָבן צוגעגרייט אַ שטרייק אויף אַ באַשטימטן טאָג: ניט שטעלן זיך צו „זאַנאַטיע" (איבונגען) ביז מען וועט ניט נאָכגעבן אונדזערע פאָדערונגען.

געשען איז דאָס אין אַ קאַלטן, פראָסטיקן דעצעמבער־פרימאָרגן, 1905. אין קאַזאַרמע איז שטיל. אַלע סאָלדאַטן זיינען רואיק. דער פעלדפעבעל לויפט אַרום און שרייט: „וואָס טוט איר זיך ניט אָן? מאַכט זיך פאַרטיק צו דער „זאַנאַטיע".

קיינער ענטפערט אים ניט. ער לויפט אַרום פון איין זוואָד צום צווייטן, הייבט אָן זידלען: „הינטישע זין, וואָס פאַר אַ שוואַרץ יאָר איז אויף אייך?"

מען דערקלערט אים אַז די זידלעריי וועט אים ניט העלפן, מיר האָבן געוויסע פאָדערונגען און ביז וואַנען מיר וועלן דאָס ניט קריגן, וועלן מיר קיין זאַך ניט טאָן.

דער פעלדפעבעל האָט גלייך געשיקט אַ „וועסטאַוואָי", אַ שליח, צום קאָמאַנדיר, ער זאָל שנעל קומען.

ווי אַ דונער פון הימל איז אַראָפּגעפאַלן אויפן קאָמאַנדירס קאָפּ די ידיעה, אַז די סאָלדאַטן האָבן זיך צעבונטעוועט.

זיין פרוי, אין טויט־שרעק, האָט אים גענומען בעטן: „זע נאָר, אַז דו זאָלסט זיך באַגיין מיט זיי מיט גוטן. אויב דו וועסט מיט זיי זיין שטרענג און אָנפאַנגען זידלען, וועלן זיי דיך נאָך, חלילה, דערהרגענען."

דער קאָמאַנדיר איז געקומען אין קאַזאַרמע, מער טויט ווי לעבע־דיק. זיין פּנים אַז געווען ווייס ווי דער שניי אויפן גאַס.

— „ברידער! וואָס איז אייער פאַרלאַנג? אויב עס וועט נאָר זיין פאַר מיר מעגלעך, וועל איך דאָס טאָן."

מען האָט אים איבערגעגעבן די פאָדערונגען: ער זאָל באַפרייען פון די נאָכמיטאָגדיקע איבונגען, מען זאָל קריגן מער צייט אויף רוען, מען זאָל געבן געקאָכטע וועטשערע, א"אַנד.

דער קאָמאַנדיר האָט נאָכגעגעבן אַלע פאָדערונגען. די סאָלדאַטן האָבן זיך געפילט דערהייבן.

בכלל האָבן דעמאָלט, אין יענער טומלדיקער צייט, די סאָלדאַטן איבער גאַנץ רוסלאַנד פאַרבעסערט זייער לאַגע. מען האָט געהע־כערט די שכירות פון 45 קאָפּיקעס ביז אַ גאַנצן רובל אַ חודש און אויך געגעבן 2 פונט צוקער אַ חודש, אָפּגעגעבן די ליילעכער און קאָלדרעס פון קאַזאַרמע פאַר זייער אייגנס אאז״וו.

⁂

איינמאָל, פון העלער הויט, שיקט מען מיך אויף דער וואַך היטן אַ סקלאַד פון געווער. מיר האָט זיך זייער ניט געוואָלט גיין, אָבער אַז מען הייסט, מוז מען גיין.

דער עלטסטער פון דער וואַך איז געווען אַ יעפרייטער (מיט איין בענדל), אַ קליין־געוויקסיקער, אַ געוועזענער דאָרפישער פאַסטעך.

און כאָטש איך בין געווען אין שוואַלניע ביי דער שניידעריי אַ גאַנצער „יאַ טעבע דאַם״, אַ יחסן, בין איך אָבער געווען אַ פּשוטער ריאַדאָוואָי, מוז מען אים, דעם יעפרייטער, פאָלגן.

דער טאָג איז געווען אַ טריבער, אויפן גאַס דריזלט אַ נאַסער שניי און אויפן האַרצן איז קאַלעמוטנע.

מיין נאַטשאַלניק האָט זיך געגרייסט קעגן מיר — האָט ער דאָך אַ געלעגנהייט צו באַלעבאַטעווען איבער מיר.

ווען ער האָט מיך צוגעפירט אומצובייטן דעם פריערדיקן וואַכמאַן, האָט ער דאָס גענומען דורכפירן מיט אַלע קליפּערלעך. געוויינטלעך פלעגן מיר די צערעמאָניע אַדורכלאָזן און פלעגן עס מאַכן בקיצור.

איך האָב פאַרשטאַנען די כוונה פון מיין יעפרייטער, בין איך געוואָרן זייער אויפגערעקט און געזאָגט מיט כעס: „וואָס האָסטו זיך אַזוי גענומען פּראַוועןן דיינע הינטישע שטיק? אַוועק פון מיר, אויב ניט, דערלאַנג איך דיר באַלד מיטן ביקס!״

— „אָ, דו זידלסט גאָר דעם קאַראָולנעם נאַטשאַלניק! אויב אַזוי, וועל איך שרייבן אַ ראַפּאָרט צום קאָמאַנדיר.״

גיב איך אים אַ פרעג: „דו פויערשער קאָפּ, קאָנסט דאָך ניט שרייבן, טאָ ווי אַזוי קענסטו דאָס טאָן?״

אויף מאָרגן, ווען מיר זיינען געקומען פון קאראול, איז ער גלייך געקומען אין קאַנצעלאַריע און איבערגעגעבן צום קאָמאַנדיר אַ מינד־לעכן באַריכט וועגן מיין האַנדלונג.



ווען איך בין געווען אַ סאָלדאַט

אַ פּאַרסאָפּעטער סאָלדאַט לויפט אַריין אין קאַזאַרמע און רופט מיך: „קום גלייך צום קאָמאַנדיר.״ איך האָב דאָס דערוואַרט און כ׳בין ניט געווען דערשראָקן. איך האָב געוואוסט אַז איך דאַרף זיין

דרייסט ביים רעדן מיטן קאָמאַנדיר, ווייל אַ „כראַברען״ סאָלדאַט האָט ער ליב.

ווען איך בין אַריינגעקומען האָט דער קאָמאַנדיר מיך דורכגענומען מיט זיין בליק, האָט אָנגעשטעלט אויף מיר אַ פאַרכמורעטן פּנים מיט אַ פּאָר גרויסע, גרויע, פאַרדרייטע וואָנצן.

ער פרעגט מיך: „האָסטו אָפּגעזידלט דעם קאַראָולנעם נאַטשאַלניק?״

— „טאַק טאָטשנאָ, וואַשע בלאַגאָראָדיע.״

— „ווייסטו אַז פאַר אַזאַ זאַך קאָנסטו קריגן דריי יאָר דיסציפּלינאַרנע באַטאַליאָן?״

לעבן שרייב־טיש איז געשטאַנען דער יעפרייטערל. אַ קליין־געוויקסיקער מיט אַ געשטופּלטן פּנימל, די אייגעלעך פאַרזשמורקעט ווי ביי אַ מויז, און אַ פּאָר וואָנצעלעך האָבן געסטאַרטשעט ווי ביי אַ טאַראַקאַן, — אַנטקעגן מיר, אַ הויכן און אַ ברייט־פּלייציקן, האָט ער אויסגעזעזן זייער לעכערלעך.

איך האָב געבעטן ביים קאָמאַנדיר די דערלויבעניש צו דערציילן די גאַנצע פּאַסירונג.

— „רייד״, — האָט ער געזאָגט, בייזלעך.

זאָג איך: הערט מיך אויס. איך ווייס גוט די סאָלדאַטסקע דיסציפּלין. איך דאַרף זיך אונטערוואַרפן יעדן עלטסטן, וואָס גיט מיר אַ באַפעל. ניט נאָר קאַרשיקאָוון (כ׳ווייז אָן אויפן יעפרייטער), נאָר אַפילו, ווען דאָס וואָלט זיין אַ פּלאַקן. איר ווייסט, אַז איך דאַרף ניט גיין אין קאַראָול. איך האָב מיינע פליכטן אַכטונג צו געבן, אַז די סאָלדאַטן אויפן שוואַלניע זאָלן מאַכן גוטע אַרבעט. אַבער עמעצער האָט זיך געוואָלט מיט מיר אָפּרעכענען און מיך געשיקט אין קאַראָול. אמת, איך בין אַ סאָלדאַט, אָבער איך האָב דאָך אויך אַ נשמה פון אַ מענטשן. און אָט דער גאָספּאָדין קאַרשיקאָוו האָט זיך גענומען גרייסן קעגן מיר. האָב איך אים געשיקט צום טייוולס מאַמע.

ווען איך האָב אַרויסגערעדט די לעצטע ווערטער זיינען זיי געווען אַזוי סאַרקאַסטיש און פול מיט חוזק, אַז דער קאָמאַנדיר האָט אויסגעשאָסן מיט אַ געלעכטער און געזאָגט: „איי, ביסטו אַ חברהמאַן! דאָס מאָל שענק איך דיר; אַ צווייט מאָל, אויב עס וועט פּאַסירן, וועסטו באַקומען דיין שטראָף...״

***

ס׳איז זומער, אַרום אויגוסט, 1906. מען האָט פּאַנאַנדערגעטריבן די ערשטע רוסישע „גאָסודאַרסטווענע דומע״ (פּאַרלאַמענט). די דע־פּוטאַטן האָבן אַרויסגעלאָזט אַ מאַניפעסט צום פאָלק. מיר האָבן אויך געקראָגן אַ פּאָר קאָפּיעס.

שבת אינדערפרי, ווען פּויערים קומען צופאָרן אויפן מאַרק, האָבן מיר געוואָלט פאַרלייענען פאַר זיי דעם צוגעשיקטן אויפרוף.

יענעם אינדערפרי האָב איך געדאַרפט גיין „נאַ סטרעלבו״ (איבונגען פון שיסן). איך בין פאַר־פרי פאַרטיק געוואָרן מיטן „שיסן״, געזאָגט זיי אַז איך האָב אַ סך אַרבעט אין שוואַלניע און איך בין אַוועק צום קאָמאַנדירס אַ שוועגערין. זי האָט געהאַט צוויי זין גימ־נאַזיסטן, וואָס זיינען געקומען אַהיים צו די עלטערן אויף וואַקאַציע.

מיר האָבן אויף אַ העקטאָגראַף צוגעגרייט פּראָקלאַמאַציעס אויף צעטיילן צווישן די פּויערים אויפן מאַרק.

דאָס האָט זיך פאַרצויגן ביז פאַרנאַכט.

ווען איך האָב זיך דערנענטערט צו דער קאַזאַרמע איז אַנטקעגן מיר געלאָפן דער דיזשורנער, אַן אונטעראָפיציר, מיט אַ צעשראָקן פּנים.

— וואו ביסטו דאָס געווען אַ גאַנצן טאָג? דער קאָמאַנדיר איז דאָ געווען שוין דריי מאָל, דיך געזוכט. איך האָב אים אָנגעגעבן פאַרשיידענע תירוצים, אַז איך האָב דיך געזען עטלעכע מאָל דורכן טאָג. ווען דו וואָלטסט מיר זאָגן וואו דו געפינסט זיך, וואָלט איך דיך געשיקט רופן. אַלזאָ, גיי גלייך צום קאָמאַנדיר, ער וויל דיך זען.

ווען איך בין געקומען צום קאָמאַנדיר, איז ער געווען מלא רציחה און האָט מיר געגעבן די ריכטיקע גאַב. ער זאָגט צו מיר: „ביז איצט האָב איך אַלץ פאַרזען, אָבער איצט, פאַרן ניט אויספאָלגן מיין פאַר־זאָג וועל איך מיט דיר פאַרטיק ווערן. גיב איבער דיין געהילף אין שוואַלניע אַלץ, וואָס דו האָסט אונטער דיין רשות, און אַליין גיי אין לאַגער און ווענד זיך צום פעלדפעבעל, ער זאָל דיך שטעלן אונ־טער נאַדזאָר, און איך וועל דיך איבערגעבן צו אַ מיליטער־געריכט.״

דער גאַנצער צאָרן זיינער אויף מיר איז געקומען דערפון, וואָס

איך האָב געדאַרפט אויפבויען אַ גימנאַסטיאָרקע (העמדל) פאַר זייַנעם אַ זון; אויף מאָרגן (זונטיק) האָבן זיי געהאַט ביי זייערן אַ פריינד אַ חתונה.

פאַרפאַלן. אַז מען הייסט, מוז מען פאָלגן.

איך האָב אים אָפּגעגעבן מיליטעריש „טשעסט" און געזאָגט: „איך פיל אויס דיין באַפעל".

איך בין אַוועק איבערגעבן די שוואַלניע, און נאָך דעם געגאַנגען מעלדן זיך אין לאַגער.

כ'האָב געמאַכט אַ לחיים אויף אַ גרויס קידוש־גלעזל און פאַרלאָזן זיך אויף גאָטס גנאָד.

איך בין אַוועק צום קאָמאַנדירס שוועגערין, וואו איך האָב פאַר־בראַכט דעם גאַנצן טאָג, און איר איבערגעגעבן די גאַנצע פּאַסירונג; כ'האָב איר געבעטן, אַז ווען זיי וועלן זיין ביי דער חתונה, זאָל זי זיך דורכשמועסן מיטן קאָמאַנדיר.

ווען איך בין געקומען אין לאַגער און האָב זיך געמאָלדן צום פעלדפעבעל און אים איבערגעגעבן דעם באַפעל פון קאָמאַנדיר, האָט ער מיט אַ זיפץ אַ זאָג געטאָן: „זשאַלקאָ, בראַט!" (אַ רחמנות אויף דיר!). אָבער די סאָלדאַטן, איבערהויפּט פון מיין יאָר, וואָס האָבן געדאַרפט אין אַ פּאָר וואָכן אַרום באַפרייט ווערן פון מיליטער־דינסט, האָבן מיך געטרייסט. „זאָרג זיך ניט; מיר וועלן זיך איינשטעלן פאַר דיר".

פאַרנאַכט, ווען אַלע זיינען געשטאַנען אויף „פּאָווערקע", און מען האָט אַלעמען איבערגעציילט און אָפּגעזאָגט גאָטס־געבעט און דער סיגנאַליסט האָט אָפּגעשפּילט די „זאָרעס", האָט דער פעלד־פעבעל אַ פרעג געטאָן: „ווער פון אייך האָט עפּעס צו באַלייגן צום קאָמאַנדיר, אָדער אַ בקשה?", האָבן אַלע פון דריטן יאָר אַ זאָג געטאָן אין איין קול: „גאָספּאָדין פעלדפעבעל! זאָג דעם קאָמאַנדיר, אַז ער זאָל פרעסמאַנען ניט אָפּגעבן „פּאָד סוד"; אָן אים וועלן מיר ניט פאָרן אַהיים, און אויב ער וועט אים אַריינזעצן אין טורמע, וועלן מיר מאַכן אַ בונט. זאָל ער אים באַשטראָפן מיט זיין אייגענער מאַכט." (אַ קאָמאַנדיר האָט געהאַט אַ רעכט אַריינזעצן אויף אַ גאַנצן חודש אין פינצטערן קאַרצער אויף ברויט מיט וואַסער.)

אויף מאָרגן, צו דער חתונה, ווען די גאַנצע משפחה פון קאָמאַנ־

דיר האָט זיך צוזאַמענגעקליבן, און כטוב לב המלך ביין, ווען דער קאָמאַנדיר איז שוין געווען אַ ביסל פאַרשנאַשקעט, איז צו אים צו־געגאַנגען זיין שוועגערין און געזאָגט: „יְפֵפים אַלעקסאַנדראָוויטש, איך וויל מיט דיר עפּעס ריידן און איך פאַרלאַנג, אַז דו זאָלסט מיר צוזאָגן אַז דו וועסט דאָס טאָן פאַר מיר.“

זאָגט ער: ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך? איך בין דאָך אַ קאָמאַנ־דיר. אפשר וועסטו פאַרלאַנגען איך זאָל פאַנאַנדערלאָזן פריי מיין גאַרניזאָן.

— ניין, אַזאַ זאַך וועל איך פון דיר ניט פאַרלאַנגען: ס׳איז אין גאַנצן אַן אַנדער זאַך.

— אַוודאי, וועגן דער פּאַסירונג מיטן סאָלדאַט פּ.? — איך קען גאָרניט טאָן קעגן דיסציפּלין.

האָט זיין שוועגערין גענומען אַפּעלירן צו זיין געוויסן.

— הער מיך אויס: דו ביסט דאָך אויך אַ פאָטער פון קינדער; האָסט דאָך אַ פאָטערס האַרץ. באַטראַכט דעם אומגליקלעכן פּ. שוין זעקס יאָר ווי ער איז נע־ונד פון זיין היים, פון זיינע עלטערן. און אויב דו וועסט אים איבערגעבן צום מיליטער־געריכט, קען ער קריגן דריי אָדער פיר יאָר „דיסציפּלינאַרנעם באַטאַליאָן.“ האָב מיט אים איינזעעניש. קאָנסט אים, נאַטירלעך, באַשטראָפן פון דיין איי־גענער מאַכט, אָבער זאָל ער האָבן די מעגלעכקייט צו גיין אַהיים מיט אַלעמען צוגלייך.

איך ווייס ניט וועמעס בעטן און פאַרלאַנג עס האָט אויפן קאָ־מאַנדיר געווירקט — צי פון די סאָלדאַטן פון קאַזאַרמע, אָדער פון זיין שוועגערין, און אפשר ביידנס צוזאַמען — מיך אָבער האָט מען „בלויז“ אַריינגעזעצט אין „אוסילענעם“ קאַרצער (אַ פינצטערער חדר אויף ברויט מיט וואַסער.

אָבער צווישן אייגענע ווערט מען ניט פאַרפאַלן, זאָגט אַ ווערטל — הינטערן שלאָס פלעג איך זיצן נאָר ביז 2 אַזייגער נאָכ־מיטאָג. אַזוי שנעל ווי דער קאָמאַנדיר פלעגט פאַרלאָזן די קאַנ־צעלאַריע, פלעגן קומען צו מיר דעם קאָמאַנדירס אייגענע פלימעניקעס, די גימנאַזיסטן, און פלעגן ברענגען מיר אַלע גוטע זאַכן: גע־בראָטענע הון, שנאַפּס א״אַנד. איך האָב ביי זיך געהאַט אַ שטיקל ליכט בגנבה און כ׳פלעג גאַנצע נעכט לייענען. איך האָב אַפילו גע־

קראַגן בשתיקה פון דיזשורנעם אַ קישעלע צום שלאָפן. נאָר אין דער פרי איז אַלץ געוואָרן צוגענומען, ווי קיין זאַך וואָלט ניט פּאַסירט.

אין דער צייט וואָס איך בין געזעסן אין קאַרצער, איז געקומען אַ רוסישע טרופּע, וואָס איז אַרומגעפאָרן איבער דער פּראָווינץ. צווישן די פאַרשיידענע פאַרשטעלונגען האָבן זיי אויך געדאַרפט שפּילן אַ פּיעסע „יעווריי״ (יידן), פון רוסישן שרייבער טשיריקאָוו. די טעמע פון דער פּיעסע איז געווען דער קישענעווער פּאָגראָם.

איך האָב זייער חשק געהאַט צו זען די פאַרשטעלונג.

דער דיזשורני פון קאַרצער איז געווען אַן אונטעראָפיציר פון מיין ראָטע, אַ גוטער ברודער, וואָס האָט מיר אַנומלט געהאָלפן צו אָרגאַניזירן דעם שטרייק פון די סאָלדאַטן.

זאָג איך צו אים: „וואַניאַ! איך וויל זאָלסט מיך לאָזן גיין היינט אָוונט אין טעאַטער. איך וויל זען די פאַרשטעלונג.״

דער שייגעץ האָט זיך גענומען צלמען: „אָ, ברודערקע, ביסט משוגע אָדער עפּעס האָט מיט דיר פּאַסירט? — דו ביסט דאָך אַן אַרעסטירטער! און וואָס וועט זיין, חלילה, אַז דער קאָמאַנדיר אָדער אַ צווייטער אָפיציר וועט דיך באַמערקן? דאַן זיינען מיר דאָך ביידע פאַרלוירענע.״

איך האָב אים פאַרזיכערט אַז איך וועל אַלץ נעמען אויף זיך אויב, חלילה, עס פּאַסירט עפּעס, און איך האָב אים איבערגערעדט. איך בין געווען, געזען די פאַרשטעלונג, און אַלץ איז דורכגעגאַנגען בשלום.

***

די שילער פון דער שטאָטישער שול האָבן זיך געגרייט אויפצופירן די פּיעסע „רעוויזאָר״ פון רוסישן שרייבער גאָגאָל. איך האָב געקראָגן אַ פאַרבעטונג פון דעם שול־פּרינציפּאַל און אויך אַ דערלויבעניש פון מיין קאָמאַנדיר בייצוזיין ביי דער פאַרשטעלונג.

נאָך דער פאַרשטעלונג האָט געשפּילט מוזיק און דער עולם האָט געטאַנצט. עס איז אויך געווען אַ בופעט: שנאַפּס, טיי און צובייסן. איז צוגעגאַנגען צו מיר אַ יונג מיידל, אַ גימנאַזיסטקע, די טאָכטער פון פאַבריקאַנט טערענטאָוו און פרעגט מיך, פאַרוואָס איך טאַנץ ניט.

איך האָב איר דערקלערט, אַז אַ סאָלדאַט טאָר ניט טאַנצן ווען דער אָפיציר איז דערביי פאַראַן (מיין אָפיציר איז דאָרטן אויך געווען). זי האָט זיך אָנגעבאָטן, אַז זי וועט פּרואוון קריגן פאַר מיר אַ דער־לויבעניש. איך האָב איר געזאָגט אַז דאָס איז קעגן געזעץ און קעגן מיליטערישער דיסציפּלין.

ווען מיין אָפיציר איז ניט געווען אין זאַל — מסתמא אַריינ־געגאַנגען אין בופעט מאַכן אַ לחיים — האָט די פריילין טערענטאָוואַ מיך אַ כאַפּ געטאָן און מיר האָבן זיך אַוועקגעלאָזט אין אַ וואַלץ. דאָ האָט זיך באַוויזן מיין שטאַבס־קאַפּיטאַן שאַשון, און ווען ער האָט באַמערקט, אַז מיר טאַנצן ביידע, איז ער פון כעס און אויפרעקונג ווייס געוואָרן ווי קאַלך און איז באַלד אַוועק.

איך האָב זיך געריכט צו קריגן אַ גאָב פון אים. ער איז געווען אַ נערוועזער פון שטענדיקן טרינקען און שפּילן אין קאָרטן. ער האָט געהאַט אויך אַ טבע צו דערלאַנגען אַ סאָלדאַט אין מאָרדע.

איך האָב ביי זיך אָפּגעמאַכט ניט לאָזן זיך פון אים באַליידיקן. אויב ער וועט זיך מיט מיר באַגיין ברוטאַל און מיר אַ קלאַפּ טאָן, וועל איך אים ניט פאַרשוויגן.

ביי מיר אין קעשענע איז שטענדיק געווען אַ רעוואָלווער, אַן אייגענער.

אַרום 10 אַזייגער אין דער פרי זע איך, ווי דער אָפיציר לויפט אַ צעקאָכטער. אַריינגעלאָפן אין שוואַלניע און גענומען שרייען צו מיר: „דו פּאָדלעץ, ווי קומסטו דערנידעריקן די מיליטערישע דיסציפּלין?"

ער האָט געשריען, זיך געקאָכט, און מיך געזידלט מיט אויס־דרוקן, וואָס מען קאָן ניט ברענגען אויפן פּאַפּיר.

איך האָב זיך קאַלטבלוטיק אָפּגערופן: „וואַשע בלאַהאָראָדיע, הער מיך אויס און זיי ניט אַזוי דערצאָרנט. ערשטנס, האָב איך אויך געהאַט אַן איינלאַדונג פון פּרינציפּאַל אַזוי ווי דו, און אַ דער־לויבעניש פון קאָמאַנדיר האָב איך אויך געהאַט. וועגן דיסציפּלין, האָבן פיל פון די מענטשן דאָרטן געהאַט פּונקט אַ פאַרקערטע מיינונג. זיי האָבן דיך באַטראַכט פאַר אַ גוטן מענטשן, וואָס לאָזט אויך דעם סאָלדאַט פאַרברענגען אַ ביסל; און אויב דו זאָגסט אַז איך בין דער־

פאַר אַ פּאָדליעץ, ביסטו דאָך מיין עלטסטער, צי איז עס ניט אויך פאַר דיר אַ באַליידיקונג ?"

ער האָט זיך געגומען אָפּקילן. דער כעס איז אים אָפּגעגאַנגען ; ער האָט מיך געבעטן אַנטשולדיקן אים פאַר זיין מיאוסן אויסדרוק. ער איז נאָך דעם געזעסן אין שוואַלניע אַ גאַנצע שעה. מיר האָבן גערעדט און געשמועסט. איך האָב פאַר אים אַרויסגעזאָגט מיין מיינונג, ווי אַזוי די קאַזאַרמע מיט דער גאַנצער דיסציפּלין האָט געדאַרפט זיין. עס וואָלט געווען אַ סך שענער און בעסער.

אַזוי פלעג איך זיך כסדר אַרויסדרייען פון מיליטערישע געריכטן ; ס'איז אפשר געווען מזל ?

**
*

ווען מיין „נאַדזאָר" האָט זיך געענדיקט האָט מען מיך פון צייט צו צייט געשיקט אויף וואַך, ניט געקוקט דערויף, וואָס איך בין געווען אַ „זאַקרויטשיק" (צושניידער) פון מונדירן.

אַמאָל האָט מען מיך געשיקט אין קריסטלעכן פּאַסכאַ. איך האָב געדאַרפט צעשטעלן די וואַך.

לויטן געזעץ, ווען עס קומט אָוונט און מען דאַרף זאָגן די „מאָ־ליטווע" (קריסטלעכע תפילה), צעשטעלט דער וואַך־פאַנאַנדערפירער די סאָלדאַטן און ער, דער „ראַזוואָדשטשיק", זאָגט פאַר אַלעמען אין דער הויך די תפילה. איז מיר, הייסט עס, אויסגעקומען זיין דער שליח־צבור פאַר די גויים.

איך האָב באַפוילן : „צעשטעלט זיך אַלע אין די רייען ! גיט זיך אַ קער מיט די ביקסן האַלב־לינקס, צו דער הייליקער מאַריאַ !"

איך האָב אויסגעטאָן מיין היטל און פאָרגעזאָגט פאַר אַלעמען זייער תפילה, וואָס מען זאָגט אין פּאַסכע : „כריסטאָס וואָסקרעס" און אַזוי ווייטער ; אַלע האָבן זיך געצלמט.

מיר האָט זיך דערמאָנט אַ יידיש פאָלקס־מעשהלע, ווי אַ ייד האָט זיך געשמדט און האָט זיך דערדינט צו ווערן אַ גלח. אַמאָל, פירנדיק אַן עולם מיט איקאָנעס אין אַ הייליקער פּראָצעסיע, האָט ער דערזען זיינעם אַ באַקאַנטן יידן פון אַמאָל און האָט אָנגעהויבן זינגען : „זע נאָר, בערל, ווי שמערל פירט דאָס רעדל און אַלע שלעפּן זיך נאָך !"

**
*

דער אַרעסטאַנט האָלט הייליק זיין ערנוואָרט און וועט עס קיינ־מאָל ניט ברעכן.

מען האָט מיך אַמאָל געשיקט אין קאָנוואָי צו פירן עטלעכע קאַטאָרזשנע אין אָקרוזשנאָי סוד. זיי האָבן געדאַרפט עדות זאָגן ביי אַ געוויסן פּראָצעס. מיט זיי זיינען אויך געווען אַ פּאָר אַרעס־טאַנטן, וואָס האָבן געדאַרפט אָפּזיצן זייערע טערמינען צו עטלעכע יאָר.

אין אָקרוזשנאָי סוד איז פאַראַן אַ ספּעציעלער צימער וואו די אַרעסטאַנטן ווערן באַוואַכט פון סאָלדאַטן. די אַרעסטאַנטן האָבן געוואוסט מיין יחוס, אַז איך בין אויך געזעסן אין טורמע און האָבן מיך גערופן „דער גוטער סאָלדאַט״.

איז צו מיר צוגעגאַנגען אַ קאַטאָרזשנער, אַ הויכער, איבער זעקס פוס, מיט צוועלף־פונטיקע קייטן, און זאָגט צו מיר: „טאָוואַרישטש, מיר וועלן דיר געבן וויפיל דו וועסט נאָר פאַרלאַנגען, נאָר שיק אַרויס קויפן אַ ביסל בראַנפן.״

אַן אַרעסטאַנט האַלט פון דעם פּסוק: ויין ישמח לבב אנוש, — בפרט ביי אַן אַרעסטאַנט, וואָס דאָס לעבן איז אַזוי מאָנאָטאָן און פאַראומערט.

זאָג איך צו זיי: הערט מיך אויס, חברה! איך האָב זייער מורא צו טאָן אַזאַ זאַך. ערשטנס, ווייסט איר דאָך, אַז דאָס איז זייער שטרענג פאַרבאָטן פון געזעץ און איך קאָן דערפאַר זייער טייער באַצאָלן; צווייטנס, אַז איר וועט מאַכן אַ שנאַפּס וועט איר דאָך זיך אָנהייבן בונטעווען און מיר וועט אויסקומען נעמען זיך צו דער ביקס אייך איינצושטילן; לוינט זיך ניט דער גאַנצער עסק.

זאָגט מיר דער קאַטאָרזשנער: אויב דו וועסט דאָס טאָן פאַר אונדז, גיב איך דיר מיין אַרעסטאַנטסקן ערנוואָרט, אַז אַלץ וועט זיין שיין און שטיל.

קעגן אַזאַ פאַרזיכערונג האָב איך שוין גאָרניט געקענט זאָגן און כ׳האָב זייער פאַרלאַנג אויסגעפירט.

**
*

דאָס איז געווען אין די לעצטע חדשים פון מיין מיליטער־דינסט איך בין געווען ביי דער ידישער פאַמיליע ווילנער, וואָס איך האָב פריער וועגן זיי דערציילט. מיר האָבן געמיטלעך געשמועסט.

ווילנערס פרוי איז ערשט געקומען פון קאַרלסבאַד; געפאָרן אַהין זיך קורירן. זי איז דורכגעפאָרן ווייסרוסלאַנד און פוילן. אויף איר האָט געמאַכט אַ שלעכטן איינדרוק ווי די מענטשן, איבערהויפּט די יידן לעבן אין דחקות, און אַלע זיינען נערוועז.

און אַזוי ריידנדיק, גיט זי מיר אַ זאָג: „איר האָט גאָר געדאַרפט חתונה האָבן מיט אונדזער ליובאָן" (דאָס איז געווען ווילנערס אַ שוועסטער).

ליובאַ איז געווען אַ גאַנץ שיין מיידל, הויך געוואַקסן, אַ שיינער קאָפּ מיט בלאָנדע האָר און אַ שיין פנים.

איך האָב איר געענטפערט: „ווער ווייס וואָס עס קאָן נאָך פּאַסירן. איך האָב נאָך עטלעכע חדשים צו דינען."

ווילנער אַליין האָט אויך מיט מיר איין מאָל גערעדט, אָבער שוין אויף אַ סוחרישן אופן. ער האָט מיר געזאָגט: „פאַרבלייבט דאָ אין שטאָט (צוליב דער מלחמה האָב איך לייכט געקענט קריגן וואוינ־רעכט). איך וועל פאַר אייך עפענען אַ געשעפט, געבן אייך אַלע סחורות, און כ'וועל אייך גאַראַנטירן פיר טויזנט רובל אַ יאָר פרנסה."

איך האָב אים זייער שיין באַדאַנקט. איך האָב אָבער קיינמאָל אין זינען ניט געהאַט צו בלייבן וואוינען אין סיביר. דאָס לעבן דאָרט איז ניט אינטערעסאַנט, ניטאָ קיין קולטורעל און קיין געזעלשאַפטלעך לעבן, דערצו איז מען אָפּגעריסן פון גאָט און פון לייטן. מיך האָט געצויגן אַהיים, צוריק צו מיינע עלטערן אין מיין געבוירנשטאָט. וואָס שייך רייך ווערן, האָב איך קיינמאָל וועגן דעם ניט געטראַכט.

ס'איז אָנגעקומען די צייט צו פאַרלאָזן סיביר. שוין אָפּגעווען מיין „נאַדזאָר", אָפּגעדינט דעם צאַר, האָב איך באַקומען מיינע סאָל־דאַטסקע פּאַפּירן. געזעגנט זיך מיט אַלע מיינע חברים און פריינד. אַפילו דער קאָמאַנדיר האָט זיך האַרציק מיט מיר געזעגנט און געבעטן, איך זאָל אים אַנטשולדיקן, אויב ער האָט מיך אַמאָל באַ־

שטראָפּט. „מיר זיינעןביידע געווען סאָלדאַטן. זאָלסט מיך קיינ־מאָל ניט דערמאָנען צום שלעכטן."

דער קאָמאַנדיר האָט אונדז באַגלייט צום פּאַראַכאָד (שיף) און געוואונטשן אַלעמען גליק.

איך האָב זיך געזעגנט מיט די וועלדער און פעלדער און מיט אַלעמען, וואָס האָבן מיך דערמוטיקט און אַ טרייסטוואָרט געזאָגט אין פאַרצווייפלטע מאָמענטן פון מיינע דעמאָלטיקע יוגנטיאָרן.

פאַרבראַכט אין סיביר האָב איך פון אָנפאַנג יאָר 1902 ביזן סוף יאָר 1906. אַדיע, סיביר! אין דעם „אוניווערסיטעט סיביר" האָב איך אַ סך געלערנט און אַ סך דערגאַנגען, כאָטש כ'האָב ניט שטודירט פון ביכער און ניט פון פּראָפעסאָרישע לעקציעס. איך האָב פאַרלאָזט סיביר אָן ביטערניש, כ'האָב איר געזאָגט אַ האַרציקן אַדיע!

## איך פאָר אַהיים אַ פרייער מענטש, אָבער ניט אויף לאַנג

מיטן פּאַראַכאָד ביז דער באַן אין דער שטאָט קראַסנאָיאַרסק האָט גענומען איבער אַ מעת־לעת און פון דאָרטן האָב איך זיך געלאָזן מיטן באַן אויף מיין לאַנגן וועג קיין מינסק, צו מיין היימשטאָט.

אויף הוצאות האָב איך באַקומען צו 15 קאָפּיקעס אַ טאָג פאַר 16 טעג.

איך האָב גענומען אַרומגיין איבער די וואַגאָנען, באַקענען זיך מיט די פּאַסאַזשירן.

אויף די סיבירער באַנען איז דעמאָלט געווען, אַחוץ 1־טע, 2־טע, 3־טע, אויך אַ 4־טע קלאַס; פּראָסטע, שמוציקע וואַגאָנען און הילצערנע פּאָלאַטקעס.

אין איינעם אַזאַ וואַגאָן האָב איך דערזען ליגנדיק אַ יונגן בחור. לויט זיין קליידונג האָב איך פאַרשטאַנען, אַז ער קומט ערגעץ פון מינסקער געגנט. ער איז געווען פון מיטעלן וואוקס, אַ טונקל־בלאָנדער, אַ פּאָר גרויע, צעשראָקענע אויגן. אויפן פּנים די ערשטע סימנים פון אַ בערדל. געטראָגן האָט ער אַ קורצע פּאַדיאָווקע, וואָס איז אַ ביסל צו גרויס געהאַנגען אויף זיינע אַקסלען, מיט אַ קליין הי־

טעלע אויפן שפּיץ קאָפּ. זיין ריידן רוסיש איז געווען מיטן סמך. ער האָט אויסגעזען ווי אַ קליינשטעטלדיקער באַהעלפער פון אַ חדר.

איך האָב פאַרשטאַנען אַז ער מאַכט עס איצט „פליטה״ (אַנט־לויפט) פון סיביר; אַ פאַרשיקטער מסתמא.

איך האָב גענומען ריידן צו אים, אָבער ער האָט ניט געענט־פערט אויף מיינע פראַגעס.

איך האָב אים דערציילט ווער איך בין און פון וואַנעט איך פאָר עס איצט; אַלס אַ באַפרייטער, קען איך אים זייער בייהיל־פיק זיין.

מיין יונגערמאַן איז ווייכער געוואָרן. ער האָט מיר דערציילט אַז ער „פאָרט״ קיין מינסק, ער האָט אַ פאַלשן פויערשן פּאַס. זיין בילעט איז ביז דער שטאָט סאַמאַרע; דאָרטן וועט ער, לויטן אַדרעס וואָס מען האָט אים געגעבן, אָפּזוכן די אָרטיקע חברים, און וועט קריגן אַ בילעט ביז מינסק.

איך האָב אים גענומען אונטער מיין השגחה, אים אַריבער־געפירט צו מיר אין וואַגאָן, אָפּגעגעבן אים מיין פּלאַץ, איבערגעדעקט אים מיט מיין שינעל; כ׳האָב אים כסדר באַזאָרגט מיט קיפּיאַטאָק און עסן.

איך האָב אים ניט אַראָפּגעלאָזט אין סאַמאַרע; כ׳האָב צוזאַ־מענגעשלעפּט ביי די פּאַסאַזשירן די נייטיקע סומע — 13 רובל מיט עטלעכע קאָפּיקעס — און אָפּגערעדט מיט אים צו זען זיך אויף אַ באַשטימט אָרט אין מינסק.

אָבער מער האָב איך אים קיינמאָל ניט באַגעגנט.

וואָס נענטער איך בין געקומען צו מינסק, אַלץ שטאַרקער האָט געקלאַפּט מיין האַרץ. זעקס יאָר איז אַריבער, און כ׳האָב ניט געזען מיין מאַמען, טאַטן און די איבעריקע פון מיין משפּחה. זיסע אילוזיעס האָב איך געהאַט אין מיין פאַנטאַזיע וועגן דער באַגעגעניש מיינער מיט זיי אַלעמען.

די פינף יאָר וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין סיביר זיינען פאַר מיר געווען אַן אמתע שולע פון לעבן. איך בין געקומען אין באַ־רירונג מיט פאַרשיידענע מענטשן און כ׳האָב אָנגעזאַמלט פרישע ענערגיע פאַרצווזעצן מיין טעטיקייט אין דער אַרבעטער־באַוועגונג.

קומענדיק קיין מינסק, אויפן בריסקער וואָקזאַל, האָב איך גענומען

אַ דראָזשקע און צוגעפּאָרן צו מיין ייִנגערער שוועסטער זלאַטקע, וואָס האָט געאַרבעט אין אַ שניידער־וואַרשטאַט.

זי, זלאַטקע, האָט דאָס געפירט די קאָרעספּאָנדענץ מיט מיר די גאַנצע צייט פון מיין זיין אין סיביר און כ׳האָב דערפאַר געהאַט איר אַדרעס פון דער שניידעריי. ווען איך בין אַריין אין וואַרשטאַט, האָב איך געפרעגט צי דאָ אַרבעט אַ מיידל מיטן נאָמען זלאַטקע. איז זי אויף גיך צוגעלאָפן צו מיר און געבליבן שטיין. מיר האָבן איינער דעם צווייטן ניט דערקענט. ווען איך בין אַוועק פון דער היים איז זי אַלט געווען 9 יאָר. זי האָט זיך דעמאָלט ערשט גענומען לערנען די מלאכה. פאַר די זעקס יאָר איז זי שוין געוואָרן אַ דערוואקסן מיידל. איך בין דורך דער צייט אויך געוואָרן מער סטאַטעטשנע און אויסגעקוקט ווי אַ פּאַניע: אַ בלוי העמדל, אַ פּאָר לאַקירטע שטיוול, און מיין שפּראַך — רוסיש.

פאָרנדיק אַהיים מיט מיר צו טאַטע־מאַמע, האָט זיך מיין שוועס־טער געמוטשעט און געוואָלט ריידן צו מיר רוסיש. האָב איך איר פאַרזיכערט אַז איך פאַרשטיי ייִדיש, נאָר מיר איז זייער שווער צו ריידן ייִדיש.

ווער איז דאָס בכוח איבערצוגעבן אָט דאָס בילד, ווען מיין מוטער איז צו מיר צוגעלאָפן און האָט מיך גענומען קושן און האַלדזן:

— „מיין זון, ווי גליקלעך איך בין צו זען דיך אַ געזונטן צוריק אין דער היים. געבענטשט זאָל זיין אונדזער גרויסער גאָט.״

אַלע שכנים האָבן מיטגעוויינט, קוקנדיק ווי מיין אַלטע מאַמע באַגיסט זיך מיט טרערן.

אין אָוונט איז מיין פאָטער געקומען אַהיים פון דער אַרבעט; ער איז געווען גליקלעך מיך צו זען אַ לעבעדיקן, אַ געזונטן צוריק אין דער היים.

עס איז מיר זייער ניט אָנגענעם געווען דאָס, וואָס מיר איז שוין געווען שווער צו ריידן ייִדיש; טאָמער האָב איך עפּעס אַרויסגערעדט, איז דאָס געווען פּונקט ווי אַ גוי רעדט ייִדיש. אָבער מיין מוטער, אַ געבוירענע אין מאָסקווע, האָט גערעדט אַ גאַנץ גוטן רוסיש און דאָס האָט מיר אַ סך געהאָלפן.

מיין פאָטער, אַ פרומער ייִד, זאָגט איינמאָל צו מיר: „מיין

קינד, וואָס עס איז געווען ביז איצט, איז שוין אַוועק. איצט דאַרפסטו ווערן אַ פרומער ייד. קום מיט מיר קויפן תפילין.״

איך האָב מיין פאָטער נאָכגעגעבן זיין פאַרלאַנג אָן קיין שום טענות.

מיר זיינען אַוועק אויפן גרויסן שול־הויף צו אַ סופר. ווען מיין טאַטע האָט אויסגעקליבן פאַר מיר אַ פּאָר קלייניקע תפילין, און דער סופר האָט מיר אָנגעטאָן דעם של־ראש, האָב איך אַ זאָג געטאָן: „אטעץ, אָני זשע זאַ מאַלי״ (טאַטע, זיי זיינען צו קליין). האָט דער סופר אַ דערשראָקענער אויסגעשריען: „אוי, ווי איז מיר, אַ גוי!״

***

קיין מינסק בין איך געקומען סוף חודש אויגוסט פון יאָר 1906; כאָטש די כוואַליעס פון רעאַקציע האָבן זיך שוין גענומען דערנענטערן נאָך דער דורכגעפאַלענער רעוואָלוציע פון 1905, — דאָך האָט מינסק שוין געהאַט אַן אַנדער אויסזען אין פרט פון פּאָליטישן און געזעל־שאַפטלעכן לעבן ווי פריער.

איך בין ווידער געוואָרן טעטיק אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, אָבער איצט שוין אויף אַ כשרן, לעגאַלן אופן.

אין יענע צייטן האָבן זיך גענומען גרינדן אָפענע, געזעצלעכע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען (יוניאָנס). געווען זיינען דעמאָלט ביי אונדז אין מינסק, אַזוי ווי אין אַלע אַנדערע שטעט פון יידישן תחום, צוויי פראַקציעס. איינע — אַ בונדישע, און די צווייטע — אַן אומ־פּאַרטייאישע, צוזאַמענגעפּאָרט פון פּועלי־ציון, ס.־ס., ציוניסטן, סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן און פון אַנדערע פאַרשיידענע קליינע ריכטונגען.

איך בין געווען דער סעקרעטאַר פון שניידער־פאַראיין, ווייל איך האָב געקענט די רוסישע שפּראַך, וואָס איז געווען נייטיק פאַר די קאָנצעלאַריעס פון גובערנאַטאָר, פּאָליציי־שעף אד״גל. אַלע מיט־גלידער פון דער עקזעקוטיווע האָבן געדאַרפט זיין פאַרשריבן ביים פּאָליצמייסטער.

עס איז דעמאָלט געווען די צייט פון אויסקלייבן דעפּוטאַטן צו דער צווייטער „דומע״.

איך האָב געהאַט די געלעגנהייט אַ פּאָר מאָל צו זיין ביי גער־שוניס אַ ברודער אין הויז, אַ דאָקטאָר מעדיצין. מיר האָבן ביי אים געהאַט מיטינגען וועגן די וואַלן פון דעפּוטאַטן.

אין דער צייט האָב איך זיך באַקענט מיט אַ שיין, קלוג מיידל. איר משפּחה האָב איך נאָך געקענט פון די קינדערשע יאָרן. זי איז נאָך געווען אַ גאַנץ יונגינקע.

געגאַנגען באַזוכן בין איך אירע אַ שוועסטער, וואָס האָט געהאַט אַ בעקעריי פון קוכנס אויף ליאַכאָווקע. דאָרטן האָב איך באַגעגנט באַשקען, מיין איצטיקע פרוי. אַ הויכע, מיט אַ שיינער פיגור, שוואַר־צע האָר, מיט אַן איידעלן, געשניצטן פּנים, זי האָט אויך גערעדט גוט רוסיש.

צום „בונד" האָט זי ניט געהערט, זי האָט גאָר סימפּאַטיזירט מיט די ציוניסטן.

זומער־צייט, אין חודש יולי, 1907, האָבן מיר חתונה געהאַט אויף אַ שטילן און באַשיידענעם אופן. געווען זיינען אויף דער חתונה מיינע עלטערן. מיין עלטערער ברודער איז ניט געקומען; ער האָט זיך געהאַלטן פון מיר פונדערווייטנס, ווייל איך בין געווען ביי אים אין די אויגן אַן אַפּיקורס, אַ כופר בעיקר. די רעשט ברידער און שוועסטער זיינען ניט געווען אין מינסק.

לאָמיך שוין אויך איבערגעבן אַ פּאָר ידיעות וועגן מיין פרוי באַשקע, וואָס איז פאַר מיר געוואָרן אַ געטרייער באַגלייטער אַלע מיינע שפּעטערדיקע יאָרן.

באַשקע איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1888 אין איהומען, מינסקער גובערניע. איר פאָטער, משה בער מאַנהייט, אַ ייד אַ למדן און אַ וועלטלעכער, קלוגער מענטש, איז געווען אַ פאַרוואַלטער פון אַ סמאָלאַרניע אין קאַראַניעץ, אַ דערפל ניט ווייט פון בערעזין. די בעלי־הבתים, די אַסטראַכאַנעס, האָבן געוואוינט אין בערעזין.

די סמאָלאַרניע איז געווען אָפּגעטיילט פון דערפל. דאָרטן האָבן געוואוינט בלויז דריי פאַמיליעס: מיין פרויס עלטערן, אַ גויאישער באַנדער, וואָס האָט געמאַכט די קופּן אויף אַריינגיסן די כמאַלע, און אַ צווייטער גוי, וואָס האָט געאַרבעט אַרום די קעסלען וואו מען

האָט געקאָכט די סמאָלע. אין אָט דער דאָזיקער סביבה איז מיין פרוי אויפגעהאָדעוועט געוואָרן.

ווען זי איז געוואָרן גרעסער, איז זי געקומען קיין מינסק צו אירער אַ שוועסטער, וואָס האָט געהאַט אַ בעקעריי פון בולקעס.

באַשקע אַליין האָט געהאַלטן אַ בופעט אין אַ פּרויען פּראָ־גימ־נאַזיע. דער נאַטשאַלניצע (פּרינציפּאַלין) פון פּראָ־גימנאַזיע איז געפעלן געוואָרן די דאָזיקע איידעלע באַשקע, און זי האָט איר דערלויבט צו זיין ביי די לימודים אין די קלאַסן. אַזוי אַרום האָט באַשקע גערעדט גאַנץ גוט רוסיש. זי האָט אויך ביכער געלייענט, מערסטנס רוסישע.

איך האָב געהאַט שווערקייטן ביים קריגן אַרבעט אין מינסק. די שניידער־באַלעבאַטים האָבן מורא געהאַט פאַר אַ „סיביריאַק״. אַ שיינע פּאָר חדשים בין איך אַרומגעגאַנגען ליידיק. דערפאַר האָב איך צייט געהאַט אָפּצוגעבן זיך מיט געזעלשאַפטלעכע אַרבעטן. נאָך מיין חתונה האָב איך געקראָגן, — מיט דער הילף פון די אַר־בעטער, — אַרבעט ביי יודל ברייטמאַן, לעבן קאָלאָנטשאַ. געאַרבעט האָב איך פון שטיק.

איך מיט מיין ליבער באַשקעלען האָבן זיך אַריבערגעקליבן אין אַ קאַמער אויף דער גאַס נייע־ראָמאַנעווע; מיר האָבן גענומען בויען די נעסט פאַר אונדזער צוקונפטיק לעבן.

די רעאַקציע אין רוסלאַנד איז געוואַקסן מיט יעדן טאָג. דער מיניסטער פאַר אינערלעכע ענינים, האָט אָנגעהויבן צונעמען דאָס ביסל רעכט, וואָס די אַרבעטער האָבן באַקומען נאָך דער רע־וואָלוציע פון 1905, צו גרינדן פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען.

ווען מיר האָבן אַרויסגערופן אַ סטרייק ביי פריינקלען דעם שניידער, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסן מאַגאַזין פון מענער־קליידער אויף גובערנאַטאָרסקע גאַס, האָט מען די פירער פון פאַראיין אַרעסטירט.

אין אַ זונטיק־פרימאָרגן איז געקומען אַן אקאלאדאטשני (פּאָ־ליציאַנט) צו מיר אין וואַרשטאַט וואו איך האָב געאַרבעט און האָט מיר העפלעך געמאָלדן, אַז דער פּאָליצמייסטער וויל מיך זען.

איך האָב אַ בעט געטאָן ביי מיין בעל־הבית אַ פּאָר קערבלעך.

פרעגט מיך דער פּאָליציאַנט: „מסתמא רעכנסטו דאָרטן פאַרבלייבן, אַז דו נעמסט מיט זיך געלט?“

— „גאָר“, — זאָג איך אים, — „איך רעכן, אפשר וועל איך קענען דיר געבן אַ פּאָר קערבלעך און פּטור ווערן פון דיר.“

דאָס איז געווען אין יאָר 1907.

## ווידער אַן אַרעסטאַנט

ווען מען האָט מיך געבראַכט אין ערשטן „אוטשאַסטאָק“ אויף גובערנאַטאָרסקע גאַס, האָט מען מיך אָן שום פּראָגעס גלייך פאַרשפּאַרט הינטערן שלאָס.

מיר איז געלונגען אָנזאָגן מיין באַשקען. זי איז באַלד געקומען צו מיר און געבראַכט עסן.

איך האָב איר איבערגעגעבן מיין פּאַס מיטן בילעט, וואָס איך האָב געהאַט אין קעשענע, ווייל מען האָט מיך ניט באַזוכט ווען מען האָט מיך אַרעסטירט. טאָמער וועט ער נאָך צוניץ קומען? אין אַ פּאָר טעג האָט מען מיך אָפּגעשיקט אין מינסקער טורמע, אויף מיין אַלטער „קוואַרטיר“.

ווען מען האָט מיך געבראַכט אין טורמע־קאַנצעלאַריע, האָב איך געבעטן דעם טורמע־נאַטשאַלניק, ער זאָל מיך אַריבערשיקן אין דער 8־טער קאַמער, ווייל דאָרטן האָב איך געהאַט אַ סך פון מיינע באַקאַנטע חברים.

ווען איך בין אַריינגעקומען אין קאַמער האָב איך באַמערקט, אַז אַלע זיינען נערוועז. אין קאַמער האָבן זיך געפונען אַרום 25 פּאָלי־טישע אַרעסטירטע. אַלע געשמידטע אין קייטן. אין יענער צייט האָבן די 8־טע־קאַמערניקעס אָנגעהויבן זיך אונטערגראָבן אונטערן וואַנט און געפּלאַנעוועט צו אַנטלויפן פון תפיסה.

געזעסן זיינען דאָרטן מאַטראָזן פון דער שיף „פּאָטיאָמקין“, וואָס האָבן זיך מיט אַ צייט פריער צעבונטעוועט; מען האָט זיי גע־כאַפּט און פאַרמשפּט אויף קאַטאָרגע.

דער גאַנצער פּלאַן פון גראָבן אַ טונעל איז דורכגעפאַלן און מען האָט אַלעמען געכאַפּט און געשמידט אין קייטן.

נאָכדעם ווי אַלע האָבן זיך מיט מיר באַגריסט און גענומען נאָכ־פרעגן וואָס עס הערט זיך אויף דער פריי, האָט מיך צוגערופן מאַטקע דער סטאָליער, מיינער אַן אַלטער חבר. ער האָט געהאַט איין האַנט, די צווייטע האָט אַ באָמבע אים אָפּגעריסן. ער האָט באַהאַלטן אַ באָמבע ביי זיך אין וואַרשטאַט. געהאַלטן האָט ער זי צווישן האָלץ אין הרובע באַדעקט מיט שפּענער. איינמאָל האָט מען אָנגעצונדן די שפּענער, איז ער צוגעלאָפן אַרויסכאַפּן די באָמבע, זי האָט אָבער אויפגעריסן און אים אָפּגעריסן די לינקע האַנט.

מאַטקע האָט מיר דערציילט וואָס דאָ קומט פאָר, כדי איך זאָל זיך ניט שרעקן און זיין גרייט אויף אַלץ.

איינעם, אַ יונגן קריסטלעכן חבר, האָט מען גערדאַרפט אויף מאָרגן פירן אין געריכט („אָקרוזשנאָי סוד”), און ער האָט ניט גע־וואָלט שטיין פאַרן ריכטער אַ געשמידטער אין קייטן. דאָס מאַכט אַ שלעכטן איינדרוק. די קייטן אַראָפּנעמען איז דערלויבט נאָר ווען דער אַרעסטאַנט האָט אָנגעריבענע וואונדן אויף די פיס. דער חבר האָט שוין פריער זיך געמאַכט די וואונדן און געפאָדערט ביים טורמע־נאַטשאַלניק, ער זאָל ברענגען אַ דאָקטאָר, וואָס זאָל דאָס באַשטע־טיקן, און ער זאָל אים באַפרייען פון די קייטן.

לכתחילה האָט דער נאַטשאַלניק צוגעזאָגט אַז ער וועט דאָס טאָן. אָבער עס האָט גענומען ווערן שפּעט און דער דאָקטאָר איז נאָך אַלץ ניט געקומען, האָבן די אַרעסטירטע געלאָזט וויסן דורך דעם וועכטער, אַז אויב ביז צען אַזייגער אין אָוונט וועט מען ניט ברענגען דעם דאָקטאָר, וועט מען מאַכן אַ בונט, ברעכן די טיר.

ווען די באַשטימטע צייט איז געקומען און קיין ידיעה איז נאָך אַלץ ניט געווען, האָבן זיך אַלע חברים אויסגעשטעלט אין צוויי רייען אַנטקעגן טיר און מיט לאַנגע בענק האָט מען גענומען זעצן אין טיר. יעדער קלאַפּ האָט אָפּגעהילכט אין דער שטילקייט, אַזוי ווי מען וואָלט געשאָסן פון אַ גרויסן האַרמאַט, און די מאַסיווע טורמע־טיר האָט זיך גענומען ברעכן. עס איז געוואָרן אַ טרעוואָגע. אַ מחנה סאָלדאַטן מיטן נאַטשאַלניק פון טורמע זיינען געלאָפן פאַר־סאָפּעטע איבער די טרעפּ צו אונדזער קאַמער. דער נאַטשאַלניק האָט

גלייך געשאָסן אין קאָמער אַריין. די סאָלדאַטן האָבן גענומען שלאָגן מיט די ביקסן־הענטלעך („פּריקלאַדן״) רעכטס און לינקס. מען האָט די גרופּע אַרעסטאַנטן פאַנאַנדערגעטיילט אין אַנדערע קאַמערן ביז מען האָט פאַרריכט די טיר.

דאָס טורמע־לעבן איז זיך ווייטער געגאַנגען מיט זיין טעגלעכן גאַנג; ווער עס האָט אַרומגעמאַרשירט הין און צוריק איבערן קאָמער קלינגענדיק מיט די קייטן און ווער עס האָט געלייענט אַ בוך.

אין יענער צייט איז דאָרטן מיט אונדז אין טורמע אויך געזעסן פאַרשפאַרט ה. לייוויק, דער איצט באַרימטער דיכטער און שרייבער. ער איז דעמאָלט געווען אַ יונגער, שלאַנקער בחור מיט אַ קאָפּ בלאָנדע האָר און מיט אַ ליבלעכן פּנים. אין די קייטן האָט ער אויסגעזען ווי אַ געפאַנגענער ריטער. עס האָבן זיך דעמאָלט באַוויזן די ערשטע שפּראָצונגען פון זיין דיכטערישער שאַפונג; ער פלעגט גאַנץ אָפט פאַר אונדז פאָרלייענען זיינע לידער, דאָרט טאַקע אין תּפיסה גע־שריבענע. ער האָט איבערגעזעצט גאָרקיס ליד „זונען שיינען און פאַרגייען, און אין מיין טורמע איז שטענדיק נאַכט״. מיר האָבן דאָס געזונגען אין כאָר.

אונדזער „נאָרמאַל״ טורמע־לעבן איז איינמאָל אויפגערודערט געוואָרן צוליב אַזאַ טראַגישער געשעעניש:

אַ פּינסקער יידישער חבר, לעווין, אַרום 22 יאָר אַלט, אַן ענערגישער און ליבלעכער בחור, האָט געקראָגן אַן אורטייל טויט־שטראָף. מען האָט אים שוין אַריבערגעפירט אין טויטן־קאַמער. קיין איין פּאָליטישער אַרעסטאַנט האָט ניט געוואָלט איינשלאָפן און פאַרפעלן צו הערן, ווען דער פאַרמשפּטער חבר וועט זאָגן זיין לעצטן „זייט געזונט״ צו אַלע חברים פאַרן פירן אים צו דער תּליה.

האָט מען אין יעדן קאַמער אויסגעקליבן איינעם וואָס זאָל זיין וואך; ווען מען וועט דעם פאַרמשפּטן חבר פירן צו דער תּליה, זאָל ער אַלעמען אויפוועקן.

עס איז געווען אַ קאַלטע ווינטער־נאַכט. איך בין געזעסן צוגע־טוליעט צו די אייזערנע גראַטעס. די גאַנצע טורמע איז געווען שטיל און האָט אויסגעזען ווי אַ לעבעדיקער קבֿר. נאָר פון צייט צו צייט האָט זיך געהערט אַ קלונג פון די קייטן, ווען אַ שלאָפנדיקער חבר האָט זיך איבערגעקערט. אויפן טורמע־הויף איז געווען שטיל, עס

האָט זיך בלויז געהערט דער עכאָ פון די טריט פון „טשאַסאָוואָי״.
מיינע געדאַנקען האָבן זיך אַוועקגעטראָגן ווייט אין דער שטילקייט
פון דער נאַכט.

פלוצלונג דערהער איך אַ פאַרשטיקט קול: „פראשטשאַיטע
טאָוואַריסטשי״! (זייט געזונט, חברים!). מיין גאַנצער קערפּער האָט
אַ ציטער געטאָן ווי אין קאָנוואולסיע, מיין האַלדז איז געוואָרן פאַר־
שטיקט און מיט די לעצטע כוחות האָב איך אויסגעשריען: „שטייט
אויף, מען פירט לעווינען צו דער תליה!״...

אויף מאָרגן איז געקומען מיין באַשקע צו מיר אויף אַ זעאונג,
און ווען מען האָט מיך אַריינגעפירט אין לאַנגן טויער־דורכגאַנג,
איז דורך מיין לייב דורכגעלאָפן אַ סקרוך, אַ ציטער. אין מיין פאַנ־
טאַזיע האָב איך געזען מיין געהאַנגענעם חבר, וואָס אויף דעם אָרט
האָט מען אים פאַרשניטן זיינע בליענדיקע יונגע יאָרן אויף אייביק.

מיך מיט נאָך אַ חבר האָט מען אַריבערגעפירט אין אַ באַזונדער
קאַמער; מיר האָבן געגייט פאַר די „נאַדזיראַטעלעס״ (די וועכטערס)
מיליטערישע בגדים.

מיין פרוי באַשקע פלעגט מיר אָפט ברענגען אַ טאָפּ מיט בולבעס
אָדער געקאָכטן צימעס. ווען די חברים האָט מען אַרויסגעלאָזט אויפן
שפּאַציר, פלעג איך זיי איינלאַדן צו גאַסט, און מכבד געווען זיי מיט
באַשקעס מאכלים.

איך בין אָפּגעזעסן אַרום זעקס חדשים, נאָך דעם האָט מען מיך
פאַרשיקט קיין אָרשע, מאָהילעווער גובערניע, אויף צוויי יאָר „נאַ־
דזאָר״. מען האָט מיך געבראַכט קיין אָרשע מיטן קאָנוואָי, צוזאַמען
מיט נאָך איינעם אַ חבר, אויך אַ שניידער פון מינסק. געצל האָט
ער געהייסן.

מיר האָבן גענומען אַרומזוכן אַ מקום מנוחה וואו דעם קאָפּ
אַוועקצולייגן. מען האָט אונדז אָנגעוויזן צו אַ יידן אַ „קאָלעשניק״
(וואָס מאַכט רעדער צו וועגענער), מיר האָבן ביי אים געדונגען אַ קאַ־
מער בלויז צום שלאָפן, אָן עסן.

איך האָב זיך אַרויסגעלאָזט איבערן שטעטל זוכן אַרבעט, אָבער
עס איז געווען שווער צו געפינען; מען האָט אונדז אָנגעקוקט מיט
חשד, וואָס פאַראַ צוויי חברה פאַרשיקטע?

מיין גוטע און ליבע באַשקע איז פאַרבליבן אין מינסק ביי איר

שוועסטער העניע, וואָס האָט געהאַט אַ בעקעריי. איך האָב זייער געבענקט נאָך איר. אײַנגאַנצן אַ פּאָר חדשים נאָך דער חתונה און דער שיקזאַל האָט אונדז שוין צעשיידט. זי האָט געשוואַנגערט און מיך האָט זייער באַאומרואיקט די גאַנצע לאַגע.

אַרום פּורים־צייט 1908 האָב איך באַקומען פון מײַנעם אַ חבר אַ קאַרטל, אַז מײַן באַשקע האָט מיר געבוירן אַ ייִנגל. ביי מיר האָט דאָס אַרויסגערופן פרייד מיט שרעק צוזאַמען. איך האָב זיך פאַרגעשטעלט אַנדערש ניט, אַז באַשקע איז געפערלעך קראַנק, און דערפאַר איז איר שוועסטער ניט געלעגן אין קאָפּ מיר צו שרייבן, נאָר מײַן חבר האָט דאָס מיך געוואָלט דערפרייען מיטן גוטן אַנזאָג.

איך האָב די זעלביקע נאַכט געגנומען די באַן און געקומען קיין מינסק, אַז קיינער זאָל ניט וויסן, כ׳בין אַרײַן צו מײַן שוועגערין און אַ פרעג געטאָן: וואו איז באַשקע? — ערשט זי איז אין יידישן שפּיטאָל אויף ליאַכאָווקע.

איך בין אַוועק צום שפּיטאָל אין מיטן נאַכט. דער „סטאָראָזש" (נאַכט־וועכטער) האָט מיך ניט געוואָלט אַרײַנלאָזן. איך האָב אים געגעבן אויף אַ האַלבע קוואָרט בראָנפן און אַרײַן אינעווייניק.

באַשקע איז געווען אין דער אָפּטיילונג פון געווינעדינס. ווען זי האָט מיך דערזען, איז זי ווי ניי־געבוירן געוואָרן און פאַרגעסן פון אַלע אירע ליידן.

ווען די קראַנקן־שוועסטער איז אַרײַן און האָט מיך דערזען — אַ גאַסט אין מיטן נאַכט — איז זי געוואָרן זייער אויפגערעקט: צו קומען אין אַ צייט וואָס איז ניט דערלויבט! — זי האָט דאָס ניט געקאָנט פאַרשטיין.

איך האָב פאַרבראַכט מיט באַשקען אַרום אַ שעה צייט און כ׳בין אַוועקגעפאָרן צוריק קיין אָרשע.

***

איך האָב געגנומען טראַכטן, אַז אַזאַ לעבן טויג ניט, און גענומען זוכן ווי אַזוי צו פאַרבעסערן מײַן מאַטעריעלע לאַגע.

איך האָב געשריבן אַ ביטע צום גובערנאַטאָר, אַז ער זאָל מיר געבן די דערלויבעניש צו זײַן אונטער „נאַדזאָר" אין ווילנע. מען האָט דאָס מיר באַוויליקט.

אין ווילנע בין איך איינגעשטאַנען אויף דער דייטשישער גאַס, אויף אַ שאַלקע, אונטערן דאַך.

דירה־געלט האָט מען מיר גערעכנט גאַנץ ביליק, ווייל קיין באַזונדער צימער האָב איך ניט געהאַט. דער בעל־הבית אַליין איז געווען אַ דאַמען־שניידער, אויך אויף „באַדזאַר״. איך האָב געהאָפט, אַז אין ווילנע, אַ גרויסע שטאָט, וועל איך זיכער קריגן אַרבעט. איך האָב זיך געווענדט צום פּראַפעסיאָנעלן פאַראיין, זיי זאָלן מיר העלפן קריגן אַרבעט, אָבער די צייט איז געווען זייער אַ שלעכטע און כ׳האָב ביי די גרעסטע אָנשטרענגונגען ניט געקראָגן קיין אַרבעט.

מיר איז אויסגעקומען צו נעמען זיך צו מיין אַלט מיטל — לעבן מיט פינף קאָפּיקעס אַ טאָג. איך פלעג קויפן אַ שטיקל הערינג פאַר דריי קאָפּיקעס, פאַר צוויי קאָפּיקעס ברויט, און מיט דעם אַדורכשטופן דעם טאָג. איך האָב געגעסן מער הערינג ווי ברויט, כדי איך זאָל טרינקען מער וואַסער; דאָס, זאָגט מען, איז אַ סגולה צו פאַרטרייבן דעם הונגער. איך בין אַרומגעגאַנגען איבער די ווילנער גאַסן און געבענקט נאָך מיין באַשקען און מיין קינד.

דער ווילנער דלות האָט אויף מיר געמאַכט זייער אַ שווערן איינדרוק, כאָטש דאָס אַלגעמיינע גייסטיקע לעבן איז אין אַ סך פּרטים געווען אַ סך אינטערעסאַנטער איידער אין מינסק.

דאָס לויפן אין דער פרי קויפן פאַר אַ גראָשן הייסע וואַסער און פאַררוקן דעם טשאָלנט ביים בעקער, וואַרטן שבת אויפן „שאָס״ פון פעסטונג, וואָס פלעגט פונקט אויסקומען וואַרמעס־צייט און דאַן לויפן אָפּנעמען דעם טשאָלנט, — דאָס דאָזיקע לעבן איז מיר ניט שטאַרק געפעלן געוואָרן.

איינמאָל האָב איך באַקומען פון באַשקען אַ בריוו, אַז איר ברודער פון אַמעריקע האָט געשיקט 50 דאָלער, איך זאָל פאָרן קיין אַמעריקע.

איך בין פון דעם פּלאַן נישט געווען שטאַרק באַגייסטערט. מיר האָט זיך ניט געוואָלט פאָרן קיין אַמעריקע און ווערן אַ שרייפל פון דער גרויסער מאַשין וואָס טרייבט מיט אַזאַ אימפּעט; אָבער איך האָב קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט, איך האָב באַשלאָסן פאָרן קיין אַמעריקע.

איך בין געקומען אַהיים קיין מינסק געזעגענען זיך מיט אַלע מיינע ליבע, וואָס זיינען מיר געווען טייער: מיין פאָטער און מוטער, מיין יונג ווייבל מיטן קליינעם נפשל, וואָס האָט נאָך ניט געקאָנט פאַרשטיין וואָס אַרום קומט פאָר.

## איך וויל פאָרן קיין אַמעריקע און פאַל אַריין אין טורמע

אַלע זיינען געקומען באַגלייטן מיך צום באַן. מיין יינגערער ברודער דוד, וואָס האָט אויך זיך געלערנט שניידעריי. מיינע שוועסטער זלאַטקע און ראַזע.

ווען מיר זיינען געקומען אויף דעם מינסקער וואָקזאַל, האָב איך באַמערקט אַז עס דרייען זיך אַרום באַאַמטע פון אַלע זעקס „אוטשאַסט־קעס" (פּאָליציי־אָפּטיילונגען).

איך האָב פאַרשטאַנען אַז דאָס איז אַ נעץ פאַרוואָרפן אויף מיר. זאָג איך צו באַשקען: „די אַלע מלאכי־חבלה זיינען געקומען מיך ווידער אַריינכאַפּן אין דער נעץ."

— „פּרואוו אַנטלויפן פון דאַנען", — זאָגט זי מיר.

— „עס איז צו שפּעט. זיי וועלן מיך כאַפּן. איך וועל פּרואוון אַריין אין וואַגאָן, אפשר וועלן זיי מיך פאַרלירן."

איך האָב זיך אַריינגעגנבעט אין אַ וואַגאָן. ערשט גלייך נאָך מיר איז אַריינגעקומען דער זשאַנדאַרמסקער וואַכמייסטער מיט זיינע גרויסע וואָנצעס, אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף מיין אַקסל און האָט אַ זאָג געטאָן: „אין נאָמען פון געזעץ זייט איר אַרעסטירט."

מען האָט אַרעסטירט אַלע מיינע באַגלייטער. מיין פרוי האָט איבערגעלאָזט דאָס קליינע נפשל און האָט אים געדאַרפט געבן צו זייגן. מען האָט אַלעמען אָפּגעפירט אין פּאָליציי, דער זשאַנדאַרמס־סקער וואַכמייסטער האָט מיר געשטעלט אַ קלאָץ קשיה: „מען האָט דאָך דיך פאַרשיקט אַמאָל אין סיביר. ווי קומסטו אַהער?"

איך האָב געזאָגט: „צו פוס בין איך ניט געגאַנגען, נאָר גע־קומען צוריק מיט דער באַן."

מיין פרוי האָט זיך גענומען בעטן, אַז זי האָט איבערגעלאָזט אַן

עופהלע און זי דאַרף דאָס אָנקאָרמענען. אָבער ביז וואַנען זיי זיינען ניט דורכגעגאַנגען די גאַנצע פּראָצעדורע פון אויספרעגן און פאַר־שרייבן, האָט מען זי ניט אַרויסגעלאָזט.

מיך האָט מען געהאַלטן דריי טעג אין פּאָליציי און מען האָט מיך אָפּגעשיקט צוריק אין מינסקער טורמע.

## איך קום אין דער פּערעסילנער טורמע

אַריינקומענדיק אין קאַמער, — וואו עס האָבן זיך געפונען פון כל־המינים אַרעסטאַנטן, וואָס שלעפּן זיך איבער די טורמעס, — האָב איך באַמערקט איינעם אַ קאַטאָרזשנעם, פון מיטעלן וואוקס, וואָס האָט מיט גדלות אַרומגעשפּאַצירט הין און צוריק, קלינגענדיק מיט די קייטן. איך האָב ניט געלייגט אויף אים קיין גרויס אַכט, כ׳בין אַרויפגעקראָכן אויף דער נאַרע, זיך אויסגעצויגן אָפּרוען. ערשט דער קאַטאָרזשאַנעץ גייט צו צו מיר און גיט אַ זאָג: „איי, דו, גיב פּאַפּרויכערן!" ענטפער איך אים: „איך האָב ניט."

— „זעסט", — בייזערט ער זיך, — „נאַר וואָס געקומען פון דער פריי און האָט ניט קיין טאַבאַק."

זאָג איך קאַלטבלוטיק: „ביי מיר אין קעשענע וואַקסט ניט קיין טאַבאַק."

פון דער ווייטנס, באַמערק איך, אַז איינער אַ יונגער בחור ווינקט צו מיר, איך זאָל צום אַרעסטאַנט ניט ריידן. דער זעלבער בחור האָט זיך געמאַכט פאַר אַ שטאַרקן ווען איך בין געזעסן אין פּאָליציי און ער האָט ביי מיר געפאָדערט קליין־געלט אויף קיפּיאַטאָק, אויב ניט, וועט ער מיך ביי דער נאַכט ניט לאָזן גיין אויפן „פּאַראַש" (אַ צעבער, וואָס די אַרעסטאַנטן נוצן אויף נאַטירלעכע באַדערפעונישן...) ער איז אָבער געבליבן דער נאַר. גיב איך אַ פרעג דעם העלד מיט די קייטן: „שוין לאַנג אַז דו גייסט אַרום מיט די „בראַזגולקעס"? (אַ באַליידיקונג־וואָרט אויף די קייטן). דו ווייסט, אַז דו גייסט ערשט אַהין, וואו איך בין שוין געווען?"

ווען ער האָט דערהערט פון מיר אַזעלכע רייד, האָט ער שוין פאַר־

שטאַנען אַז איך בין אויך ניט קיין „שיפּע זיבעטל" און האָט פּאַר מיר געקראָגן דרך־ארץ.

דער בחור איז נאָכדעם צוגעגאַנגען און מיך באַוואונדערט, וואָס איך האָב ניט קיין מורא פאַרן קאַטאָרזשנעם. — „ביי מיר האָט ער דאָך צוגענומען אַן אויסגעצייט העמדל", — זאָגט ער. — „ווי אַזוי?" — פרעג איך אים. — „פאַר מורא; ער האָט מיך געוואָלט שלאָגן". — „וואָרט", זאָג איך, — „דו וועסט באַלד זען, ער וועט דיר דאָס העמדל אָפּגעבן צוריק."

דער בחור, אַ דערשראָקענער, האָט מיך גענומען בעטן: „הייבט בעסער ניט אָן." זאָג איך: „האָב ניט קיין מורא. איך וועל אויף אַ גאַנץ געלאַסענעם אופן אַלץ דורכפירן."

ווען מען לאָזט די אַרעסטאַנטן אַרויס אויף „פּראָגולקע", לויפן זיי צום ערשטן צו צו דער „פּערעסילנער" קאַמער הערן נייעס פון די דורכגייענדיקע אַרעסטאַנטן. ווען דער סטאַראָסטע פון די קרימינעלע אַרעסטאַנטן האָט מיך דערזען, האָט ער מיר געגעבן אַ ברייטן „שלום עליכם" און געפרעגט, ווי קום איך אַהער? — איך האָב אים דער־ציילט די פּאַסירונג מיט דעם קאַטאָרזשנעם, וואָס האָט צוגענומען דאָס העמדל ביים בחור. ער האָט אים גלייך אַ רוף געטאָן: „הער מיך אויס, מאַך זיך ניט פאַר אַ צו־גרויסן העלד. גיב גלייך אָפּ צוריק דאָס העמדל. איך וויל ניט אַז דו זאָלסט פאַרמיאוסן אונדזער נאָמען, אַז אין מינסקער טורמע באַרויבן די אַרעסטאַנטן איינער דעם צווייטן. אויב דו וועסט זיך אַזוי אויפפירן, וועל איך לאָזן וויסן אין מאָסקווער טורמע, און דאָרטן וועסטו דערפאַר טייער באַצאָלן."

דער קאַטאָרזשנער האָט זיך גענומען פאַרענטפערן, אַז ער האָט דאָס בלויז געמאַכט אַ שפּאַס, און האָט דאָס העמדל גלייך אָפּגעגעבן.

אין דער „פּערעסילנער" טורמע בין איך אָפּגעזעסן צוויי וואָכן — געוואַרט אויף אַן עטאַפּ. עס איז דאָרט געווען ענג און שמוציק; איך בין געשלאָפן אויפן שטיינערנעם דיל.

מען האָט מיך געשיקט צוריק קיין אָרשע. מיין דערקלערונג, אַז איך בין איצט אויף נאָדזאָר אין ווילנע, האָבן די באַאַמטע ניט גענומען אין אַכט. ביי זיי איז געווען פאַרשריבן, אַז מיך האָט מען אַרויס־געשיקט קיין אָרשע, האָבן זיי ניט געוואָלט וויסן פון קיין חכמות.

מען האָט מיך אַ גאַנצן חודש אַרומגעשלעפּט אויף אַלע עטאַפּן,

ביז מען האָט מיך געבראַכט צוריק קיין ווילנע אין דער לוקישקער טורמע, אַ געשמידטן אין קייטן, צוזאַמען מיט נאָך אַ קאַטאַרזשניק. פון דער לוקישקער טורמע האָט מען מיך אָפּגעשיקט אין פינפטן „אוטשאַסטאָק״, און מען האָט מיך ניט אַרויסגעלאָזט ביז עמעצער וועט פאַר מיר ערב זיין, אַז איך וועל ניט אַנטלויפן ביז מיין משפט וועט פאָרקומען, דערפאַר וואָס איך האָב אָן אַ דערלויבעניש גע־פרואווט אַוועק פון ווילנע.

איך האָב וועגן דעם געלאָזט וויסן מיין פריינד, וואו איך בין פריער געווען איינקוואַרטירט; ער האָט גוטגעזאָגט פאַר מיר און מען האָט מיך באַפרייט.

## איך פאָר קיין אַמעריקע

איך האָב אָנגעשריבן אַ בריוו צום אַגענט אין מינסק, וואָס האָט מיך געדאַרפט אַריבערפּעקלען איבערן גרענעץ. ער איז געקומען קיין ווילנע און האָט מיך געלערנט ווי אַזוי צו פאָרן. דער עיקר, זאָל איך זיין זייער פאָרזיכטיק אין וואַרשע אויפן וואָקזאַל — דאָרטן זייַנען פאַראַן אַ סך שפּיאָנען; ווען איך וועל קומען צום גרענעץ וועט מיך אַ מאַן אָפּוואַרטן.

אַ פּאָר פריינד און חברים האָבן מיך פאַרפּוצט מיט אַ ווייכער הוט און אויסגעבונדן אַ שניפּס, איך זאָל אויסקוקן ווי אַ רייזנדער־געשעפטסמאַן.

מען האָט פאַר מיר געקויפט אַ בילעט און איך האָב זיך געלאָזט אין וועג. דאָס מאָל איז מיר געלונגען. אַ גאַנצע נאַכט בין איך געפאָרן, אָבער שלאָפן האָב איך ניט געקאָנט. פאַרשיידענע מחשבות האָבן זיך געפּלאָנטערט אין קאָפּ, איבערהויפּט האָב איך זיך גע־שראָקן, מען זאָל מיך ניט פּאַקן ביים גרענעץ און איך זאָל ווידער ניט דאַרפן חדשים לאַנג שלעפּן זיך מיטן עטאַפּ.

ווען איך האָב זיך גענומען דערנענטערן צו וואַרשע, איז מיר געוואָרן אַ ביסל קאַלעמוטנע אויפן האַרצן. אין מיין טשעמאָדאַן

**האָב איך געהאַט אַ פּלעשל בראָנפן, וואָס מיינע ווילנער חברים האָבן מיר געגעבן. איך האָב געמאַכט אַ גוטן לחיים, איך זאָל זיך ניט פילן פאַרלוירן. איך האָב אויסגעפונען, אַז גלייך ווען די באַן קומט אָן, גייט אָפּ אַ פאַרבינדונג־צוג צו דער ווינער באַן.**

## דאָס שמוגלען די גרענעץ

ווען איך בין אַרויס פון וואַגאָן, בין איך צוגעגאַנגען צום זשאַנ־דאַרם און העפלעך אַ פרעג געטאָן: „וואו נעמט מען דאָ דעם פערע־דאַטשנעם פאָיעזד (פאַרבינדונג־צוג)?" ער האָט מיר אָנגעוויזן, און איך בין אַוועק מיט שטאָלצע טריט, ער זאָל ניט האָבן קיין פאַרדאַכט אויף מיר. ווען איך האָב זיך גענומען דערנענטערן צום גרענעץ, אַ פּאָר סטאַנציעס פאַר ט. האָב איך גענומען פּלאָנעווען אַז אויב איך וועל לעבן גרענעץ ניט באַגעגענען דעם אַגענט, וועל איך נעמען אַ בילעט און כ'וועל פאָרן גלייך צוריק. אַרומדרייען זיך און וואַרטן האָב איך ניט געוואָלט. קיין פּאַס האָב איך ניט געהאַט. ווען די באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי דער לעצטער סטאַנציע פאַר ט. האָב איך אַלע מיינע חושים אָנגעשטרענגט צו דערקענען דעם אומבאַקאַנטן. פאַרביי דער באַן איז אַדורכגעגאַנגען אַ קליין־געוויקסיקער מאַן אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע, מיט פאַרדרייטע פאותן, און אַ קליין קאַשקעטל אויפן קאָפּ; ער האָט געפּאַנפעט אונטערן נאָז אַ חסידישן ניגון: „בים־באַם, בים־באַם... פרעסמאַן, האַ?"

איך ענטפער אויך זייטיק: „געטראָפן, יאָ."

— „קומט גלייך אַרויס", — זאָגט ער.

— „און מיין טשעמאָדאַנטשיק?" — פרעג איך.

— „לאָזט אַלץ איבער און גייט אַריבער אויף דער צווייטער זייט גאַס".

מיר זיינען געגאַנגען לענג אויס. ער האָט געפּאַנפעט זיין לי־דעלע. איך האָב געפייפט. מיר האָבן זיך פאַרקירעוועט אין אַ זייטיק געסעלע. ער האָט מיך אַריינגעפירט אין אַ קליין כאַטקעלע צו אַ פויער; געווען איז ער גראָד אַ לאַטיש. מען האָט מיך באַהאַלטן אין אַ

קליין קעמערל, וואַרטן עס זאָל צופאַלן די נאַכט, און דאַן וועט מען מיך אַריבערפּעקלען צום גרענעץ. איך האָב דעם גאַנצן וועג פון ווילנע אָן ניט געגעסן און כ׳בין געווען שטאַרק אויסגעמאַטערט. איך האָב אויסגעטרונקען צוויי פלעשלעך ביר און כ׳בין איינגעשלאָפן.

מען האָט מיך אויפגעוועקט ווען ס׳איז שוין געווען פינצטער, מען האָט מיך אַריינגעפירט אין אַ פראַכט־באַן און אָנגעזאָגט, אַז מיר וועלן דאַרפן אַראָפּשפּרינגען ווען דער פראַכט־וואַגאָן וועט דער־גרייכן אַ פעלד וואו עס וואַקסט קאָרן. די באַן איז געגאַנגען פּאַ־מעלעך, ווי אַ היימישער באַלעגאָלע פאָרט מיט זיין בויד. אויף דעם אָפּגערעדטן אָרט בין איך אַראָפּגעשפּרונגען און דורך די הויכע זאַנגען האָט מען מיך געבראַכט ווידער צו אַ פאַרוואָרפן איינזאַמען הייזקעלע. פון אַ חזיר־שטאַל זיינען אַרויסגעקומען נאָך עטלעכע באַהאַלטענע, צווישן זיי עטלעכע פרויען, איין פרוי מיט אַ קינד פון אַ יאָר פינף. דער אַלטער לאַטיש, מיט זיין מיטליאָריקן זון, האָבן זיך עטלעכע מאָל איבערגעצלמט, האָבן זיך צעזעגנט מיט זייערע פרויען און געלאָזט זיך מיט אונדזער קאָמפּאַניע אין וועג אַריין.

די נאַכט איז געווען אַ פינצטערע. מיר זיינען אַלע געגאַנגען מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם. דאָס ייִנגעלע האָט דער אַלטער לאַטיש געטראָגן אויף די הענט. מיר זיינען צוגעגאַנגען צו אַ קליין שמאָל טייכל, האָבן אויסגעטאָן אונדזערע שיך, פאַרקאַטשעט די הויזן, גענומען די פרויען אויף די פּלייצעס און זיינען אַריבער דאָס וואַסער. שפּעטער האָט מען אונדז געהייסן פויזן אויף אַלע פיר. לעבן מיר איז געגאַנגען דער ייִנגערער לאַטיש, וואָס האָט געקענט ריידן רוסיש. איך האָב אים שעפּטשענדיק אַ פרעג געטאָן: „נאָך וויַיט ?״ — „ניין, באַלד, שוין נאָענט״, — ענטפערט ער. אין עטלעכע מינוט אַרום האָט ער אַ זאָג געטאָן : „לויפט שנעל אין וואַלד אַריין״.

אין וואַלד האָבן מיר זיך אָפּגערוט. אויף מאָרגן זיינען מיר שוין געווען אין אַ גרויסער שטאָט, אויב איך האָב ניט קיין טעות, איז עס געווען פּשעמישל, גאַליציע.

דאָרטן האָב איך אָנגעשריבן אַ בריוו צו מיין פרוי און צו מיינע עלטערן, אַז איך בין בשלום אַריבער די גרענעץ : איך האָב איבער־געשיקט אַ גרוס צו רוסלאַנד, וואו איך האָב פאַרבראַכט מיינע יונגע און אינטערעסאַנטע יאָרן, כאָטש כ׳האָב זיך דאָרטן אָנגעליטן זייער

אַ סך. אַדיע, רוסלאַנד, מסתמא וועל איך דיך שוין מער ניט זען!

אין ראָטערדאַם, האָלאַנד, איז מיר אויסגעקומען צו וואַרטן אויף אַ שיף פיר וואָכן. איך ווייס ניט פאַרוואָס די שיף־קאָמפּאַניע האָט אַזוי לאַנג אונדז געהאַלטן. געוואוינט האָבן מיר אין אַ ביליקן האָטעל אויפן חשבון פון דער שיף־קאָמפּאַניע.

ווען מען האָט אין קאָנטאָר זיך נאָכגעפרעגט ווען מיר וועלן שוין פאָרן קיין אַמעריקע, פלעגן זיי יעדעס מאָל אונדז געבן אַן אַנדער תּירוץ.

זיינען מיר איין מאָל געקומען אַ גאַנצע כאָפּטע צו דער שיף־קאָמפּאַניע און געמאַכט דאָרטן אַ ליאַרעם: „זאָל נעמען אַן ענד!" — האָבן מיר געשריען, — „שיקט אונדז וואָס שנעלער, אויב ניט, וועלן מיר מאַכן אַ גרויסן סקאַנדאַל!"

דער סוף איז געווען, אַז די האָלענדישע פּאָליציי האָט אונדז אַלעמען אַריבערגעפירט אויף אַ שיף און האָט קיינעם פון אונדז ניט אַראָפּגעלאָזט. אַזוי האָט מען אונדז דאָרטן געהאַלטן אַ גאַנצע וואָך, ביז די שיף איז אָפּגעגאַנגען קיין אַמעריקע.

די שיף איז געווען אַן אַלטע. טייל האָבן געזאָגט, אַז דאָס איז געווען אַ שיף פאַר אָקסן.

12 טעג האָט געדויערט אונדזער רייזע איבערן ים, ביז מיר זיינען געקומען קיין ניו־יאָרק; פון דאָרטן האָט מען מיך אָפּגעשיקט מיט דער באַן קיין פּיטסבורג, פּענסילוויייניע.

## אַ גרינער אין אַמעריקע

אָנגעקומען קיין אַמעריקע בין איך אין יולי 1908. אין לאַנד איז געווען אַ קריזיס. טעאָדאָר רוזוועלט איז דעמאָלט געווען פּרעזידענט. די גרויסע אייזן־פעקטאָריס אין פּיטסבורג זיינען געשטאַנען שטיל. געווען פאַלן ווען מענטשן האָבן פון פאַרצווייפלונג זיך גענומען דאָס לעבן.

די שטאָט אַליין האָט אויף מיר אָנגעוואָרפן אַ מרה־שחורה. צווישן שמאָלע, פאַרחושכטע גאַסן, מיט דעם גאַנצן יידישן אָרעמען לעבן, סיי מאַטעריעל און סיי גייסטיק, האָב איך זיך געפילט ווי אין עפּעס אַ „קיינעמס־לאַנד."

אָנגעקומען קיין פּיטסבורג, בין איך אַוועק צו מיין שוועגערין, מיין פרויס אַ שוועסטער. איר מאַן איז געווען אַ סטאָליער, מיט אַ גרויסער פאַמיליע: זעקס ייִנגלעך און דריי מיידלעך; צוזאַמען — אַ פאַמיליע פון עלף. די פאַרדינסטן פון מיין שוואָגער, וואָס האָט געאַרבעט ביי קליינע קאָנטראַקטערס, זיינען געווען זייער קליינע.

ווען איך בין צו זיי אָנגעקומען און געזאָגט, אַז איך בין באַשקעס מאַן, האָט מען מיר געהייסן נעמען אַ באָד; געגעבן אַלטע אַמעריקאַנער אונטערוועש און אָפּצועסן; שפּעטער האָט מען מיך צוגעפירט צו באַשקעס ברודער; ער האָט געהאַט „אַ קלינינג־סטאָרקע" מיט אים האָב איך זיך געקענט נאָך פון אַמאָל. מיר האָבן געאַרבעט אין מינסק ביי דעם זעלביקן באַלעבאָס.

ער האָט פאַר מיר אויסגעקליבן אַן אַלטן קאָסטיום, אַ האַרטן הוט (אַ „דוירבי"), אַריינגעפירט צום שערער, און איך בין געוואָרן אַן אַמעריקאַנער „ספּאָרט".

איך האָב אים געפרעגט צי האָט ער אפשר אַרבעט פאַר מיר אויך; האָט ער מיך געהייסן קומען מאָרגן.

מיט אַ פריילעך געמיט בין איך געגאַנגען צוריק מיט מיין שוועגערין, טראַכטנדיק, אַז איצט וועל איך האָבן אַ מעגלעכקייט צו שיקן אַ פּאָר דאָלאַר באַשקען.

אויף מאָרגן, גאַנץ פרי, בין איך אויפגעשטאַנען און אַליין אַוועק אין מיין שוואָגערס שאַפּ. אַז מען איז אויפגעשטאַנען און מען האָט מיך ניט געפונען, איז געוואָרן אַ טרעוואָגע: „דער ‚גרינער' איז פאַרלוירן געגאַנגען." מיין שוועגערין איז געקומען צו לויפן אַ פאַרסאַפּעטע אין שאַפּ, און אַז זי האָט מיך דערזען, האָט זי דריי מאָל אויסגעשפּיגן: „טפו, זאָל דיר זיין! מיר האָבן זיך דערשראָקן, געמיינט, אַז דו האָסט ערגעץ פאַרבלאָנדזשעט."

מיין שוואָגער האָט מערניט געצאָלט ווי 6 דאָלאַר אַ וואָך. אַלע האָבן געזאָגט, אַז דער „גרינער" איז אַ גליקלעכער וואָס ער האָט געקראָגן גלייך אַרבעט און קריגט אַזאַ גוטן פּרייז.

אַ פיינלעכן איינדרוק האָט אויף מיר געמאַכט דער ערשטער שבת אין אַמעריקע.

פרייטיק פאַרנאַכט איז געקומען מיין שוואָגער דער סטאָליער אַהיים פון דער אַרבעט. אַ קורץ געוואַקסן יידל, אַ ביסל סוטולעוואַטע פון דער שווערער אַרבעט, מיט אַ פּאָר מאָזאָליסטע הענט. ער האָט זיך אַרומגעוואַשן, האָט אָפּגעזאָגט שלום־עליכם און געמאַכט קידוש. מיין שוועגערין האָט געהאַט צוגעגרייט אַ היימישע שבתדיקע וועטשערע: צימעס מיט אַ קוגל, און אין שטוב איז געווען אַ נחת־רוח.

אויף מאָרגן — שבת אינדערפרי — ווען איך האָב דערזען, אַז מיין שוואָגער האָט אָנגעטאָן די „אָוועראָלס", גענומען זיין זעג און אַוועק צו דער אַרבעט, האָב איך דערפילט אַ ווידער־טעם צו דעם גאַנצן אַמעריקאַנער עונג שבת.

איך בין אַרומגעגאַנגען אַן עלנטער און ניט געהאַט קיינעם מיט וועמען זיך דורכצושמועסן. האָב איך גענומען וועגן עפּעס ריידן, האָב איך באַלד דערהערט: „זע נאָר, די גרינע חיה! ער ווייס שוין אויך וועגן וועלטלעכע זאַכן!"

אין די יידישע צייטונגען האָב איך ניט פאַרשטאַנען דעם אַמעריקאַנער זשאַרגאָן: „דער סיידוואָק", „אַפּסטערז" און „נעקסט דאָר" זיינען ביי מיר געווען טערקישע ווערטער. נאָר מיט איין זאַך האָב איך געטרייסט מיין בענקשאַפט: איך וועל שפּאָרן יעדן גראָשן, וועל

אַראָפּברענגען מיין פרוי און קינד און מיר וועלן זיין צוזאַמען. איך האָב קיינמאָל ניט געטראַכט אַרויפצואַרבעטן זיך מאַטעריעל.

לעבנס־מיטלען זיינען דעמאָלט אין אַמעריקע געווען ביליק. פאַר קוואַרטיר (איך בין געשלאָפן אין קיך צוזאַמען מיט צוויי קינ־דער אין איין בעטל) און פאַר אָנבייסן און וועטשערע האָב איך גע־צאָלט מיין שוועגערין 3 דאָלאַר אַ וואָך. אַנטקעגן שאָפּ איז געווען אַ סאַלון (5־טע עוועניו און וואַשינגטאָן סטריט), האָב איך דאָרט פאַר 5 סענט געקראָגן אַ פרייען צובייסן, וואָס איז שטענדיק גע־שטאַנען אויפן בופעט: הערינג, ברויט, אאַז״וו.

נאָך סוכות האָט זיך אָנגעהויבן דער פּרעזידענט־קאַמפּיין. אונדזער יודזשין דעבס איז אַרומגעפאָרן איבערן לאַנד אין אַ ספּע־ציעלן צוג, וואָס איז געווען פּאָפּולער אונטערן נאָמען „דער רויטער צוג״. ווען דעבס איז אָנגעקומען קיין פּיטסבורג, האָט מיך מיין שוואָגער, ביי וועמען איך האָב געאַרבעט, מיטגענומען אין קאַרנעגי־האָל הערן דעבסן רעדן. ווען דער גרויסער עולם איז אַריין אין העכסטן עקסטאַז און האָט שטורמיש אַפּלאָדירט דעבסן, האָב איך געפילט, ווי אַמאָל די יידן, ווען מען האָט זיי פאַרטריבן אין גלות־בבל, און זיי האָבן געענטפערט זייערע פּייניקער: „ווי קענען מיר זינגען דאָס געזאַנג פון גאָט אויף פרעמדער ערד?״

איך האָב גאָרנישט פאַרשטאַנען. די שפּראַך — פרעמד, און דאָס גאָלדענע לאַנד איז מיר נאָך אויך פרעמד. איך האָב אָנגעהויבן גיין אין „נייט סקול״, וואו מען האָט געלערנט ענגליש די ניי־אַריבער־געקומענע אימיגראַנטן. דעם אָנפאַנג־קלאַס האָב איך שנעל אַדורכ־געמאַכט. מען האָט מיך אַריבערגעשיקט אין אַ העכערן קלאַס, איז אַריטמעטיק האָב איך פאַרשטאַנען, אָבער, אַז די לערערין האָט מיך עפּעס געפרעגט, האָב איך ניט געוואוסט וואָס זי רעדט און כ׳האָב איר אויך ניט געקענט ענטפערן. האָט זי מיך אַריבערגעשיקט צוריק אין אָנפאַנג־קלאַס.

ווען די פּרינציפּאַלין האָט מיך געפרעגט: ווי קום איך צוריק אַהער אין קלאַס, האָב איך מיט דער הילף פון אַ צווייטן שילער, וואָס האָט שוין געקענט אַ ביסל ענגליש, איר דערציילט די סיבה. האָט זי אַריינגערופן די לערערין פון העכערן קלאַס און איר געגעבן אַ גאָב:

„מעגסט פאַרטייטשן די ווערטער אויף זיין שפּראַך, וועט ער בעסער פאַרשטיין" (די לערערין איז געווען אַ יידיש מיידל).

אַז איך האָב אָפּגעאַרבעט ביי מיין שוואָגער אַ פּאָר חדשים, האָב איך ביי אים געבעטן אַ הוספה אַ פּאָר דאָלאַר. ער האָט מיר אָפּגעזאָגט און נאָך צוגעגעבן: „אויב דיר לוינט ניט, קענסטו זוכן אַ צווייטן דזשאָב."

האָט מיר מיינער אַ לאַנדסמאַן רעקאָמענדירט דעם פּלאַץ וואו ער האָט געאַרבעט. דאָרטן האָט מען מיר אָנגעבאָטן 15 דאָלאַר אַ וואָך; איך האָב געדאַרפט „פּיקסן" מענער־קליידער. אָבער דער פּלאַץ איז ניט געווען אין פּיטסבורג נאָר אין יאָנגסטאון, אָהייאָ. זיי האָבן דאָרט געעפנט אַ קליידער־געשעפט.

כ'האָב ניט געפאָלגט די שוועגערין און דעם שוואָגער, וואָס האָבן ניט געוואָלט לאָזן אַ „גרינעם" פאָרן אַליין אין דער פרעמד; אינמיטן ווינטער האָב איך זיך צעזעגנט מיט אַלעמען און כ'בין אַוועק קיין יאָנגסטאון. אפילו מיין ענגלישע לערערין האָט מיר געזאָגט, אַז ס'איז אַ שאָד, וואָס איך פאָר אַוועק. דאָס איז געווען אין יאָר 1909.

## איך גרין זיך אויס און ברענג אַראָפּ מיין פאַמיליע

איך בין אָנגעקומען אין יאָנגסטאון, אָהייאָ, פרילינג־צייט. דאָ האָב איך דערפילט אַ גרינגער געמיט; די פּראָווינץ האָט געשמעקט היימישער ווי די גרויסע שטאָט פּיטסבורג. מען האָט געזען אַ גריןביימל, אַ גרין גרעזעלע; אַלץ איז ניט געווען אַזוי פאַרחושכט ווי די פאַררויכערטע פּיטסבורג.

די הויפּט־אינדוסטריעס אין יאָנגסטאון זיינען די שטאָל־ און אייזן־פעקטאָריס, וואָס זיינען באַוואוסט איבער גאַנץ אַמעריקע. די „סטיל מילס" ציען זיך מייל־ווייז.

מען זעט דאָרטן אַ בילד, וואָס דערמאָנט אָן דער מעשה פון משה רבינו אין חומש: דער דאָרן ברענט און ברענט און ווערט ניט פאַרברענט. אין די „מילס" זעט מען טאָג און נאַכט ווי אַ פייער

ברענט און באַלייכט דעם גאַנצן אַרום, און לעשט זיך קיינמאָל ניט אויס.

אַרום אָט די שמעלץ־אויוונס אַרבעטן צום מערסטן סלאָוואַקן, פּאָליאַקן און רוסן; די אַמעריקאַנער־געבוירענע זיינען געוויינטלעך מעכאַניקערס און אַנדערע קוואַליפיצירטע פאַך־אַרבעטער.

אַז די שטאָל־פּעקטאָריס אין יאַנגסטאַון אַרבעטן, איז דאָ פּאַר אַלעמען פּרנסה.

ווען איך בין געקומען קיין יאַנגסטאַון, זיינען דאָרטן געווען ביי אַ 200 יידישע פאַמיליעס; געמאַכט אַ לעבן האָבן זיי מערסטנס פון קליינע געשעפטן און „סעקאָנד־הענדיקע" בגדים. דער עיקר, אָבער, זיינען זיי געווען „האָקסטערס", אָדער פּעדלערס, וואָס פלעגן אַרומפּאָרן פאַרקויפן פאַרשיידענע פּרוכטן און גרינסן.

עס איז אויך געווען אַ יידישע בעקעריי — די ברידער אָזערסקי, ווייל די „פּאָרעינערס", די סלאָוואַקן און פּאָליאַקן, האָבן ליב געהאַט היימישע קאָרענע ברויט.

ביי די אָזערסקיס האָבן געאַרבעט עטלעכע יידישע אַרבעטערס; אויך אַלע „דרייווערס", וואָס האָבן פאַנאַנדערגעפירט דאָס ברויט, זיינען געווען יידישע בחורים. דאָס זיינען געווען כמעט אַלע כאַ־טימסקער לאַנדסלייט.

די אָרטאָדאָקסישע יידן האָבן געהאַט זייערע אינסטיטוציעס: אַ שול און אַ תלמוד תורה. די יידישע „בוטשער־סטאָר" איז אָבער געווען האַלב און האַלב: אין איין האַלבער קראָם — טריפה פלייש פאַר די גויים, און אין דער צווייטער האַלבער קראָם — כשר פלייש. אָט די דאָזיקע „בוטשער־סטאָר" האָט געהאַלטן דער פאָטער פון די היינטיקע רייכע און באַרימטע „וואָרנער בראָדערס", די מואווי־מאַגנאַטן. די בחורים זיינען נאָך דאַן געווען יונג און האָבן געהאָלפן זייער פאָטער, דעם בוטשער, פונאַנדערצוטראָגן די פלייש־„אָרדערס" צו די „קאָסטאָמערס".

אָט אין דעם שטעטל, יאַנגסטאַון, בין איך געקומען נאָך אַ „גרי־נער", איך האָב זיך קוים צוזאַמענגערעדט מיט מענטשן.

דער מענעדזשער פון „קלאָדינג"־געשעפט, אַן אַמעריקאַנער־גע־בוירענער ייד, האָט מיך פריינדלעך אויפגענומען און, זעענדיק, אַז מיין ענגליש איז זייער שוואַך, האָט ער פאַר מיר באַזאָרגט אַ האָטעל,

איך זאָל דאָרט זיין ביז סוף וואָך; און זונטיק וועל איך זיך אַרויס־לאָזן זוכן אַ פּריוואַטע קוואַרטיר.

לעבן האָטעל איז געווען אַ קריסטלעכער רעסטאָראַן, און אַזוי ווי איך האָב ניט שטאַרק מדקדק געווען אין כשרות, האָב איך דערווייל דאָרט געגעסן.

די פּרייזן זיינען דעמאָלט געווען ביליקע: פאַר 25 סענט האָט מען געקראָגן אַ גוטן מאָלצייט אָפּצועסן. דער אַפּעטיט ביי מיר איז געווען ניט שלעכט, איך האָב געריבן אויף ביידע באַקן. די מעניו אין רעסטאָראַן האָב איך געקענט דורכלייענען, אָבער פאַרשטיין — קיין איין וואָרט ניט, פלעג איך אָנווייזן דעם וועיטער מיטן פינגער: „טהיס״, און ער האָט מיר געבראַכט דעם מאכל. אויב ס'איז מיר ניט געפעלן געווען אַ מאכל, האָב איך ניט געגעסן; אויף אַזאַ פּראַקטישן אופן האָב איך זיך באַקענט מיט דער גאַנצער מעניו.

זונטיק האָב איך זיך אַרויסגעלאָזט איבערן שטעטל זוכן אַ צימער. דער יידישער קיבוץ, ווי איך האָב שוין באַמערקט, איז דעמאָלט געווען אַ קליינער.

איך האָב אָנגעקלונגען אין אַ פּאָר הייזער, וואו איך האָב געזען אַ שילדל: „טו־לעט״; אָבער, ניט איך האָב זיי פאַרשטאַנען, און ניט זיי האָבן מיך פאַרשטאַנען, וואָס איך פאַרלאַנג פון זיי. בין איך געפאַלן אויף אַ פּלאַן: כ'וועל זוכן וואו מען פאַרקויפט כשר־פלייש; דאָרטן וועט מען דאָך מסתמא רעדן יידיש. צום באַדויערן איז נאָך דעמאָלט אין יאָנגסטאַון ניט געווען קיין עכט־יידישע „בוטשער סטאָר״ מיטן אויפשריפט „בשר כשר״, נאָר בלויז וואַרנערס האַלב און האַלב פלייש־סטאָר. איך האָב ניט געוואוסט ווי אַזוי אויסצו־געפינען וואו עס וואוינען יידן. איך האָב אַ פרעג געטאָן ביי אַ יינגל, וואָס האָט פאַרקויפט צייטונגען: „ווהער איז א דזשואיש סינאַגאָג?״ און ער ענטפערט מיר: „איי דאָנט נאָו״.

אַזוי שלעפנדיק זיך פון איין גאַס צו דער צווייטער האָב איך דערזען צוויי בחורים גיין. איך הער, זיי רעדן יידיש. איך האָב זיך דערפרייט. איך בין צוגעגאַנגען צו זיי און דערציילט, אַז איך בין א גרינער, איך קום איצט פון פּיטסבורג; מען האָט מיך אַהער אַרי־בערגעבראַכט אַרבעטן אין פינקעלהאַרטס „קלאָדינג־סטאָר״, און איך זוך אַ צימער אין אַ יידישער הויז..

זיי האָבן מיך גלייך אָוועקגעפירט אין אַ זייטיק געסל, צו איינעם טאַמאַרקין, אַ ייד אין די מיטעלע יאָרן, וואָס האָט געהאַנדלט מיט פּרוכט. די הייזקע איז געווען נאָך גאָר פון אַלטן שטייגער: אַרויס־גיין אויף באַדערפעניש האָט מען געמוזט גיין אַ ביסל באַרג־אַראָפּ, אויפן הויף.

אין דער פאַמיליע זיינען געווען 4 קינדער, דריי יינגלעך און איין מיידל. די פרוי טאַמאַרקין, אַ גאַנץ פיינע היימישע באַלע־באָסטע, האָט מיר פאַרדונגען דעם פראָנט־צימער, וואו איך האָב גע־וואוינט צוזאַמען מיט אירן אַ פלימעניק, כאַווקין. צו וואַרעמען דאָס צימער איז געווען אַ קליין גאַז־אייוועלע, און צוליב דעם אייוועלע האָב איך מיט מיין נייעם פריינד כאַווקין ניט געקענט דורכקומען. ער, כאַווקין, האָט ליב געהאַט אָנצינדן דאָס אייוועלע ביי דער נאַכט, עס זאָל זיין וואַרעם, און איך פלעג עס פאַרלעשן; איך האָב ניט געקענט פאַרטראָגן דעם ריח פון גאַז און איך האָב ליב געהאַט צו שלאָפן אין אַ קאַלטן צימער. אָבער דערפאַר איז ביי אונדז ניט געווען קיין מיינונגס־פאַרשיידנקייט אין אונדזערע פּאָליטישע מיינונגען. כאַווקין איז געווען אַ היימישער בונדיסט, און מיר איז געווען זייער צום האַרצן צו האָבן לעבן זיך אַ נאָענטן חבר. געווען איז ער אַ קליין־געוויקסיקער מיט אַ שמאָל לענגלעך פּנים, מיט בלאָנדע האָר. גע־רעדט האָט ער זייער שנעל. מען האָט געדאַרפט זיך אָנשטרענגען צו פאַרשטיין וואָס ער רעדט. ער איז אָבער געווען, ווי מען זאָגט אויף ענגליש, אַ „גוד באַי", סיי אין זיין כאַראַקטער און סיי אין זיין אַרט דענקען. ער האָט דעמאָלט געאַרבעט אין אַ שטאָל־פעקטאָרי, ווי אַ מאַשיניסט. די צוויי בחורים, וואָס האָבן מיר געוויזן די קוואַר־טיר, זיינען געווען זיינע פריינד.

איך האָב געאַרבעט אין „קלאָדינג סטאָר" ניט ווי אַ סיילסמאַן, נאָר ווי אַ שניידער. ווען עמעצער האָט געקויפט אַ קאָסטיום, האָב איך עס געדאַרפט „פיקסן". געקראָגן האָב איך 15 דאָלאַר אַ וואָך. איך האָב געמיינט, אַז בעסער קאָן גאָרניט זיין.

איך האָב יעדע וואָך געשיקט געלט צו מיין פרוי און זיך גע־פרייט, אַז גאָר אין גיכן וועל איך אַריבערברענגען מיין פרוי און קינד צו זיך קיין אַמעריקע און כ'וועל מער ניט דאַרפן זיין נע־ונד.

צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן האָב איך גענומען שפּאָרן געלט.

איך האָב אויך געפּרואווט צו קריגן ביי אַ שניידער אַרבעט אין די אָוונטן.

אַנטקעגנאיבער מיר האָט געוואוינט אַ מאַן אַ פּרעסער אין אַ „פּענטס שאַפּ". ער האָט מיך איינמאָל צוגערעדט איך זאָל אַרויפּ־קומען אין אָוונט פּרעסן „פּענטס". קיין פּרעס־מאַשין איז נאָך דע־מאָלט ניט געווען, מען האָט געדאַרפט פּרעסן מיט דער האַנט. איך האָב שווער געאַרבעט אַ גאַנצן אָוונט און האָב אויסגעפּרעסט אַ טוץ און אַ האַלב. אויף מאָרגן בין איך געקומען נאָך געלט, האָט דער באַלעבאָס געוואָלט צאָלן ניט מער ווי צו 3 סענט פּאָר אַ פּאָר הויזן.

מיין געלט האָב איך אין באַנק ניט געהאַלטן. מיין באַלעבאָסטע פון קוואַרטיר האָט מיך צוגערעדט, איך זאָל ביי איר האַלטן דאָס אָפּגעשפּאָרטע געלט, און אַזוי ווי איך האָב זי געהאַלטן פּאַר אַן ערלעכער פרוי, האָב איך איר געטרויט מיין קאַפּיטאַל.

מיין חבר כאַווקין און די צוויי בחורים האָבן מיך באַקענט מיט די איבעריקע בחורים פון יאַנגסטאַון. מיר האָבן גאַנץ פריינדלעך פאַרבראַכט אַלע צוזאַמען, דער עיקר — דעם זונטיקדיקן טאָג, צוזאַ־מען אַרויסגעפאָרן אין „איידאָרע פּאַרק", באַזוכט די אַמוזיר־פּלעצער, אד"גל.

פון מיינע נייע באַקאַנטע האָט מיך פאַראינטערעסירט איינער אַ יונגערמאַן מיטן נאָמען קלמן באַרין. געקומען איז ער פון וואַרשע. געווען אַ גוטער בונדיסט און אַן ענערגישער מענטש. האָט אין וואַרשע איבערגעלאָזט אַ פרוי מיט אַ קינד און איז געקומען אין גאָלדענעם לאַנד זוכן גליקן.

ער איז געווען אַ מענטש פון מיטעלן וואוקס, אַ פעסט־געבויטער מיט אַ קאָפּ געקרייזלטע האָר און אַ טונקל פּנים. אויך אים, קלמנען, איז אַמעריקע ניט געווען שטאַרק צום האַרצן. ער האָט געאַרבעט שווער אין אַן אייזן־„יאַרד" פון „דזשאָנק" און האָט קוים פאַרדינט 4 דאָלאַר אַ וואָך. ער איז תמיד אַרומגעגאַנגען אַ פאַרזאָרגטער און אַ דערשלאָגענער.

מיר האָבן זיך שטאַרק באַפריינדט און מיטגעפילט איינער דעם צווייטן סיי צוליב די גייסטיקע ליידן און סיי צוליב בענקשאַפט נאָך אַ היים.

קלמן איז געווען אַ גאַנץ באַלעזענער יונגערמאַן, געווען באַקענט

מיט דער יידישער ליטעראַטור, און זיין נשמה האָט געדאָרשט נאָך עפּעס העכערס.

אין אָנהייב זיינען אונדזערע שמועסן געווען וועגן די איבער־לעבונגען אין דער באַוועגונג. ער — וועגן וואַרשע, איך — וועגן דעם קאַלטן סיביר און וועגן מינסק. שפּעטער פלעגן מיר דיסקוטירן אַלגע־מיינע געזעלשאַפטלעכע פראַגן.

מיר האָבן גענומען רעדן וועגן גרינדן אַ בראַנטש פון אַרבעטער־רינג, האָבן אָנגעהויבן פּאַראַינטערעסירן וועגן דעם די איבעריקע חברים, און אַלע האָבן מסכים געווען.

עס האָבן אונדז געהאָלפן עטלעכע חברים פון קליוולאַנד. דאָרט האָט שוין עקזיסטירט אַ בראַנטש פון פריער.

אין מיטן זומער 1909 האָבן מיר געגרינדעט דעם אַרבעטער־רינג בראַנטש 46. אַחוץ די יונגע בחורים זיינען אויך אַריינגעקומען אין בראַנטש מיטגלידער, וואָס האָבן באַלאַנגט צו דער שול; אויך אַ גאַנצע פאַמיליע (די דויטשמאַנס), אַ פאָטער מיט צוויי זין, זיינען געוואָרן מיטגלידער פון אַרבעטער־רינג.

מיטן גרינדן פון אַרבעטער־רינג־בראַנטש, האָבן זיך די יונגעלייט אונדזערע גענומען מער אַקלימאַטיזירן אין לאַנד. אַזוי איך און אויך מיין פריינד כאַווקין. איך האָב אַרויסגענומען מיינע „ערשטע פּאַ־פּירן"; איך האָב שוין געהאַט אין זינען אײנגיכן צו שיקן נאָך מיין פרוי און קינד; עס האָט זיך מיר אויך געוואָלט ווערן אַן אַמערי־קאַנער בירגער, כ'זאָל קענען שטימען פאַר די קאַנדידאַטן וואָס זיינען אין מיין גייסט.

דאָס גייסטיקע לעבן איז געוואָרן מער אינטערעסאַנט. מיר האָבן אַראָפּגעבראַכט אַ לעקטאָר פון קליוולאַנד, דר. לאַרבער, היינט אין שיקאַגאָ; ניט קיין שלעכטער רעדנער. דער עולם איז געווען צופרידן און די לעקציעס זיינען געווען גוט באַזוכט. שפּעטער איז געקומען צו אונדז אין יאַנגסטאַון חבר וולאַדעק.

גערופן האָט מען אים „דער יונגער לאַסאַל" — אַזוי האָט מען וועגן אים געשריבן אין „פאָרווערטס". געפאָרן איז ער דעמאָלט, דאַכט זיך, אויף אַ טור פון דער יידישער סאָציאַליסטישער פעדע־ראַציע. אויב איך האָב ניט קיין טעות, איז דאָס געווען וולאַדעקס

ערשטער טור איבערן לאַנד. אַלע זיינען געקומען אים זען און הערן זיין לעקציע.

כאָטש דאָס קולטורעלע לעבן איז געוואָרן אינטערעסאַנטער און דאָס מאַטעריעלע לעבן — גרינגער, און איך האָב שוין געהאַט אַ סך פריינד מיט וועמען צו פאַרברענגען — איז אָבער די בענקשאַפט נאָך מיין פרוי און קינד געוואָרן אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער. מיין איינציקער וואונטש איז געווען וואָס שנעלער אַריבערצוברענגען זיי.

אין יולי 1909 האָב איך געשיקט נאָך מיין פרוי. ווען איך האָב באַקומען אַ בריוו, אַז דאָס געלט האָט מיין פרוי שוין דערהאַלטן און אַז זי קלייבט זיך אין וועג אַריין, האָבן זיך ביי מיר די טעג און די וואָכן געצויגן זייער פאַמעלעך; אַ וואָך — אַ יאָר אַ גאַנצער. כ׳האָב געלעבט מיט די זיסע האָפענונגען, אַז איך וועל נאָך אַזוי פיל יאָרן פלאָגעניש קענען ענדלעך זיין מיט מיין פרוי און קינד צוזאַמען.

דערווייל האָב איך גענומען צוגרייטן אַ שיינע היים. דורך אַ רעקאָמענדאַציע האָב איך געדונגען ביי אַ יונג פאָרפאָלק די צימערן אויפן צווייטן עטאַזש. די באַלעבאַטים אַליין האָבן געוואוינט אונטן. אַ הילצערן הויז; די געגנט — אַ שיינע; גראָז און ביימער פאַרן הויז. דירה־געלט — ניט טייער (12 דאָלאַר אַ חודש); הייס וואסער און אַ באָד. איך האָב איינגעהאַנדלט מעבל, געגעבן אַ ביסל מזומן און דאָס איבעריקע — אויף אויסצאָלן.

סוף אויגוסט 1909 האָב איך באַקומען אַ בריוו, אַז מיין פרוי און קינד זיינען שוין אין וועג. איך האָב גענומען צוגרייטן מיין דירה, אַז אַלץ זאָל זיין פיקס־און־פאַרטיק צו זייער אָנקומען. מיין פריינד בען קויפמאַן, דעמאָלט נאָך אַ בחור, האָט מיר געהאָלפן אַלץ ברענגען אין אָרדנונג.

ווען איך האָב באַקומען אַ טעלעגראַמע, אין אַ שבת־צו־נאַכטס, אַז מיין פרוי איז אין „קעסל־גאַרדן״, און מאָרגן, זונטיק, וועט זי קומען קיין יאָנגסטאַון און איך זאָל זי אָפּוואַרטן — האָב איך שוין יענע נאַכט ניט געקענט שלאָפן פאַר פרייד. פאַרשיידענע געדאַנקען זיינען אַדורכגעלאָפן דורך מיין קאָפּ: אָט זע איך די סצענע, ווי מען אַרעסטירט אונדז אַלעמען אויפן וואָקזאַל אין מינסק; מיין פרוי בעט זיך אין פאָליציי מען זאָל איר לאָזן גיין אַהיים, ווייל זי האָט איבערגעלאָזט אַ קליין נפשל און דאַרף אים אָנזויגן; איך בין פון

אַלעמען אָפּגעריסן און וואַנדער אַרום איבער די טורמעס, אַאַז״וו. איצט בין איך אין אַ פרייַ לאַנד און וועל באַלד זיין צוזאַמען מיט מיינע טייערע און ליבע.

צום באַן זיינען געגאַנגען אַלע מיינע פריינד צו געבן אַ קבלת־פנים מיין באַשקען, וואָס איך האָב פאַר זיי אַזוי פיל מאָל דערציילט וועגן איר.

ווען די באַן האָט גענומען זיך דערנענטערן צו דער סטאַנציע, האָט מיין האַרץ גענומען קלאַפּן שטאַרקער. ווען איך האָב דערזען מיין באַשקען, האָט אויף אַ רגע מיין האַרץ זיך אָפּגעשטעלט. פאַר פרייד האָב איך גענומען וויינען. איך האָב גענומען אַ קאַרעטע און מיינע ליבע געסט, מיין פרוי און מיין זונעלע עליקס, אַוועקגעפירט אין אונדזער צוגעגרייטער היים.

די פרוי טאַמאַרקין, ביי וועמען איך האָב געהאַט פריער מיין צימער, איז געווען אַזוי פריינדלעך און גוטהאַרציק, אַז זי האָט אָנגעגרייט אַ גוטע וועטשערע און געבראַכט עס אין מיין דירה. איך זאָל האָבן גרייט עסן פאַר מיינע ליבע געסט.

ווען מיין פרוי האָט באַטראַכט אונדזערע צימערן, די שיינע מעבל, באַפּוצט מיט געשמאַק, איז איר דאָס זייער געפעלן געוואָרן. זי האָט אַ ווילע געטראַכט און געזאָגט צו מיר: „געדענקסטו נאָך אונדזער חתונה, דאָרט אין מינסק, אויף ניי־ראַמאַנאָווע גאַס? געדענקסטו אונדזער קאַמער דאָרט מיטן טישל און בעט? ווען איך פאַרגלייך עס מיט אונדזער איצטיקער דירה, פיל איך זיך גליקלעך.

מיין פרוי און קינד האָבן אַריינגעבראַכט אַ סך פרייד אין מיין גייסטיקן און אויך אין מיין מאַטעריעלן לעבן. פאַר מיר זיינען עס געווען מיינע האָניק־חדשים. אַז איך בין געקומען אַהיים פון דער אַרבעט אין מיינע דלד־אמות האָב איך געפילט אַ טעם גן־עדן.

מיין זונעלע עליקס, וואָס איז געווען אַלט צוויי און אַ האַלב יאָר, איז באמת געווען אַ ליב קינד, אַ שיין, וויס פּנימל מיט קלוגע שוואַרצע אייגעלעך. איך פלעג זיך מיט אים שפּילן און האַרציק אַמוזירן.

מסתמא בין איך ניט געווען קיין אויסנאַם פון אַלע אַנדערע מענער מיט זייערע יונגע ווייבלעך. איך האָב זי, מיין באַשקען, ליב געהאַט — און כ׳האָב זי נאָך ליב עד היום — און כ׳האָב געוואָלט, אַז זי זאָל אין דער פרי קאָנען שלאָפן אַ ביסל לענגער. האָב איך באַ־

שלאָסן, אַז אַנבייסן וועל איך זיך אַליין מאַכן אין דער פרי איידער איך גיי צו דער אַרבעט. זאָג איך צו איר: „ווייסט וואָס, מיין טייערע, גרייט צו קאַווע אין אָוונט פאַרן שלאָפן גיין און אויף מאָרגן אין דער פרי וועל איך דאָס אַליין אָנוואַרעמען, און דו וועסט ניט דאַרפן אויפשטיין גלייך מיט מיר. „קיין קאָפּעיניק האָבן מיר ניט געהאַט, האָט זי צוגעגרייט אין פענדעלע קאַווע און האָט מיר אָנגעזאָגט, אַז אין דער פרי וועל איך דאָס געפינען אין אויוון.

אין דער פרי, ווען איך בין אויפגעשטאַנען צו דער אַרבעט, האָב איך אָנגעוואַרעמט דאָס פענדעלע קאַווע, וואָס איך האָב געפונען שטייענדיק אין אויוון. איך האָב די קאַווע אַריינגעגאָסן אין אַ גלאָז און פאַרווייסט מיט מילך. איך טו אַ זופּ און פיל דעם טעם פון חלשות; איך גיב אַ צווייטן זופּ און דערפיל, ווי עס קערט מיר צום ברעכן. איך בין געוואָרן איבערראַשט און גיי צו צו מיין פרוי און גיב איר אַזוי צערטלעך אַ פרעג:

— „וואָס איז דאָס פאַר אַ קאַווע? מען קען דאָך דאָס גאָרניט טרינקען.”

ווען מיין פרוי איז אַריין אין קיך און באַטראַכט דאָס פענדל, האָט זי אַ געשריי געטאָן מיט פאַרצווייפלונג:

— „דאָס איז דאָך ניט דאָס פענדל מיט דער קאַווע, דאָ האָב איך גאָר אויסגעקאָכט וואַש־סאָדע; די קאַווע איז אין דער צווייטער פענדל!”

פון דעמאָלט אָן פלעגט מיין פרוי אויפשטיין גלייך מיט מיר און צוגרייטן אַ גוטן אָנבייסן אַליין.

איידער מיין פרוי איז נאָך געקומען, האָב איך געהאַט אַ טבע פאַרקוקן זיך אויף די פרויען־„סטיילס” אין די אויסגעפּוצטע „וויב־דאָוס”. איך פלעג טראַכטן דעמאָלט ביי זיך, אַז אָט דאָס קלייד אָדער דער מאַנטל וואָלט דאָך געפּאַסט פאַר מיין באַשקען, זי האָט דאָך אַזאַ שיינע פיגור.

איצט, אַז מיין חלום איז שוין פאַרווירקלעכט געוואָרן און כ'האָב שוין זי געהאַט לעבן מיר, האָב איך איר טאַקע אויסגעפּוצט אין שיינע קליידער און זי האָט אויסגעזען ווי אַ בת־מלכה.

מיר האָבן זייער גוט פאַרבראַכט אונדזער פרייע צייט. מיר האָבן באַזוכט פריינד. צוויי מאָל אַ חודש פלעגן מיר גיין צו די מי־

טינגען פון אַרבעטער־רינג־ברענטש. אין יענער צייט איז דאָס געווען אַ גייסטיקער פאַרגעניגן. אַלע האָבן געפילט די זעלביקע פריינד־לעכקייט, דער גאַנצער קרייז איז געווען ווי איין משפחה, מען האָט געטיילט זיך מיט אַלעמען, צי ליידן, צי פריידן.

מיין פרוי איז געוואָרן אין אַנדערע אומשטענדן און מיר האָבן זיך גענומען גרייטן אויפצונעמען אַ נייעם מיטגליד אין אונדזער פאַמיליע. אַז די צייט האָט זיך דערנענטערט, איז מיין פרוי אַוועק־געפאָרן צו איר שוועסטער קיין פיטסבורג אויף קימפעט.

אין מאַי, 1910, אַ שבת אָוונט, האָב איך געקראָגן אַ טעלעפאָן פון פיטסבורג, אַז מיין פרוי האָט געבוירן אַ ייִנגל. איך האָב זיך זייער געפרייט, וואָס דאָס צווייטע קינד איז געבוירן אין אַ פריי לאַנד, אונטער בעסערע באַדינגונגען, און איך וועל האָבן די מעגלעכקייט געבן אים אַ בעסערע דערציאונג.

צום ברית בין איך געקומען קיין פיטסבורג, איצטער — אַ מער צופרידענער ווי דעמאָלט, ווען מיין פרוי האָט געבוירן איר ערשט קינד, און איך האָב געדאַרפט קומען קיין מינסק בגנבה און באַזוכן איר ביינאַכט.

איך האָב מיין ניי־געבוירענעם זונעלע אַ נאָמען געגעבן גער־שוני, נאָך מיין אַמאָליקן באַליבטן לערער, וואָס האָט מיין גייסטיק לעבן דערהויבן אויף אַ העכערער מדרגה. כ׳האָב מיט דעם געוואָלט היילִיקן דעם אָנדענק פון העלד גערשוני, וואָס איז אַנטלאָפן פון סיבירער קאַטאָרגע אין דעם באַרימטן, לעגענדאַרן פעסל קרויט, איז געקומען אַהער קיין אַמעריקע און געמונטערט און געוועקט די הערצער פון טויזנטער יידישע אימיגראַנטן.

אַ ביסל שפּעטער, האָט מיין באַלעבאָס פאַרקויפט זיין קליידער־געשעפט צו איירישע שותפים „קאָנוועי און מיגען״. איך בין פאַרבליבן אַרבעטן ביי די נייע באַסעס, אָבער דאָס געשעפט איז אַוועק שלעכט, ווייל איינער פון זיי האָט געשיכורט. שיקט דאָך גאָט צו די רפואה פאַר דער מכה — זאָגט אַ ווערטל; האָב איך געקראָגן אַ בריוו פון פיטסבורג, וואו איך האָב אַמאָל געאַרבעט, אַז זיי ווילן מיך האָבן צוריק צו דער אַרבעט.

ס׳איז פאַר מיר געווען שווער צו געזעגענען זיך מיט אַלע מיינע גוטע פריינד, וואָס איך האָב זיך דערוואָרבן אין יאָנגסטאַון, און

ווידער נעמען דעם וואַנדער־שטעקן אין האַנט, זוכן נייע פריינד, אָבער אין יאַנגסטאַון צו באַקומען אַ דזשאַב איז געווען זייער שווער.

איך האָב זיך אַריבערגעצויגן מיט מיין פאַמיליע צוריק קיין פיטסבורג. איך האָב זיך דאָרטן איינגעאָרדנט גאַנץ באַקוועם. גענומען דריי שיינע צימערן מיט עלעקטרע און באַד, מיט הייסע וואַסער, און דער גאַנצער פאַרגעניגן האָט געקאָסט בלויז 18 דאָלאַר אַ חודש.

מיט דער צייט בין איך געוואָרן טעטיק אין דער באַוועגונג. סיי אין דעם סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד (דעמאָלט די יידישע פעדעראַציע) און סיי אין אַרבעטער־רינג. איך האָב זיך טראַנספערירט פון ברענטש 46 אין יאַנגסטאַון, צום ברענטש 250 אין פיטסבורג. ניט געקוקט אויף דעם, וואָס מיינע אַרבעטס־שעהן זיינען געווען גאַנץ לאַנגע (לויט איצטיקע באַדינגונגען האָב איך געקענט דעמאָלט געהערן צו צוויי יוניאָנס), דער עיקר שבת, ווען איך האָב געאַרבעט ביז האַלבער נאַכט, בין איך נאָך דער אַרבעט געלאָפן צוגרייטן פּראָפּאַגאַנדע־ליטעראַטור, וואָס מען האָט פונאַנדערגעשפּרייט זונטיק פרי, יעדערער אין זיין דיסטריקט.

ביי קיינעם איז דער לעבנס־וועג ניט אויסגעשפּרייט מיט בלר מען, ער גייט מיט זיגזאַגן. דאָס זעלביקע איז געווען מיט אונדז. מיר זיינען אָבער געווען צופרידן מיט אונדזער לעבן, ווי מען זאָגט: איזהו עשיר השמח בחלקו.

די קינדערלעך האָבן זיך געהאָדעוועט און האָבן זיך פיזיש גוט אַנטוויקלט. מיין פרוי, אַן איבערגעגעבענע און אינטעליגענטע מוטער, האָט די קינדער דערצויגן אויפן בעסטן אופן. איך האָב געהאַט אַ שטענדיקן דזשאַב און כ׳האָב וואָך ביי וואָך אַ גאַנץ יאָר געבראַכט מיינע שכירות אַהיים. מיר האָבן געחלומט אונדזערע זיסע אילוזיעס וועגן דער צוקונפט פון אונדזערע קינדער. מיין עלטערער זונעלע איז שוין אַלט געווען פיר יאָר; שיין און קלוג, אַז עס איז געווען אַ מחיה צו קוקן אויף אים; אָבער מיט אַמאָל האָט איבער אונדז אַ שוואַרצער וואָלקן זיך פאַרצויגן.

ס׳איז געווען האַרבסט, 1911, אַ שבת אין דער פרי, איך האָב זיך געגרייט צו גיין צו דער אַרבעט. פון דרויסן האָט אַריינגעדרונגען אַ קאָלטער האַרבסטיקער נעפּל. האָב איך אָנגעצונדן דעם גאַז־קאַמין, וואָס האָט געוואַרעמט די הויז. איך בין פאַרטיק געוואָרן מיט מיין

„ברעקפעסט" און כ'בין אַוועקגעפאָרן צו דער אַרבעט. אַרום מיטאָג־צייט באַקום איך אַ טעלעפאָן, איך זאָל גלייך קומען אַהיים.

איך האָב פאַרשטאַנען אַז עפּעס אַ צרה האָט פּאַסירט. איך בין געוואָרן זייער נערוועז, אַז הענט און פיס האָבן מיר געציטערט. איך האָב זיך קוים געקענט דערוואַרטן צו קומען אַהיים.

ווען איך בין אַריין אין הויז האָב איך דערזען אַ שוידערלעך בילד: מיין קינד, דאָס עלטערע ייִנגל, האָט זיך פאַרברענט.

פּאַסירט האָט דער אומגליק גאָר אומדערוואַרט. מיין פרוי איז אַליין געווען אין קיך און האָט זיך מיט עפּעס באַשעפטיקט. דאָס קינד האָט זיך געשפּילט אין זיין בעטעלע; איז ער זיך שטילערהייט אַראָפּגעקראָכן פון געלעגער און איז אַוועק זיך שפּילן מיטן קאַמין־פייער. פּלוצים האָט זיך אויף אים אָנגעצונדן זיין נאַכט־העמדל. ער האָט גענומען שרייען, און ביז וואַנען מיין פרוי האָט באַוויזן אַריינ־לויפן אין שלאָפצימער, איז דאָס קינד שוין געווען אַרומגעוויקלט מיט פייער.

מיין פרוי האָט זיך ניט פאַרלוירן און האָט אויף אים אַרויפ־געוואָרפן אַ קאָלדרע כדי צו פאַרשטיקן דאָס פייער. מען האָט גלייך אָפּגערופן אַ דאָקטאָר. איך בין זיכער ביז היינט צו טאָג, אַז דער דאָקטאָר האָט מיין קינד ניט געגעבן די ריכטיקע באַהאַנדלונג. ער האָט אים אויסגעשמירט מיט אַ זאַלב און אַרומגעבונדן מיט באַנ־דאַזשן. איך האָב געזען, אַז מיין קינד גייט אויס, בין איך געלאָפן צום דאָקטאָר און געפאָדערט, אַז ער זאָל אים גלייך שיקן אין אַ שפּי־טאָל. ביז וואַנעט ער האָט זיך צוגעקליבן אָפּרופן אַן אַמבולאַנס און ביז מען איז געקומען פון שפּיטאָל נעמען מיין קינד, איז שוין געווען צו שפּעט.

ווען דער דאָקטאָר פון אַמבולאַנס האָט דאָס קינד באַטראַכט, האָב איך באַמערקט נאָך זיין מינע, ווי ער וואָלט געזאָגט: שוין צו שפּעט. אָבער מען האָט אים צוגענומען אין שפּיטאָל. מיין פרוי איז פאַרבליבן אין הויז מיטן קלענערן קינד, און איך בין מיטגעפאָרן מיטן אַמבולאַנס.

אין שפּיטאָל האָט מען מיר דערקלערט, אַז דאָס קינד האָט געקראָגן בראַנד־וואונדן אינעווייניק אין זיין קערפּערל, און עס איז

פאַראַן קנאַפּע האָפענונג. דאָך האָבן זיי אָנגעווענדט אַלע מיטלען, אפשר וועט געלינגען דאָס קינד אָפּצוראַטעווען.

איך בין געזעסן לעבן קינדס בעטעלע; מיין האַרץ האָט געוויינט אין מיר, זעענדיק ווי מיין ליב קינד, וואָס איז געווען דאָס בעסטע פון מיין לעבן, מוטשעט זיך אַזוי און בעט: „פּאַפּאַ, העלף מיר, גיב מיר מעדיצין."

פאַר מיינע אויגן איז ער אויסגעגאַנגען, פאַרמאַכט זיינע ליכ־טיקע, קלוגע אייגעלעך מיט אַן אייביקן שלאָף.

דער אומגליק מיט אונדזער קינד האָט מיר און מיין פרוי פאַר־שניטן אַ־העלפט פון אונדזער לעבן. איך האָב דערפילט, אַז אינעוויי־ניק איז ביי מיר אויסגעשניטן געוואָרן אַ גרויסער טייל פון מיין האַרץ. דאָס קינד איז געווען מיין אבן־טוב. ער איז געבוירן געוואָרן אין די שטורעמדיקע טעג פון מיינע אינטערעסאַנטסטע איבערלעבונגען. מיר זיינען פאַרבליבן אבלים. מיר האָבן די ערשטע צייט פאַר קיין פאַל ניט געקענט פאַרגעסן דעם פאַרלוסט פון אונדזער באַליבטן זונעלע עליקס.

אין די טעג פון אונדזער טרויער נאָך אונדזער קינד איז געקומען מיין פרויס שוועסטער אונדז מנחם־אבל זיין, אָבער אָנשטאָט טרייסט־ווערטער, האָט זי געפונען פאַר נייטיק צו זאָגן שטראָף־ווערטער צו מיין ווייב און איר שוועסטער: „גאָט האָט דיך געשטראָפט".

ווי ווערט געזאָגט אַ ווערטל אין ענגליש: „דהי שאָו מאָסט גאָ אָן" — דאָס לעבן דאַרף ווייטער אָנגיין. די נאַטור וויל זיך ניט רעכענען מיט קיין שום שטרויכלונגען.

מיר האָבן זיך איבערגעגעבן מיטן גאַנצן לעבן און מיט דער גאַנצער ליבשאַפט צו אונדזער זונעלע גערשוני, וואָס מיר האָבן אים גערופן גרשון, און אין ענגליש — דזשאָרדזש.

מען זאָגט אַ ווערטל: וואָס די ערד דעקט צו, ווערט פאַרגעסן. איך גלייב, אַז דאָס איז אַ נאַטירלעכע דערשיינונג. אמת, ס'האָט אונדז גענומען אַ גאַנץ היפּשע צייט, ביז מיר האָבן געקאָנט פאַרגעסן אונדזער אומגליקס־פאַל, אָבער מיט דער צייט האָבן מיר זיך צוריק גענומען צו דער באַוועגונג פון אַרבעטער־רינג און פון די יוניאָנס און, נאַטירלעך, אויך צו אונדזער טאָג־טעגלעך נאָרמאַל לעבן.

מיין מאַמע ע"ה פלעגט זאָגן: „גאָט זאָל אויסהיטן אַלעמען צו

האָבן איין קינד און איין העמד״. פעברואַר דעם 22־טן 1913, אין דעם זעלביקן טאָג, ווען אַמעריקע פייערט דזשאָרדזש וואַשינגטאָנס געבוירנטאָג, איז ביי אונדז געבוירן געוואָרן אַ נייער זון. מיין פרוי איז געלעגן געוואָרן דאָס מאָל אין הויז און ניט אין שפּיטאָל. דאָקטאָר סיגעל פון אונדזער ברענטש האָט געהאַט די „קאָנפיינמענט קייס״.

גערופן אונדזער ייִנגעלע האָבן מיר זלמן, נאָך מיין פרויס אַ פעטער און מיין ערשטן רבין, צו וועמען איך האָב אָנגעהויבן צו גיין צום ערשטן אין חדר אַריין. פון זלמן איז איצט געוואָרן סיימאָן.

מיין פרוי האָט געהאַט נאָכווייעניש נאָכן קימפּעט. מיר האָבן זיך באַראָטן מיט דר. סיגעל וואָס צו טאָן. עס איז געבליבן ברענגען צו איר דעם פּראָפעסאָר סיינס, אַ פּיטסבורגער דאָקטאָר, אַ ספּעציאַליסט.

דער פּראָפעסאָר סיינס האָט געהייסן נעמען זי אין שפּיטאָל. זי איז געווען אַ פּאָר וואָכן אין שפּיטאָל און איז געקומען צוריק אַהיים, זי האָט אָבער אַלץ זיך ניט געפילט צום בעסטן. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה מיט דאָקטוירים און מעדיצינען. ווידער אַמאָל האָבן מיר באַשקען גענומען צום פּראָפעסאָר סיינס.

דער ספּעציאַליסט סיינס האָט געהאַט אַ ווערטל: „איך וועל אויפשניידן און זען, וואָס עס טוט זיך אינעווייניק און כ׳וועל וויסן וואָס צו טאָן.״ אַ סך פרויען־פּאַציענטקעס האָט ער טאַקע אַזוי אַרום אַוועקגעשיקט אויף יענער וועלט. מיין פרוי, אָבער, גלייבט ניט אין שניידן, האָט זי אים געענטפערט: „איך וועל זיך מישב זיין״, — און איז אַוועק צוריק אַהיים.

און, גאָט צו דאַנקען, זי לעבט נאָך עד־היום, ביז 120 יאָר.

## איך פאָר אַלס דעלעגאַט צו דער אַרבעטער־רינג־קאָנווענשאָן און פאַרפאָר זיך זען מיט משפחה און פריינד

אין יאָר 1913 בין איך אויסגעקליבן געוואָרן אַלס דעלעגאַט צו דער אַרבעטער־רינג־קאָנווענשאָן אין פילאַדעלפיע. איך בין געלאָפן קעגן אַ יונגנמאַן, אַ גאַנצן אינטעליגענט. יענער איז אויך געווען דער

גרינדער פון דעם היגן אַרבעטער־רינג־ברענטש; ער איז געווען אַן אינשורנס־אַגענט, און איך — אַ פּשוטער שניידער. דאָך האָב איך געקראָגן טאָפּלט שטימען ווי יענער.

צוריקפאָרנדיק פון דער קאָנווענשאַן בין איך געפאָרן זיך זען מיט משפּחה אין ניו־יאָרק. דער עיקר האָט זיך מיר געוואָלט באַגעגענען מיינע אַלטע חברים, מיט וועמען איך בין געווען צוזאַמען אין סיביר. איך האָב זיי פון יענער צייט אָן (אַזש פון דער סיבירער צייט) ניט געזען. איך האָב אויסגעפונען זייערע אַדרעסן און מיין שוועסטערס אַ יונג בחורל האָט מיך געפירט צו זיי.

דעם ערשטן האָב איך באַזוכט לייבע אַש, היינט רופט ער זיך — לייבע פייגין, ביי וועמען איך האָב מיט יאָרן צוריק געאַרבעט אין מינוסינסק, סיביר. איך האָב וועגן אים פריער דערציילט באריכות.

געקומען צו אים בין איך אין אָוונט, פונקט ווען מען האָט געגעסן וועטשערע.

באַשרייבן די פרייד און שמחה, וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן יענעם אָוונט ביי אונדזער באַגעגענען זיך, איז איבעריק. חשובער לייענער, שטעלט זיך אַליין פאָר, אַז נאָך דרייצן יאָר ניט זען זיך, זינט מיר זיינען געווען צוזאַמען פאַרשיקט אין קאַלטן סיביר, טרעפט מען זיך איצט אין ניו־יאָרק.

ער האָט זיך אויך אַזוי ווי איך באַטייליקט אין ייוואָ־קאָנקורס אויף אויטאָביאָגראַפיעס און האָט געקראָגן איינעם פון די ערשטע פרייזן. אין יאַנואַר 1944 איז ער געשטאָרבן. איך האָב אין אַש־פייגינען פאַרלוירן אַן אַלטן גוטן חבר. כבוד זיין אָנדענק.

נאָכדעם בין איך געגאַנגען באַזוכן צביה לעווין, מיט וועלכער איך בין געווען צוזאַמען אַרעסטירט אין איהומען. געוואוינט האָט זי אין באָראָ־פּאַרק. מיר האָט זיך געדוכט, אַז דאָס איז ערגעץ עק וועלט. דאָס הויז איז געווען אין אַ שיינער געגנט. אַרום דעם הויז — ביימער און גראָז. איך האָב אָנגעקלונגען און אַ דאַמע האָט זיך באַוויזן אין טיר. איך האָב זי ניט דערקענט. ווען מיר זיינען צוזאַמען געזעסן אין טורמע, איז זי געווען אַ דאַרינקע, מיט אונטערגעשוירענע האָר, און איצט — אַ גאַנצע מאַדאַם. איך האָב איר געזאָגט, אַז איך זוך אַ פריילין מיטן נאָמען לעווין. מעגלעך, אַז היינט הייסט זי לאַפּידוס. האָט זי געגעבן אַ געשריי אויס: „מיין חבר עזריאל!" — איך בין

געבליבן שטיין אַ דערשטוינטער, ווייל איך האָב נאָך אַלץ ניט גע־וואוסט, אַז דאָס איז זי טאַקע.

זי האָט מיך איינגעלאַדן אין הויז און מיר האָבן זייער חבריש פאַרבראַכט. זי האָט מיר דערציילט אירע איבערלעבונגען אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פון דער צייט אָן, ווען זי איז צוריק־געקומען פון סיביר; וועגן איר אַרעסט, ווי אַזוי חברים אין מינסק האָבן זי צוזאַמען מיט איזמאַילאָוואַן באַפרייט פון טורמע. דאָ אין ניו־יאָרק האָט זי מיר דערציילט, פאַרברענגט זי אין אַ קרייז פון דאָקטוי־רים און פראָפעסיאָנאַלן. זי נעמט אַ טיכטיקן אָנטייל אין דער גרופּע סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן.

צביהס רעוואָלוציאָנערע פאַרגאַנגענהייט איז אַן ענין פאַר זיך, וואָס וועגן דעם קען מען שרייבן אַ גאַנץ בוך; דאָס האָט אייגנטלעך ניט צו טאָן מיט מיין באַשרייבונג. איך וויל נאָר פאַרבייגייענדיק דער־ציילן, אַז אָט די דאָזיקע צביה צוזאַמען מיט דעם גענעראַלס טאָכטער איזמאַילאָוואַ זיינען געווען ביידע אַרעסטירט שוין נאָכן אומקערן זיך פון סיביר, און ביידן האָט דערוואַרט אַ שטראָף פאַרשיקט צו ווערן אויף קאַטאָרגע, האָבן פינף חברים זיך פאַרמאַסקירט פאַר קאָנוואָי־סאָלדאַטן, זיי האָבן אָנגעקלאַפּט אין טורמע־טויער פּונקט דעמאָלט, ווען די פרויען ווערן אַרויסגעלאָזט אויפן שפּאַציר; זיי האָבן געזאָגט, אַז זיי זיינען געקומען נעמען אַ געוויסן אַרעסטאַנט צו דער אויספאָרשונג. ווען דער וועכטער האָט געעפנט פאַר זיי דעם טויער, האָבן די חברים געטייט דעם וועכטער אויפן אָרט, די צוויי פאַרמשפּטע מיידלעך אַ כאַפּ געטאָן און אַנטלאָפן. צביה לעווין איז אַוועק אין דער שווייץ און די צווייטע, איזמאַילאָוואַ — איז אָפּגעפאָרן קיין סעוואַסטאָפּאָל. זי האָט שפּעטער געשאָסן אויף טשוכנינען — דעם קאָמאַנדיר פון דער קריגסשיף פּאָטיאָמקין, ווייל ער האָט געהייסן דערשיסן עטלעכע אָנפירערס פון אויפשטאַנד אויף „פּאָטיאָמקין". איזמאַילאָוואַ האָט אויף דעם קאָמאַנדיר פינף מאָל געשאָסן, אָבער אים ניט געטייט; זי, איזמאַילאָוואַ, איז אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן אויף טויט.

איך בין אַוועק זען מיין צווייטע חברטע — בערטע. איך האָב זי געפונען אינגאַנצן אַן אַנטוישטע אין לעבן, פאַרחושכט און פאַר־זאָרגט. אַז איך האָב זי געפרעגט, צי זי נעמט אַן אָנטייל אין דער

באַוועגונג, אָדער צי זי געהערט צום אַרבעטער־רינג, איז איר ענטפער געווען: „ווער האָט דאָס צייט דערצו? — מען איז באַפאַלן מיט קינדערלעך, מיט זאָרג, און גאָרניט ליגט אין קאָפּ״.

איר מאַן איז אויך געווען פאַרשיקט קיין סיביר, אין דעם זעלביקן דאָרף נאַזאַראָווע, וואו ביילקע (בערטע) איז געווען; דאָרט האָט זיך ביי זיי „פאַרפאַרעט״ די ליבע.

ווען זיי זיינען געקומען קיין אַמעריקע, ווייס איך ניט גענוי. דאָ, אין אַמעריקע, איז דער מאַן געווען באַשעפטיקט ביי סטאָלעריי.

## איך ווער אַ יוניאָן-טוער, אָבער כ׳ווער פלוצעם קראַנק

**אין פיטסבורג** זיינען געווען אַ פּאָר יוניאָן־שעפער, וואָס האָבן געניצט אַרבעטס־הויזן און „אָווועראָלס״. כדי צו קענען באַנוצן דעם „יוניאָן לייבל״ האָבן זייערע אַרבעטערס באַלאַנגט צו דער „גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן״.

איך האָב גענומען אָרגאַניזירן דעם שניידער־פאַך פון גרעסערע און פון קלענערע שעפער און ס׳איז מיר געלונגען. דער לאָקאַל 86 „גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן״ האָט מיך אָנגעשטעלט ווי אַ באַצאָלטן אָרגאַנייזער פאַר 25 דאָלאַר אַ וואָך. איך בין געוואָרן דער גאַנצער פירער פון דער יוניאָן.

מיינע פריערדיקע באָסעס, ביי וועמען איך האָב געאַרבעט אין פיטסבורג, האָבן געעפנט אַ גרויסע „פעקטאָרי״ פון מענער־קליידער; אויך דער שאָפּ האָט באַלאַנגט צו „מיין״ יוניאָן. מיר איז אויסגעקומען גאַנץ אָפט אַרויפצוגיין אין דעם שאָפּ אויסגלייכן סיכסוכים.

סיי די אַרבעטערס און סיי דער באַלעבאָס זיינען געווען צופרידן מ׳יט די רעזולטאַטן. איך האָב געאַרבעט זייער ענערגיש צו אָרגאַניזירן דעם שניידער־פאַך און מיר איז דאָס געלונגען. איך האָב אָבער ניט געוואָלט האָבן איבער זיך צו פיל באַלעבאַטים און האָב מיין יוניאָן־אַמט אויפגעגעבן.

איך האָב צוריק גענומען זוכן אַרבעט. איך האָב באַגעגנט דעם באַלעבאָס פון די מענער־קליידער, מר. פינקעלהאַר. זאָגט ער צו מיר:

„ווייסט, איך וואָלט דיך וועלן האָבן ביי מיר אין שאָפּ, ניט פאַר אַ שניידער, נאָר פאַר אַ פאָרמאַן. דו ביסט דער מאַן, וואָס איך זוך. דו ווייסט ווי אַזוי זיך צו באַגיין מיט מענטשן.״

כאָטש איך האָב ניט געהאַט קיין דערפאַרונג צו זיין אַ פאָרמאַן, און דער באָס האָט דאָס אויך געוואוסט — דאָך האָב איך אָנגענומען די אַרבעט. ווען איך האָב געדאַרפט איבערנעמען די פאַבריק, האָט מר. פינקעלהאַר מיר אָנגעזאָגט איך זאָל למ״ה באַהאַנדלען די אַרבעטערס פון שאָפּ אויפן שענסטן אופן. ער האָט מיר אויך געגעבן די פולע מאַכט צו דינגען און אָפּצוזאָגן אַרבעטערס. ער האָט אויך צוגע־געבן, אַז אים אַרט ניט וואָס פאַר אַ פרייז איך וועל צאָלן פאַר אַרבעט, אַבי די אַרבעט זאָל זיין גוט.

איך האָב אין פאַבריק געהאַט אַ גוטן דערפאָלג. איך בין געווען מיט די אַרבעטערס ווי אַן אייגענער ברודער. איך האָב גלייך געגריני־דעט אַ פאַראיין פון שאָפּ צו צאָלן קראַנקן־בענעפיט. מיך האָט מען אויסגעקליבן פאַרן פאָרזיצער. און ביידע צדדים זיינען געווען צופרידן.

אויגוסט 1915, אין דעם יאָר ווען פרץ איז געשטאָרבן, האָט מיין פרוי געבוירן מיין מעזיניק. איך האָב אים אַ נאָמען געגעבן נאָך י. ל. פרץ. היינט רופט ער זיך דזשוליוס, דאָס איז געוואָרן פון יצחק לייבוש.

איך האָב זייער ליב געהאַט לייענען פרצן. איך פלעג קויפן יידישע ביכער, געהאַט אַ שיינע ביבליאָטעק און טאַקע געלייענט אויך.

אַ ביסל שפּעטער האָב איך גענומען פילן, אַז מיינע כוחות ווערן שוואַכער פון טאָג צו טאָג. איינמאָל האָב איך אין שאָפּ צוזאַמענ־געבראָכן. מען האָט מיך אָפּגעפירט אַהיים און מען האָט גערופן דעם דאָקטאָר פון אַרבעטער־רינג־ברענטש. ער האָט מיר געהייסן אָפּרוען אַ פּאָר טעג, אָבער קיין פאַרבעסערונג איז ניט געקומען. איך האָב גערופן אַ צווייטן דאָקטאָר, וואָס איך האָב געהאַט צו אים צוטרוי, אַן אייגענער מענטש, דר. וויינבערג; ער האָט שטענדיק „געלעק־טשורט״ ביי די ברענטשעס פון אַרבעטער־רינג. ער האָט מיך באַ־טראַכט און געהייסן מיין פרוי זי זאָל קומען צו אים אין אָפּיס. ווען מיין פרוי איז געקומען צוריק אַהיים, האָב איך באַמערקט, אַז ביי איר זיינען די אויגן פאַרוויינט. אויף מיין פראַגע: „וואָס וויינסטו?״

זאָגט מיר באַשקע אַ תירוץ, אַז דאָס זיינען די טרערן פון ווינט, און דערציילט מיר דערוויייל, אַז דר. וויינבערג וויל ברענגען אַ פּראָ־פעסאָר. מיך האָט געוואונדערט: וואָס אינמיטן דרינען — אַז קיין ווייטיקן פיל איך ניט.

ווען דער פּראָפעסאָר איז געקומען און זיי האָבן מיך ווידער באַ־טראַכט גאַנץ גרינדלעך און האָבן זיך באַראַטן, איז צו מיר צוגעגאַנגען דר. וויינבערג און געזאָגט: „איך וועל אייך שיקן אין אַ שפּיטאָל". איך האָב אים אָנגעקוקט: וואָס איז? בין איך דען קראַנק? דער־קלערט מיר דר. וויינבערג, אַז דער פּראָפעסאָר און ער זיינען געקומען צום באַשלוס, אַז איך בין קראַנק אויף די לונגען.

ווי אַ דונער פון לויטערן הימל האָט עס מיך געטראָפן. איך האָב זיך געפילט נאָך ערגער, ווי דעמאָלט, ווען מען האָט מיך פאַרשיקט קיין סיביר. דעמאָלט האָב איך געהאַט האָפענונג און היינט — דער־נענטערט זיך מיין סוף. וואָס וועט זיין מיט מיין פרוי און דריי קינדער?

מען האָט מיך אין אַרבעטער־רינג־סאַנאַטאָריום ניט געשיקט, נאָר איך בין געווען אין אַ שטאַטישן סאַניטאַריום לעבן פּיטסבורג. ווען איך האָב דערזען ווי די חולאים ליגן אינדרויסן ווינטער אין די קעלטן, האָט עס אויף מיר אָנגעוואָרפן אַ שרעק. די ערשטע צייט האָב איך געהאַלטן אין איין זינגען אַ טרויעריק ליד פון עדעלשטאַט: „אין שטורעם, אין קאַמף האָב איך מיין יוגנט פאַרלוירן". דער דאָק־טאָר האָט באַמערקט, אַז איך גיי אַרום אַ טרויעריקער, האָט ער זיך זייער פריינדלעך דורכגערעדט מיט מיר, איך זאָל מיינע דאגות לאָזן פאַר אַנדערע, איך זאָל אַלץ פאַרגעסן און זען געזונט צו ווערן. ווען איך וועל אַרויס פון סאַנאַטאָריום, וועל איך זיך צוריק זאָרגן פאַר מיין פאַמיליע.

מען האָט מיך אויף דעם ערשטן טאָג פּסח געלאָזט גיין אַהיים באַזוכן מיין פרוי און קינדער. ווען איך האָב געדאַרפט פאָרן צוריק אין סאַנאַטאָריום, האָב איך זיך אַזוי שטאַרק צעוויינט, אַז איך האָב זיך געשעמט אַרויפצוגיין אויפן קאַר. דאָס גאַנצע לעבן מיינס האָט מיר אויסגעזען ווי אַ צעבראָכענע שיף אינמיטן ים.

איך האָב זיך גענומען בעטן ביים דאָקטאָר, אַז מען זאָל מיך אַרויסלאָזן פון סאַניטאַריום. פון אָנפאַנג האָט דער שטאָטישער דאָק־

טאָר פון דער „באָארד אָף העלט" ניט געוואָלט הערן דערפון, אָבער איך האָב אָנגעהויבן שטאַרק צו דערקוטשען, האָט מען מיך נאָך אַמאָל באַטראַכט און פאַרזאָגט, אַז אין שאָפּ צוריק טאָר איך ניט אַרבעטן, איך זאָל זוכן אַ באַשעפטיקונג אויף דער פרייער לופט.

## דאָס רעדעלע דרייט זיך: רייך — אַ פּרעזידענט פון אַ שול — און ווידער פאַראָרעמט

אין אַזאַ עת-צרה האָב איך זיך געווענדט צו פריינד און חברים. און די חברים פון פּיטסבורג און פון יאָנגסטאַון האָבן געשאַפן פאַר מיר דריי הונדערט דאָלאַר.

איך מיט מיין פאַמיליע האָבן זיך צוריק אַריבערגעצויגן קיין יאָנגסטאַון. מיינע אַלטע פריינד האָבן פאַר מיר געעפנט אַ קליינע „גראָסערקע" אין אַ זייטיקער גאַס, און עטלעכע צימערן איבער דער „גראָסערי" איז געווען אונדזער וואוינונג.

עס האָט גענומען אַ היפּשע צייט ביז וואַנען די „סטאָרקע" האָט אַריינגעטראָגן גענוג אויף צו מאַכן אַ לעבן.

ערשטנס, בין איך מיט מיין פרוי ניט געווען קיין דערפאַרענע קרעמערס און אַז עמעצער האָט עפּעס געבעטן, האָבן מיר ניט אַלע מאָל געוואוסט, וואָס מען פאַרלאַנגט; האָבן מיר געזאָגט, אַז מיר האָבן ניט דעם געבעטענעם אַרטיקל.

אינעם יאָר 1917, ווען אַמעריקע איז אַריין אין דער ערשטער וועלט-מלחמה, האָבן זיך די פּרייזן אַ הייב געטאָן און איך האָב אויך צוליב דעם גענומען פאַרדינען מער. מיין „סטאָק" איז געוואָרן צוויי מאָל מער ווערט. איך האָב אויך גענומען טאָן מער „ביזנעס". איך האָב געקויפט אַ קליין פערדל צו „דעליווערן" מיינע באַשטעלונגען. אַ סך האָבן מיר אַרויסגעהאָלפן מיינע פריינד פון אַרבעטער-רינג, וואָס האָבן אָנגעהויבן ביי מיר קויפן. איך האָב אַריבערגעבראַכט מיינעם אַ שוואָגער פון ניו-יאָרק, מיין פרוים אַ ברודער, אַ קלאָוקס-אָפּערייטאָר, און מיר האָבן געקויפט צוזאַמען נאָך אַ „גראָסערי". לייט האָבן מיך געהאַלטן פאַר אַ דערפאָלגרייכן „ביזנעסמאַן".

מען האָט שוין געגומען קומען צו מיר פרעגן עצות, ווי צו אַן אַרויפּ־געאַרבעטן געשעפטסמאַן. איך האָב אָבער געהאַסט די קרעמעריי, כאָטש איך האָב געמאַכט גוטע ביזנעס.

איך האָב געזוכט אַ געלעגנהייט צו פאַרקויפן די גראָסעריס און נעמען זיך צו אַ בעסער געשעפט, וואו איך זאָל ניט דאַרפן זיין אַזוי פאַרשקלאַפט און מיין פרוי זאָל ניט דאַרפן אַרויסהעלפן.

מיינער אַ פריינד, ס. לעווי, דער סעקרעטאַר פון אונדזער יאַנג־סטאַונער אַרבעטער־רינג־ברענטש איז געווען אַ שוך־סיילסמאַן. איך האָב אים שטאַרק צוגערעדט מיר זאָלן בשותפות עפענען אַ שוך־געשעפט. איך האָב געוואָלט האָבן אַזאַ סאָרט געשעפט, וואָס מען זאָל ניט דאַרפן עפענען פאַרטאָג און צומאַכן אין האַלבער נאַכט. לעווי איז מסכים געווען צו ווערן מיין שותף.

איך האָב פאַרקויפטביידע גראָסעריס און געעפנט אַ שוך־קראָם אין אַשטאַבולע, אָהייאָ, אַרום זעכציק מייל אי פון קליוולאַנד, אי פון אירי, פענסילוועניע. די יידישע באַפעלקערונג איז דאָרטן באַשטאַנען פון אַרום צען פאַמיליעס.

די גאַנצע געמיינדע דאָרטן, מיטן אויסנאַם פון אַ פּאָר דייטשישע יהודים, האָבן געהערט צו דער קאָנגרעגיישאָן. מען האָט געהאַלטן אַ שוחט, וואָס האָט אויך געדאַרפט זיין דער „בוטשער" צו טיילן דאָס פלייש; דער אייגנטימער פון „בוטשער־סטאָר", אַ קריסט, האָט, נאַטירלעך, פאַרקויפט טריפה פלייש, אָבער אין „סטאָר" איז געווען אַ באַזונדער אָרט מיט מעסערס פאַר די כשרע פליישן.

פאַר געהערן צו דער קאָנגרעגיישאָן האָט מען געצאָלט 5 דאָלאַר אַ חודש. קיין ניט־מעמבערס האָט מען קיין כשר פלייש ניט פאַרקויפט.

איך האָב די ערשטע צייט ניט געקאָנט פועלן ביי זיך, איך זאָל ווערן אַ „מעמבער" אין שול, און איך בין כמעט אַ גאַנץ יאָר געווען מחוץ למחנה. מיט פלייש האָב איך זיך ווי עס איז אַן עצה געגעבן, אָבער מיין געוויסן האָט מיך גענומען ביסלעכווייז פּלאָגן: ערשטנס, וואָס איך בין אינגאַנצן געווען אָפּגעזונדערט פון די יידן, כאָטש די מערהייט דאָרטן זיינען געווען אונגאַרישע און רומענישע יידן און זיי האָבן אויף די פּאָר ליטוואַקעס וואָס זיינען דאָרטן געווען געקוקט פון אויבן אַראָפּ, — דאָך האָב איך ניט געוואָלט זיי זאָלן

מיך האַלטן פאַר אַ בור דאוריתא, זיי זאָלן וועגן מיר טראַכטן, אַז איך בין אַ גראָבער יונג. אויך האָב איך זיך פאַרטראַכט וועגן דער צוקונפט פון מיינע קינדער. וואָס וועט פון זיי זיין? זיי וועלן ווערן גרויסע און אינגאַנצן ניט וויסן וועגן יידישקייט? — בין איך געווען צופרידן, אַז זיי זאָלן זיך כאָטש לערנען עברי, כאָטש וויסן, אַז יידן האָבן אַן אַנדער שפּראַך און אַנדערע מנהגים, — און איך בין געוואָרן אַ מעמבער פון קאָנגרעגיישאָן.

דער שוחט האָט געדאַרפט אויך לערנען מיט די קינדער. ווען די געמיינדע פון אשטאַבולע האָט מיך נענטער דערקענט, זיינען זיי באַשטאַנען, אַז איך זאָל ווערן פּרעזידענט פון שול. איך האָב זיי ביי אַ מיטינג גאַנץ אָפנהאַרציק דערקלערט, אַז איך באַטראַכט דאָס פאַר אַ חילול־השם, אַז איך, אַ סאָציאַליסט, אַ ניט־גלייביקער, איך זאָל ווערן דער פּרעזידענט פון אַ רעליגיעזער שול, — אָבער זיי האָבן אויף מיר געקוקט ווי אויף אַ גרויסן ביזנעסמאַן פון אַ גרויסער שוד־קראָם.

זיי האָבן איגנאָרירט מיין דערקלערונג און מיך אויסגעקליבן פאַר פּרעזידענט. איך האָב צוגעקליבן צו זיך אַן „אַסיסטענט", — אַ ייד אין די מיטעלע יאָרן. ער האָט געטראָגן אַ קמץ־בערדעלע, האָט געקענט מעביר־זיין די סדרה. אים האָב איך איבערגעגעבן פירן די גאַנצע שול־מלוכה. ער איז געווען מיין פּרעמיער־מיניסטער.

ימים־נוראים האָט ער געטיילט עליות מיט פּתיחות. ראש־השנה צום דאַווגען האָט מען געדונגען אַ טשוירטש און אַראָפּגעבראַכט אַ בעל תפילה פון קליוולאַנד, אַ ייד, אַ „קאַרפּענטער", וואָס אַ גאַנץ יאָר האָט ער געקלאַפּט טשוועקעס; ער איז געווען אונדזער שליח ציבור. די גרינגע עברי האָט ער נאָך ווי עס איז געקלאַפּט, אָבער אַז עס פלעגט אָנקומען צו די שווערע פּיוטים, האָט זיך עס ניט גערירט פון אָרט, אַזוי ווי אַ טשוואָק אין האַרטן האָלץ.

פונקט ראש־השנה האָבן צוויי דאָרטיקע יידן געהאָט יאָרצייט; איינער — אַ ליטוואַק, געבוירן אין סמאַרגאָן לעבן ווילנע, אַ גאַרבער, וואָס האָט דאָ אויך געאַרבעט ביי דער זעלביקער אַרבעט. אַ הויכער און שטאַרק־געבויטער, מיט אַ פּאָר געזונטע פּאַרמאַזאָליעטע ידים, מיט אַ פּאָר גרויע, וואָסערדיקע אויגן; דער פּנים האָט זיך ביי אים גערויטלט ווען עמעצער האָט גערעדט צו אים; אַז ער האָט געזאָגט

קדיש, איז ער געשטאַנען נענטער צו די ליטוואַקעס און געזאָגט רבנן־קדיש.

איך בין געווען זייער טשיקאַווע צוצוהערן זיך צו דער עברי וואָס ער זאָגט, ווייל אַלץ האָט ער אונטערגעפּאַנפּעט אונטערן נאָז, נאָר דעם אָמן האָט מען געהערט.

ווען ער האָט געזאָגט דעם רבנן־קדיש, האָב איך זיך צוגעהערט, ווי עס קומט אַרויס ביי אים: סמאַרגאַן ווייִ סמאַרגאַן וועאימרו אָמן!

דער צווייטער איז געווען אַן אונגאַרישער ייד, אַרום די זעכציקער, פון מיטלוואוקס; אַ פּאָר וואָנצעס האָבן ביי אים אַראָפּגעהאנגען ווי צוויי עקעלעך. ער איז שוין געשטאַנען אויבן־אָן און לעבן אים איז שטענדיק געשטאַנען זיין איידעם, אַ ייד פון אַ גרויסער קראָם, מיט אַ קיילעכדיק בייכל, אויך אַן אונגאַרישער. איך בין אויך געווען בייגעריק צו הערן ווי דער ייד זאָגט קדיש, ווייל קיין יידיש האָט ער קיינמאָל ניט גערעדט. איך האָב אָנגעשטרענגט מיין געהער צו כאַפּן אַ וואָרט, נאָר זיין גאַנץ זאָגעכץ איז געווען בוררררררר...או; און זיין איידעם האָט אויף דעם געענטפערט: אָמן.

איך מוז דאָ באַשרייבן נאָך איין איבערלעבונג פון יענער צייט: ווי אַ גוי איז אַ מבין אויף יידישער שחיטה.

ווען איך בין געווען פּרעזידענט פון דער שול, האָט פּאַסירט אַזאַ געשיכטע: מען האָט געדאַרפט האָבן אַ שוחט. מיר האָבן געגעבן אַ מעלדונג אין „מאָרגען זשורנאַל". איז געקומען צו פאָרן אַ יונגערמאַן, פון מיטעלן וואוקס, מיט אַ קמץ־בערדל, געקליידט ווי אַ פּראַנט אין אַ וויזיטקע. אַז די עדה האָט אים דערזען, האָט ער גלייך אויסגענומען מיט זיין אויסזען. דער עיקר איז געוואָרן אַ גדולה ביי די אונגאַרישע יידן, וואָס האָבן זיך געהאַלטן פאַר האַלב־דייטשן און האָבן שטענדיק געחלומט, אַז דער רעוורענד זאָל ניט אויסקוקן ווי אַ ליטוואַק, מיט אַ גרויסער באָרד.

דער שוחט האָט געוויזן זיין קבלה. דער מבין אויף דער קבלה איז געווען מיין געהילף־פּרעזידענט, מר. פּערלמאַן, אַ ייד שוין אַרום די זעכציקער. ער האָט געגעבן זיין באַשטעטיקונג, אַז די קבלה איז גוט, און מיר האָבן אים אָנגענומען.

האָט אונדזער „רעוורענד" גענומען אַרומגיין איבערן שטעטל איבער אַלע געשעפטן און זיך פאָרשטעלן: „איי עם רעווערענד סאָסין".

דער עיקר האָט ער זיך געהנדלט צו די יונגע סיילסמיידלעך, שיקסעס.

דער „בוטשער" איז דעמאָלט געווען אַ ייד, וואָס האָט געהאַנדלט מיט טריפה פלייש און אויך געהאַט אַן אָפּטיילונג פאַר כשר־פלייש. קיין מבין אויף יידישער שחיטה איז ער ניט געווען. ער האָט געוואוסט ווי אַזוי צו הרגענען אַ חזיר און אים אָפּרייניקן. ער האָט מיר דערציילט, אַז אין חדר איז ער קיינמאָל ניט געגאַנגען; געווען אַן אָרנט־לעכער מענטש מיט אַ גוט האַרץ.

דערציילט מיר אָט דער בוטשער, אַז דער גוי וואָס אַרבעט אין שלאַכט־הויז שוין אַרום צוואַנציק יאָר און האָט אַ סך דערפאַרונג אין די „שחיטה־ביזנעס", זאָגט צו אים: „לואי, דיין רעווערענד קוילעט ניט ווי ביי אייך אין ביבל שטייט געשריבן". אים, דעם בוטשער, איז געווען געפעלן געוואָרן דעם גויס חכמה.

איך האָב אָבער דעם גאַנצן ענין אַנדערש אַנגענומען. איך האָב ביי אַ מיטינג פאָרגעלייגט, אַז מען זאָל דעם שוחט נעמען קיין קליוולאַנד צו אַ רב, און ער זאָל דאָרטן ווייזן זיין קבלה. ווען איך האָב פאָרגעלייגט דעם שוחט, אַז מיר זאָלן צופאָרן קיין קליוולאַנד, האָט ער מיר גלייך געזאָגט: „איי קוויט!" ער האָט גלייך אויפ־געגעבן זיין שטעלע און האָט פאַרלאָזט אשטאבולע.

מיט אַ צייט שפּעטער איז צו מיר אין געשעפט געקומען אַ גויע קויפן אַ פּאָר שיך און פרעגט מיך: „וואו איז אַהינגעקומען אייער רעווערענד? ער איז דאָך געווען אַזאַ גוטער מענטש, האָט מיר גאַנץ אָפט געבראַכט אַ מתנה חזירישע לעבערלעך"...

***

די גאַנצע אינדוסטריע פון דעם שטעטל אשטאבולע, אָהייאָ, איז באַשטאַנען פון אַ פּאָר קליינע פאַבריקן און אַ „שיפּ־יאַרד".

איך האָב געהאַט אַ גרויס שוך־געשעפט אויף דער מיין־סטריט. איך האָב געמאַכט גוטע געשעפטן. כ'האָב געקויפט אַן אייגן הויז, ווייל דינגען איז ניט געווען ביי וועמען צוליב דער „פּראָספּעריטי". מאַטעריעל האָט זיך מיר געלעבט ניט שלעכט, אָבער איך האָב קיין צו גרויסן פאַרגעניגן ניט געהאַט, ווי עס שטייט געשריבן: „כי לא על הלחם לבדו יחיה האדם" — ברויט אַליין, און אַפילו מיט פּוטער,

איז נאָך ניט אַלץ; מען דאַרף דאָך אויך האָבן עפּעס גייסטיקס, און דערצו נאָך בין איך, ברוך השם, אַ גרויסער עם הארץ אין פינאַקל...

איך האָב שטענדיק אַרומגעשפּאַצירט מיט מיין באַשקען הינטערן שטעטל; די לאַנדשאַפט איז געווען זייער שיין; צייט האָבן מיר געהאַט גענוג; דאָס געשעפט האָט מען צוגעמאַכט האַלב נאָך פינף. מיר פלעגן אַמאָל צוכאַפּן זיך אין קליוולאנד צו זען אַ יידישע פאָר־שטעלונג. מיר האָבן געהאַט אָפטע געסט, משפחה און פריינד.

די געסט האָבן שוין געוואוסט, אַז מען דאַרף מיטברענגען וואָס צו קייען: ברויט, הערינג, כשרע ווּאורשט, אד״גל. אין שטעטל זיי־נען אָט די זאַכן ניט געווען. מיר פלעגן אָפט ברענגען פון קליוולאַנד „יידיש״ ברויט, וואָס איז אַלט געווען דריי־פיר טעג.

דאָס לעבן איז זיך געגאַנגען גאַנץ געמיטלעך, — ביז ס׳איז אָנגעקומען דער קריזיס. אַלץ האָט גענומען גיין באַרג־אַראָפּ. די פרייזן זיינען געפאַלן זייער נידעריק. מיין גאַנצער „סטאָק״ האָט באַטראָפן אין די גוטע צייטן אַרום 25 טויזנט דאָלאַר; ער איז איצט געפאַלן אויף מער ווי אַ העלפט. די הכנסה פון אַ וואָך ביזנעס האָט ניט געדעקט קיין העלפט פון די הוצאות. מיר האָבן זיך אַ ביסל צייט געמוטשעט, אָבער די בענק האָבן מער ניט געוואָלט באָרגן קיין געלט, האָבן די קרעדיטאָרס אונדז צוגעמאַכט דאָס געשעפט, און איך בין געבליבן אָן אַ גראָשן געלט.

פינצטערע מחשבות האָבן גענומען קריכן אין קאָפּ. כ׳האָב ניט געקאָנט שלאָפן גאַנצע נעכט, כ׳בין געוואָרן שטאַרק נערוועז, אָבער מיין גוטע באַשקע האָט מיך אַלץ געטרייסט, אַז איך זאָל ניט זיין אַזוי פאַרצווייפלט. — „מיר זיינען נאָך יונגע מענטשן און מיר וועלן ניט גיין פאַרלוירן״, — פלעגט זי מיך טרייסטן.

## צוריק אין יאָנגסטאָון

ווען איך האָב פאַרלאָרן מיין שוך־געשעפט אין אשטאבולע, בין איך געווען זייער פאַרצווייפלט; פאַרשיידענע טרויעריקע מחשבות האָבן זיך געפּלאָנטערט אין מיין מוח.

כאָטש איך בין ניט געווען קיין איבערקלייבער אויף אַרבעט, האָב איך זיך פאָרט געוואָקלט איבערצונעמען אַן אַנדער אַרבעט אין דעם זעלביקן שטעטל. איך האָב געזוכט אַ וועג אַריבערצוציען זיך אין אַ גרעסערער שטאָט, סיי צוליב מיינע דריי קינדער, און סיי צוליב זיך אַליין, איך זאָל קאָנען ווידער זיין צווישן נאָענטע מענטשן, גע־ניסן אַ ביסל גייסטיקס און קאָנען זיין מער ניצלעך פאַר דער געזעל־שאַפט, ווי דאָ אין קליינעם שטעטל.

מיינער אַ פריינד, אַ טרעוולינג־סיילסמאַן, האָט מיר רעקאָמענ־דירט צו פאָרן קיין פּיטסבורג, צו אַ געוויסן „פּענטס מאַנופעקטשו־רער". ס׳קאָן זיין אַז איך וועל קאָנען דאָרטן קריגן אַ דזשאָב אַלס סיילסמאַן.

מיר איז זייער געפעלן געוואָרן דער פּלאַן, ווייל פּיטסבורג איז דעמאָלט געווען דאָס וויגעלע פון מיין טעטיקייט אין דער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע. אין פּיטסבורג האָב איך דאָך מיינע גאַנצע כוחות אַוועקגעלייגט צו אָרגאַניזירן די יידישע שניידער־יוניאָן, לאָקאַל 86; איך בין געווען דער ערשטער באַצאָלטער יוניאָן־באַ־אַמטער אויף דער יידישער גאַס, — האָב איך געטראַכט, אַז אין פּיטסבורג וועל איך ניט גיין פאַרלוירן.

איך בין געקומען קיין פּיטסבורג, געזען זיך מיטן מאַנופעק־טשורער, וואָס מיין פריינד האָט מיר רעקאָמענדירט, אָבער עס האָט זיך גאָרניט אויסגעלאָזט.

איז מיר געבליבן איין ברירה, — ווידער נעמען זיך צו דער נאָדל. בין איך געגאַנגען צו דער שניידער־יוניאָן און געבעטן, מען זאָל מיר געבן אַ פּלאַץ וואו צו אַרבעטן.

דער באַאַמטער פון דער יוניאָן, וואָס אין מיין צייט, ווען איך האָב אָרגאַניזירט דעם „טרייד", האָב איך אים מיט גוואַלד אַריינ־געשלעפּט פאַר אַ מיטגליד אין דער יוניאָן, האָט מיר געענטפערט בזה הלשון: „אַפריער דאַרפן מיר באַזאָרגן די אייגענע „מעמבערס", און מיט אַ פרעמדן האָבן מיר צייט."

די האַנדלונג פון דעם באַאַמטן, פעלדמאַן, האָט מיך זייער שטאַרק פאַרדראָסן. איך האָב ביי זיך געטראַכט: אַזוי גיך שוין פאַר־געסן אַן מיר און אַן דער גאַנצער פּאַסירונג פון אָרגאַניזירן די שניי־דער־יוניאָן? וואָס פאַרא קליין מענטשעלע דאָס איז, און מיט וואָס

פּאַראַ קורצן זכרון! ביים רוסישן פאַבל־שרייבער קרילאָוו איז פאַראַן אַ פאַבל וואו עס זאָגט זיך: „סטאַרי כליעב סאַל ניע זאַ־ביוואַיעט״ (אַלטע ברויט פאַרגעסט ניט די זאַלץ), און דאָ איז געשען גראַד פאַרקערט...

מיט אַ פאַרדרוס אין האַרצן בין איך אַוועק אין גאָלדס רעסטאָ־ראַן, וואָס האָט זיך געפונען אויף סענטער עוועניו. דאָרטן איז געווען די גאַנצע „קיבעצאַרניע״. געוואָלט זיך זען מיט אייניקע חברים.

איך בין דאָרטן געזעסן ביז שפּעט, עס איז שוין געווען נאָך האַלבער נאַכט. איך האָב ביי אייניקע באַקאַנטע אַ פרעג געטאָן: „וואו קריגט מען אַ פּלאַץ צום איבערשלאָפן״. אין קעשענע האָב איך געהאַט מיין גאַנץ פאַרמעגן — איין דאָלאַר. האָבן זיי מיר געזאָגט, אַז דאָ ביי גאָלדן קאָן איך קריגן אַ צימער צום איבערשלאָפן, און ער רעכנט בלויז איין דאָלאַר. איך האָב אַזוי געטאָן, נאָר ווען מען האָט מיך אַרויפגעפירט אין צימער, איז מיר פינצטער געוואָרן אין די אויגן; שמוציק און קאַלט. איך האָב פאַר קיין פאַל ניט געקאָנט איינשלאָפן. מיין האַרץ האָט פאַרקלעמט און טרערן האָבן מיך גע־שטיקט אין האַלדז. איך בין אָפּגעזעסן אַזוי אַ פאָר שטונדן און כ׳בין אַראָפּ צוריק.

דער מיסטער גאָלד האָט מיך אַ פרעג געטאָן: „וואָס איז דער מער, פאַרוואָס שלאָף איך ניט?״ — ער האָט נאָך מיין פּנים פאַר־שטאַנען, וואָס ביי מיר טוט זיך אויפן האַרצן. ער איז געווען אַן אָרנטלעכער מענטש, האָט ער מיר צוריק אָפּגעגעבן דעם דאָלאַר. איך האָב אָפּגעוואָרט ביז עס האָט גענומען טאָגן; איך האָב גענומען די „סטריט־קאַר״, וואָס גייט אויסערן שטאָט, און כ׳בין אַוועקגעפאָרן צו מיינע אַלטע גוטע פריינד אין יאָנגסטאַון.

פאַרפאָרן בין איך צו מיין פּלימעניק, מאיר לעווין, מיין שוועס־טערס אַ זון, וואָס האָט געוואוינט דעמאָלט אין יאָנגסטאַון מיט זיין פאַמיליע. מיינע פריינד אין יאָנגסטאון האָבן זיך גענומען זאָרגן ווי אַזוי מיך איינצואָרדנען, אַז איך זאָל קענען פאַרדינען און מאַכן אַ לעבן. עס זיינען געווען אַ פאָר געשעפטן אָפּצוקויפן, איינס — אַ דעליקאַטעסן־סטאָר, און אַ צווייטס — אַ ברויט „ראָוט״.

קיין געלט האָב איך ניט געהאַט, האָט מיר מיין פריינד קלמן, ע״ה, צוגערעדט, אַז איך זאָל אַריין אין באַנק, מיט וועלכער איך האָב

געמאַכט ביזנעס איידער איך האָב פֿאַרלאָזט יאַנגסטאַון אַמאָל, און דורכרעדן זיך, אויב מען וועט מיר באָרגן אַ ביסל געלט.

איך בין געקומען אין באַנק. דער באַנקיר האָט מיך דערקענט. איך האָב אים דערציילט דעם גאַנצן אמת וועגן מיין ביטערן גורל, איצט מאַכט זיך מיר קויפן אַ געשעפט און איך פֿאַרלאַנג, ער זאָל מיר באָרגן אַ פּאָר הונדערט דאָלאַר. ער האָט מיך גאַנץ אויפמערקזאַם אויסגעהערט און האָט מיר געזאָגט זיין מיינונג, אַז ער דענקט, אַז דער ברויט „ראַוט" וואָלט זיין ניט שלעכט, און אַזוי שנעל ווי איך וועל האָלטן ביים קויפן, זאָל איך קומען אים זען.

מיט אַ פריילעך געמיט בין איך אַרויס פון באַנק. די זון האָט העל געשיינט און מיין האַרץ האָט זיך געפרייט. איך האָב געטראַכט, אַז די וועלט איז נאָך ניט אונטערגעגאַנגען. מען דאַרף נאָך ניט זיין אַזוי פֿאַרצווייפלט. עס זיינען נאָך פֿאַראַן אַ סך גוטע מענטשן, וואָס אין אַן עת־צרה העלפן זיי. איך האָב גלייך אָנגעשריבן אַ בריוול צו מיין פרוי, זי זאָל זיך ניט זאָרגן. עס זיינען פֿאַראַן גוטע האָפענונגען, אַז אין גיכן וועלן מיר זיך דערשלאָגן צו עפּעס.

פון קויפן דעם ברויט „ראַוט" אָדער די דעליקאַטעסן־סטאָר האָט זיך גאָרניט אויסגעלאָזט צוליב אַ סך סיבות.

מיינער אַ פריינד, אַ גראָסערימאַן, האָט מיר געגעבן אַ רעקאָמענדאַציע צו דער אָהייאָ נאָושאַן קאָמפּאַני. מען דאַרף דאָרטן האָבן אַ סיילסמאַן אויף אַרומפֿאָרן פֿאַרקויפן סחורה צו קרעמערס.

מען האָט מיך אָנגעשטעלט. מיינע שכירות זיינען געווען אין אָנהייב 30 דאָלאַר אַ וואָך. די גאַנצע ביזנעס, אַלע אַרטיקלען זיינען פאַר מיר געווען אומבאַקאַנט. איך האָב געדאַרפט אויסברייטערן מיין טעריטאָריע, קריגן מער קונים.

איך האָב אָפּגעאַרבעט די ערשטע וואָך. שבת האָב איך געאַרבעט אינעווייניק, כדי באַקענען זיך מיטן גאַנצן „סטאָק".

איך האָב אַ פרעג געטאָן דעם באַלעבאָס מיינעם, וואָס דענקט ער וועגן מיר, וואָס זיינען מיינע אויסזיכטן אויף דער צוקונפט? האָט ער מיר געענטפערט, אַז ער דענקט, אַז איך וועל זיין אַ דערפאָלג־רייכער סיילסמאַן.

האָב איך געשיקט נאָך מיין פרוי און קינדער, כ'האָב געדונגען אַ דירה, און מיר האָבן זיך גענומען ווידער איינאָרדנען.

מיינע דריי קינדער זיינען געגאַנגען אין סקול; איך האָב זיך גענומען ווידער איינלעבן אין מיין אַלט־ניי שטעטל, סיי מאַטעריעל, און סיי גייסטיק.

## מיין גייסטיקע גאָלדענע עפּאָכע

פאַר דער צייט וואָס איך בין געווען אין אשטאַבולע, האָט זיך אין יאַנגסטאַון פאַרגרעסערט די יידישע באַפעלקערונג; עס זיינען צוגעקומען אַ סך יידישע געשעפטן, אַ פאָר בשר־כשר־קראָמען, אַ גרויסע שול צום דאַווענען, אַ תלמוד תורה, אַ „דזשואיש סענטער", ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס, די הדסה, א"אַנד.

דער ראַדיקאַלער עלעמענט איז פאַר דער צייט אויך באַדייטנדיק אויסגעוואַקסן. יאַנגסטאַון האָט שוין פאַרמאָגט צוויי אַרבעטער־רינג־ברענטשעס, אַ לייבאָר־לייסעאום; די ראַדיקאַלן זיינען געווען זייער טעטיק אין געזעלשאַפטלעכן לעבן.

איך בין ווידער טעטיק געוואָרן אין דער ראַדיקאַלער משפּחה. זייענדיק אַ סיילסמאַן און אַרומפאָרנדיק מיט אַ מאַשין, האָב איך געהאַט די מעגלעכקייט צו „אַטענדן" אַ סך קהלשע אַרבעטן.

דער ראַדיקאַלער עלעמענט אין יאַנגסטאַון איז געווען אַזאַ, וואָס מען האָט זיך מיט אים ניט געדאַרפט שעמען. ניט נאָר אויף דער פּראָווינץ, נאָר אייניקע פון זיי וואָלטן געקענט זיין וואָרט־זאָגערס אין ניו־יאָרק.

אין יאַנגסטאַון האָבן מיר געהאַט אַמאָל אַ ראַדיקאַלע זונטיק־שול, וואו מען האָט די קינדער געלערנט ראַדיקאַליזם אויף ענגליש. מיר, די מער טעטיקע טוערס פון די אַרבעטער־רינג־ברענטשעס האָבן אָנגעהויבן רעדן וועגן עפענען אין יאַנגסטאַון אַ מאָדערנע יידישע שול צו דערציען אונדזער יונגן דור.

פריער האָט מען וועגן דעם גערעדט ניט אָפיציעל; שפּעטער האָט מען דעם ענין גענומען פאַרהאַנדלען ביי די ברענטש־מיטינגען. עס איז געווען אַ חלוקי־דעות צווישן די צוויי אַרבעטער־רינג־ברענטשעס. ברענטש 46 האָט געטענהט אַז איידער מיר עפענען אַזאַ

שול זאָל מען אָנזאַמלען אַ קאַפּיטאַל פֿון טויזנט דאָלאַר. דער צווייי־טער ברענטש, נומ׳ 414, וואו איך און מיין פריינד קלמן בארין זיינען געווען מיטגלידער, איז באַשטאַנען, אַז מען זאָל גלייך צוטרעטן צו דער אַרבעט, און ניט זאָרגן זיך פאַר געלט.

אין יאַנגסטאַון איז צו יענער צייט געווען אַ לערער אין תלמוד־תורה. ער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ ראַדיקאַל און האָט סימפּאַטיזירט מיט דער ראַדיקאַלער באַוועגונג; סיימאַן האָט ער געהייסן. און אַז צו אים האָט דערגרייכט די נייס, אַז מיר גרייטן זיך עפענען אַן אַרבעטער־רינג־שול, האָט ער אונדז פאָרגעשלאָגן, אַז ער וועט לערנען מיט די קינדער „פון שטיק”, ד. ה., וויפל קינדער, אַזוי פיל האַלבע דאָלאַרס אַ וואָך, אָן פעסטע וועכנטלעכע שכירות.

דער פאָרשלאָג איז אונדז געווען אויף דער האַנט, און מיר האָבן געמאַכט דעם פּרואוו; אין 1922 האָבן מיר געעפנט די שול.

די ערשטע תלמידים זיינען געווען קינדער פון די מער טרייע יידישיסטן. אויפן צעטל זיינען געווען אַרום אַ 20 שול־קינדער; נאַטירלעך, אַריינגערעכנט מיינע 3 קינדער אויך.

די שול האָבן מיר געעפנט, אָבער קיין שול־פּראָגראַם צוגעפּאַסט צו יידיש־וועלטלעכע לימודים האָבן מיר ניט געהאַט. דעמאָלט, אין די צוואַנציקער יאָרן, איז נאָך בכלל ניט געווען קיין אויסגעאַרבעטע איינהייטלעכע אָבליגאַטאָרישע פּראָגראַם פאַר אַלע א.ר.־שולן, ווי עס איז היינט־צו־טאָג. דעמאָלט האָט יעדער אַ.ר.־שול־לערער גע־לערנט לויט זיין אויפפאַסונג און אויסטייטשונג.

אַ סך עלטערן האָבן זיך גענומען אינטערעסירן מיט לערנען זייערע קינדער יידיש, האָבנדיק אפשר אין זינען, אַז די קינדער זאָלן קאָנען אָנשרייבן אַ יידישן בריוו צו קרובים אין דער אַלטער היים. אָבער עס זיינען אויך געווען אַ סך, וואָס זיינען ניט געווען צופרידן מיט דעם, וואָס די קינדער לערנען אָן היטלען און וואָס מען לערנט ניט די קינדער קדיש־זאָגן.

ווען די שול האָט זיך געגרינדעט, האָט מען מיך אויסגעקליבן פאַרן פּראָטאָקאָל־סעקרעטאַר. איך האָב אויך געפירט די גאַנצע קאָרעספּאָנדענץ. כ׳בין געווען אַ שטענדיקער באַזוכער פון דער שול, כמעט אַלע טאָג. נאָכדעם ווי איך פלעג פאַרטיק ווערן מיט מיין טאָג אַרבעט, פלעג איך צופאָרן אין שול זען, וואָס דאָרטן טוט זיך.

איך האָב זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט צו די שמועסן, וואָס דער לערער האָט געהאַט מיטן העכערן קלאַס. איך האָב געפילט, אַז עפּעס איז ניט דערבאַקן: עס פעלט קענטשאַפט מצד דעם לערער. איך האָב זיך, חלילה, ניט געהאַלטן פאַר אַ קענער, נאָר מיין לעבנס־דערפאַרונג האָט מיר געגעבן אַ שטיקל באַגריף.

איך האָב איינמאָל געהאַט אַ שמועס מיטן לערער וועגן דער אַרבעטער־באַוועגונג. איך האָב אויסגעפונען, אַז ער ווייסט וועגן דעם לחלוטין גאָרניט.

איך האָב זיך מיט דער פאַרוואַלטונג דורכגערעדט וועגן דעם, און מיר האָבן גערעכנט צו שרייבן צום בילדונגס־קאָמיטעט פון אַרבעטער־רינג, אַז מען זאָל אונדז שיקן אַ לערער, אַ גוטן פּעדאַגאָג און אַ מענטש, וואָס זאָל קענען אויך זיין דער פירער פון אונדזער באַוועגונג.

האָט פּאַסירט אַז אונדזער לערער סיימאָן, איז זיך דורכגעפאָרן קיין ניו־יאָרק. קומענדיק צוריק האָט ער זיך פאַר מיר באַרימט, אַז איצט האָט ער די ריכטיקע פּראָגראַם ווי אָנצוגיין מיט די לימודים אין שול.

ווען איך האָב אים געבעטן ער זאָל פאָרלייגן די פּראָגראַם ביי אַ שול־פאַרזאַמלונג, האָט ער מיר געענטפערט, אַז ער דאַרף קיינעם ניט וויזן די פּראָגראַם, ווייל זיין באַלעבאָס איז אַלגין, דער פירער פון די יידישע קאָמוניסטן אין אַמעריקע.

איך האָב אים אויף דעם גלייך געענטפערט: „איך מיין, אַז איר וועט דאַרפן פאָרן צוריק קיין ניו־יאָרק קנעלן מיט אַלגינען; ביי אונדז וועט איר מער קיין לערער ניט קאָנען זיין."

די פּאַסירונג האָט זייער שטאַרק אויפגעבראַכט די גאַנצע א.ר.־שול־פאַרוואַלטונג. מיר האָבן באַשלאָסן ווענדן זיך צום א.ר.־ביל־דונגס־קאָמיטעט, אַז מען זאָל אונדז שיקן אַ לערער פון ניו־יאָרק. אַ פּאָר לינקע חברים האָבן אַפילו געסטראַשעט, אַז ס'וועט זיך גיסן בלוט אין די גאַסן, אויב מען וועט אָפּזאָגן סיימאָנען, אָבער ס'האָט זיי ניט געהאָלפן. מיר האָבן געשריבן קיין ניו־יאָרק צום בילדונגס־קאָמיטעט וועגן דער גאַנצער פּאַסירונג און דער קאָמיטעט האָט דעם לערער סיימאָן באַזייטיקט.

מען האָט פאַר אונדז באַשטימט אַ לערער, שואל הורוויץ, וואָס

האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן פאַר אַ גוטן פּעדאַגאָג און אַ גוטן אָרגאַניזאַטאָר. ער האָט געשאַפן אַ סביבה אַרום דער שול און איז בכלל געווען דערפאָלגרייך אין דער דערציערישער און קולטורעלער אַרבעט.

ווען די שול־פאַרוואַלטונג האָט באַקומען אַ בריוו פון בילדונגס־קאָמיטעט פון אַרבעטער־רינג, אַז מען שיקט אונדז אַ לערער, ש. הורוויץ, האָבן מיר זיך גענומען גרייטן געבן אַ קבלת פּנים דעם נייעם לערער. מיר האָבן פאַרפּאַסט אַ שיין לידעלע. די פאַרפאַסערס זיינען געווען: מיין פלימעניק מאיר לעווין און מיין ווייניקייט.

דער לערער הורוויץ האָט גלייך ביים קבלת־פּנים דערפילט, אַז ער האָט צו טאָן מיט אייגענע מענטשן, און ער וועט האָבן מיט וועמען צו פירן אַ קולטור־אַרבעט.

די שול־טעטיקייט האָט זיך זייער שיין צעבליט. די שול־פאַר־וואַלטונג האָט אויך אָנגעשטעלט אַ געזאַנג־לערער; אַלע זונטיק פלעגט ער קומען פון קליוולאַנד און האָט געלערנט די קינדער זינגען.

די שול־קינדער האָבן אַרויסגעגעבן פון צייט צו צייט אַ זשורנאַל מיטן נאָמען „דער נייער דור". די שול־פאַרוואַלטונג האָט צו דעם צוועק געקויפט אַ יידישע שרייב־מאַשין און אַ מימיאָגראַף און דעם לערערס צוויי זין, ליאָווע און מאיר, האָבן מיטגעהאָלפן אין רעדאַקציע.

די אַ.ר.־שול און די באַוועגונג אַרום איר האָבן גורם געווען אַ טומל אין יאַנגסטאַון ביים אָרטאָדאָקסישן עולם. קינדער האָבן גענומען אָפּפאַלן פון תלמוד־תורה און אַריינקומען אין דער אַרבעטער־רינג־שול.

זומערצייט האָבן מיר דורכגעפירט עפנטלעכע עקזאַמענס פון די קינדער (ביי ניימאַרקן אויפן פאַרם), אַלע זאָלן זען און הערן. אַ סך אָרטאָדאָקסישע יידן זיינען געווען נייגעריק און זיינען אויך געקומען הערן, „וואָס, מישטיינס געזאָגט, קאָנען זיי דאָרטן לערנען, די אַפּיקורסים!"

ווען דער לערער הורוויץ האָט גענומען פאַרהערן די קינדער פון עלטערן קלאַס אין יידישער געשיכטע, זיינען אַלע איבערראַשט געוואָרן. „זע נאָר, די אַפּיקורסים קענען דאָך גאָר גוט יידישע גע־שיכטע!"

מיר האָבן אויך אָנגעהאַלטן פאַרבינדונגען מיט אַנדערע שולן,

פון קליוולאַנד, עקראָן, פּיטסבורג און אירי, פּענסילוועניע. מיר האָבן איינגעאָרדנט קינדער־צוזאַמענפאָרן און ראַיאָנע שול־צוזאַמענפאָרן פון די שול־טוערס.

איך בין אויך געווען דער סעקרעטאַר פון דעם ראַיאָן און האָב זיך דערפון געפילט זייער געשמייכלט. מיין פרוי און קינדער זיינען אויך געווען אַריינגעצויגן אין דער שול־טעטיקייט.

אין דער שול־באַוועגונג איז אויך געווען טעטיק מיינער אַ פּלימעניק מאיר לעווין און זיין פרוי בלענטש. זי איז געווען די סעקרעטאַרשע פון מוטערס־פאַראיין. ביי די פאַרזאַמלונגען אָדער ביי פאַרשיידענע שול־אונטערנעמונגען, ווען אונדזער פאַמיליע איז געווען צוזאַמען, פלעגט דער פּלימעניק און די פּלימעניצע רופן מיין פרוי „טאַנטע באַשע״. ביי אַלעמען האָט אַרויסגערופן סימפּאַטיע די נאָענטקייט פון דער משפחה אונדזערער און אַלע שול־טוערס און אַרבעטער־רינג־מיטגלידער האָבן אָנגעהויבן רופן מיין פרוי „טאַנטע באַשע״.

דער נאָמען „טאַנטע באַשע״ איז אַפילו געוואָרן פּאָפּולער שפּעטער אין ניו־יאָרק. און, גאַנץ נאַטירלעך, אַז ביי דער „טאַנטע באַשען״ האָט מען געגעסן אַ שטיקל פּאָמפּערניקל מיט הערינג און פאַרטרונקען מיט אַ טעפּעלע „ציקאָריע״. מיין פרוי האָט ליב געהאַט אויפצונעמען געסט, זי האַלט פון הכנסת אורחים און איז פריינדלעך צו מענטשן. אַלע האָבן זי געגליכן, — ניט נאָר איך, — און אַלע האָבן איר געקרוינט מיטן נאָמען „טאַנטע באַשע״.

מיין עלטערער זון, גערשוני — מיר רופן אים גרשון (אין הייסקול האָבן אים זיינע קריסטלעכע חברים גערופן דזשאָרדזש), איז אין דער אַרבעטער־רינג־שול שוין געווען אין די העכערע קלאַסן; ער איז געווען דער סעקרעטאַר פון דעם קינדער־קלוב. פאַר מיר איז געווען אַ נחת־רוח צו זען ווי מיין זון גערשוני האָט אָפּט מיטגענומען אין הײַ־סקול אַריין שלום־עליכמס אַ בוך און האָט עס געלייענט אין דער צייט פון איבעררייס צווישן די לעקציעס.

מיין צווייטער זון, זלמן, האָט געהאַט חשק צו שרייבן יידישע פּאָעמען פאַרן שול־זשורנאַל. מיין דריטער זון, דזשוליוס, דער וואָס הייסט נאָך י. ל. פּרץ, — ווי איר ווייסט זיך דערמאָנען, — איז שוין אויך געווען אַ תלמיד אין דער א.ר.־שול.

איך האָב זיך געפילט דערהויבן, ווי שלום־עליכמס טביה דער מילכיקער וואָלט געזאָגט: בנים גדלתי ורוממתי, — קינדער האָב איך געהאָדעוועט און זיי האָבן מיך דערהויבן. דאָס איז באמת געווען אַ גאָלדענע עפּאָכע אין מיין גייסטיקן לעבן.

פון די אַלע שול־טוערס און אַרבעטער־רינג־פירערס פון יאָנגס־טאָון וועל איך ביז מיין טויט ניט פאַרגעסן מיין פריינד און חבר קלמן בארין, ע״ה. צו מיין גרויסן ווייטיק איז ער אַוועק פון אונדז. ער איז אַלט געווען סך־הכל אַרום 50 יאָר. געשטאָרבן איז ער אין יאָר 1930.

דאָס איז געווען אַ מענטש מיט אַ דימענט האַרץ, געווען געטריי איבערגעגעבן דער שול־ און קולטור־באַוועגונג. אַלע עלעמענטן אין יאָנגסטאָון, סיי ראַדיקאַלן און סיי אָרטאָדאָקסן, האָבן געהאַט דרך־ארץ פאַר אים און אים רעספּעקטירט. ער האָט גאָר אַ סך צוגעהאָלפן אויפצוהאַלטן אַ לעבעדיק יידיש ווינקל אין יאָנגסטאָון; ער האָט אַ גרויסן חלק אין דער עפּאָכע, וואָס איך רוף „די גאָלדענע״. ער ליגט אין יאָנגסטאָון און ער באַשיינט דאָרטן דעם אַ.ר.־בית־עולם.

זאָל דער נאָמען קלמן בארין אַזוי גיך ניט פאַרגעסן ווערן.

## זעלטענע באַגעגענישן — אמתע פריינדשאַפט — איך פאַרלאָז יאָנגסטאָון

אין דעם יאָר 1926 בין איך געפאָרן אַלס אַ דעלעגאַט פון יאָנגס־טאָונער אַרבעטער־רינג־שול צו אַ שול־צוזאַמענפאָר אין אַטלאַנטיק־סיטי.

צוריקוועגס, נאָכן צוזאַמענפאָר, בין איך פאַרפאָרן צו גאַסט קיין ניו־יאָרק, זען זיך מיט משפחה און קרובים.

פאַרפאָרן בין איך צו מיין יינגערער שוועסטער זלאַטקע. דאָרטן, ביי איר אין הויז, האָבן זיך פאַרזאַמלט אַלע מיינע שוועסטער און ברידער. אַלע האָבן זיך גענומען מיט מיר גריסן און קושן. איך האָב באַמערקט אַן אַלטינקע פרוי פון מיטעלן וואוקס, מיט אַן איינגע־בויגענער פלייצע; איר פּנים — צעקנייטשט, סימנים פון שווערע

איבערלעבונגען. צו איר האָב איך בלויז אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און געזאָגט: „האַו דו יו דו".

פרעגט מיך מיין יינגערע שוועסטער: „וואָס איז דער מער? דו דערקענסט גאָרניט די דאָזיקע פרוי?"

זאָג איך: „איך ווייס ניט ווער זי איז".

— „האָסטו זי גאָר קיינמאָל ניט געזען?" — פרעגט מיך ווידער מיין שוועסטער.

איך האָב געמיינט, אַז דאָס איז אַ שכנה אַריינגעקומען. איך האָב באַמערקט ווי די פרוי הייבט אָן וויינען. אויך די איבעריקע מענטשן האָבן געהאַט טרערן אין די אויגן.

— „וואָס טוט זיך דאָ", — פרעג איך, — „וואָס האָט פּאַסירט?"

זאָגט צו מיר די יינגערע שוועסטער: „דו ווייסט ווער די פרוי איז? — דאָס איז אונדזער שוועסטער לאה."

מיר האָבן זיך אַרומגעכאַפּט מיט דער שוועסטער און ביידע געוויינט פאַר פרייד.

איך האָב מיין שוועסטער לאהן ניט געזען שוין אַריבער דרייסיק יאָר. זי האָט זיך פאַר דער צייט אָנגעליטן אַ סך צרות. די ערשטע וועלט־מלחמה האָט זי איבערגעלעבט אין דער אַלטער היים. די דייטשן האָבן פאַרנומען דאָס שטעטל בערעזין וואו די שוועסטער האָט געוואוינט. מיין שוועסטער און איר הויזגעזינד האָבן זיך אויס־באַהאַלטן צוויי וואָכן אין אַ גרוב.

איך האָב זיך געלעבט מיין אייגענעם לעבן, אַדורכגעמאַכט אי שלעכטס, אי אויך אַ ביסעלע גוטס. כ'האָב קיינמאָל אין זינען ניט געהאַט, אַז מיר וועט זיין באַשערט צו זען זיך מיט דעם רעשט פון מיינע נאָענטע, — און איצט זיינען מיר געשטאַנען פנים אל פנים מיט מיין שוועסטער.

ביי אונדז אַלעמען איז געווען די שמחה גרויס.

נאָך אַ באַגעגעניש איז ווערט איבערצוגעבן.

איך האָב זיך נאָכגעפרעגט ביי דער שוועסטער צי זי זעט יוספן.

— „זיכער זע איך אים", — זאָגט זי, — „מיר ביידע באַלאַנגען צו איין אַרבעטער־רינג־בראַנטש. איך וועל דיך צופירן צו אים. ער האָט אַ „קלינינג סטאָר" אין ברוקלין."

יוסף איז אַמאָל געווען מיין ערשטער רבי אין סאָציאַליזם, אַמאָל, מיט אַ סך יאָרן צוריק, אין מינסק.

ווען מיר זיינען צוגעקומען צום פּלאַץ, איז מיין שוועסטער פאַרבליבן וואַרטן אויפן גאַס. איך בין אַריין אין סטאָר. ווען איך האָב אים דערזען, האָב איך זיך קוים איינגעהאַלטן ניט אַ געשריי צו טאָן: „יוסף, האָסט מיך ניט דערקענט!"

מיין חבר יוסף האָט מיך מיט 28 יאָר צוריק אַריינגעצויגן אין דער באַוועגונג; דאָס לעבן האָט אונדז צעשיידט, מיך — אין סיביר, און אים — ערגעץ אַנדערש וואו; ער איז פאַרבליבן דער זעלביקער רירעוודיקער מענטש, געררעדט גיך, מיט דער פליאַמע אויף דער רעכ־טער באַק, — נאָר די האָר אַרום די שלייפן האָבן שוין גענומען ווערן גרוי.

ער האָט מיך אַ פרעג געטאָן: „וואָס קאָן איך טאָן פאַר אייך?"

איך האָב אים געבעטן ער זאָל מיר אויספּרעסן דעם קאָסטיום, און גענומען דינגען זיך מיט אים וועגן פּרייז. איך זאָג אים, אַז איך בין ניט זיכער, צי ער וועט מיר קאָנען מאַכן אַ גוטן דזשאָב; ער האָט גענומען מיך פאַרדעכטיקן, אַז איך בין געקומען מאַכן אַ „האָלד־אַפּ", ווייל ער האָט באַמערקט, אַז איך בין זייער נערוועז.

איך האָב מער ניט געקאָנט זיך איינהאַלטן. איך האָב אַראָפּגע־כאַפּט מיין הוט און אַ זאָג געטאָן: „יוסף, דו דערקענסט מיך ניט?"

אַ שטראָם טרערן האָט זיך גענומען גיסן פון זיינע אויגן.

— „אוי, ווי גליקלעך איך בין אַז מיר האָבן זיך ווידער געטראָפן!"

ער האָט אַרויסגערופן די אַרבעטער, וואָס האָבן געאַרבעט אין דעם הינטערשטן טייל פון זיין סטאָר און אויך זיין פרוי, און עס איז גע־וואָרן אַן אמתע שמחה.

ער איז מיך מקנא, זאָגט ער, וואָס איך בין אויף דער פּראָווינץ, און וואָס כ'בין טעטיק געזעלשאַפטלעך.

***

געקומען צוריק פון שול־צוזאַמענפאָר, האָב איך ווידער מיט נאָך מער התמדה גענומען אַרבעטן לטובת דער באַוועגונג.

אָבער מיין עקאָנאָמישע לאַגע האָט זיך איבערגעאַנדערשט צום

ערגערן. די ביזנעס זיינען געוואָרן שוואַכער; איך האָב פאַרקויפט ווינציקער סחורה. האָט מיר מיין באַלעבאָס אויפגעגעבן אַ נייעם פּלאַן: איך זאָל אַרבעטן אויף אַ פּראָצענט און קריגן אַן „אַלאַוענס" 30 דאָלאַר אַ וואָך, אַן פעסטע וועכנטלעכע שכירות.

איך האָב דעם פאַרשלאָג ניט אָנגענומען, און האָב מיין דזשאָב „איינגעפּאַקט".

עס האָט זיך מיר געמאַכט צו קויפן אַ גראָסערי. אָבער מיט וואָס קויפט מען? — ווי איך האָב שוין פריער דערמאָנט, האָט אין יאַנגס־טאָון די אַרבעטער־משפּחה געלעבט זייער פריינדלעך איינער מיטן צווייטן. האָב איך זיך געזען מיט סעם שייעוויצן, אַ מיטגליד פון אונדזער א.ר.־ברענטש און אַ פאַרוואַלטער אין דער א.ר.־שול. ער האָט געהאַט אַ גרויס מילך־געשעפט. כ'האָב אים דערציילט, אַז איך דאַרף האָבן געלט, צום וויניקסטנס טויזנט דאָלאַר, און אים געבעטן ער זאָל מיר דאָס באָרגן.

ער האָט מיך אַ ביסל גוט־ברודעריש אַ קיבעץ געטאָן: „ווי קומט אַ שניידער צו ווערן אַ גראָסערימאַן?" — אָבער נאָכן קיבעצן איז ער מיט מיר אָוועקגעגאַנגען אין באַנק און געשאַפן פאַר מיר די נייטיקע סומע געלט.

ווען מען דערמאָנט אַ צדיק, זאָגט זיך ערגעץ, דאַרף מען אויך דערציילן וועגן אים שבחים. מוז איך דאָס טאָן בנוגע דער שייעוויץ פאַמיליע.

סעם שייעוויץ און זיין פרוי שיינקע,—אַזוי האָבן מיר זיי אַלע גערופן, — זיינען געווען אַ סימבאָל פון מענטשלעכער פריינדשאַפט און גוטסקייט. זיי האָבן געלעבט זייער ברייט. האָבן געהאַט אַן אייגן הויז אין דער רייכסטער געגנט פון יאַנגסטאַון, אַ רעגעלער פּאַלאַץ. יעדערער פון זיי האָט געהאַט אַן אויטאָמאָביל. דאָנערשטיק אָוונט, ווען די ווייבער קויפן איין אויף שבת, פלעגט מרס. שייעוויץ קומען מיט איר גרויסער מאַשין, און וויפיל זי האָט נאָר געקענט אַריינפּאַקן ווייבער מיט זייערע פּעקלעך און יעדערע אָפּפירן אַהיים צו זיך.

סעם שייעוויץ, אַ הויך־געוויקסיקער מאַן מיט אַ בלאָנדלעכן קאָפּ האָר, מיט אַ סימפּאַטישן פּנים, שטענדיק מיט אַ שמייכל, האָט

געהאַט אַ זעלטן־גוטע נאַטור; ער האָט שטענדיק ליב געהאַט צו טאָן אַ טובה. ווען די שול־פאַרוואַלטונג האָט אָנגעהויבן דעם נייעם זמן, און מען האָט געמאַכט אַ באַנקעט צו שאַפן די נייטיקע סומע פאַרן שול־בודזשעט, האָט סעם שייעוויץ תמיד געגעבן הונדערט דאָלאַר. ביי זיי אין הויז איז שטענדיק געווען קאָמפּאַניע. די אַטמאָספער איז געווען אַ פּשוטע, אַ פריינדלעכע.

מיר האָבן די שייעוויצעס גערופן „טאָוואַרישטש". אַז דער „טאָוואַרישטש" האָט זיך געווענדט צו אים נאָך אַ גמילת חסד כדי צו קענען קויפן אַ געשעפט, האָט ער ניט אָפּגעזאָגט.

מיר האָבן טאַקע אָפּגעקויפט די גראָסערי. אַזוי ווי איך מיט מיין פרוי האָבן שוין געהאַט דערפאַרונג, און ספּעציעל מיין פרוי איז געווען אַ גוטע פאַרקויפערין, האָט דאָס „געשעפטל" געמאַכט ניט שלעכט.

מיינע קינדער האָבן זיך גוט געלערנט, סיי אין פּאַבליק־סקול און סיי אין אַרבעטער־רינג־שול. איך בין נאָך אַלץ געווען שטאַרק פאַרנומען מיט דער שול־אַרבעט, כ'האָב איצט געהאַט אַ בעסערע געלעגנהייט צו באַזוכן די אַ.ר.־שולן איבערן ראַיאָן.

שפּעטער אַ ביסל האָבן צוויי גרויסע קאָמפּאַניעס — די „עי. ענד פּי." און „באָטלער" — אויפגעעפנט גרויסע קליייטן אויף ביידע עקן גאַס, — און קאָנקורירן מיט אַזעלכע „בערן" האָב איך ניט געקענט. האָב איך איבערגעלאָזט מיין פרוי אין געשעפט אַליין, און איך בין אַוועק זוכן אַ דזשאָב.

מיין עלטערער זון, גערשוני, איז נאָך געגאַנגען אין היי־סקול; ער האָט געקראָגן אַרבעט נאָך דער שול אין אַ קראָם פון עלעקטרישע וואַשערס און „קאַרפּעט סוויפּערס". אין אָט דער קראָם האָבן זיי געדאַרפט האָבן אַ טראָק־דרייווער וואָס זאָל אויך קאָלעקטן ראַטעס ביי די קונדן, ווייל עס איז געווען אַ „קרעדיט"־געשעפט.

דער באָס, אַ קריסט, האָט מיך געקענט פון פריער. ווען איך בין געקומען אַהין בעטן דעם דזשאָב, זאָגט ער צו מיר: „פאַר אייך וועט זיין צו שווער דאָס צו ,אַטענדן'." אַן עלעקטרישע וואַש־מאַשין האָט געוואויגן אַרום צוויי הונדערט פונט; מען האָט דאָס געדאַרפט אַראָפּטראָגן אין קעלער אַריין און עס איינאָרדענען. איך האָב אים

פאַרזיכערט, אַז איך וועל זיך אויסטויגן צו דער אַרבעט, און טאָמער וועט מיר זיין צו שווער, וועט דאָס זיין מיין ענין.

איך בין געוואָרן אַ „טראָק־דרייווער". די ערשטע צייט, ביז איך בין צוגעוואוינט געוואָרן צו דער שווערער אַרבעט, איז עס טאַקע געווען אַ ביסל שווער און כ'האָב גוט געשוויצט. טיילמאָל האָבן זיי מיטגעשיקט מיין זון, ער זאָל מיר העלפן. פלעגט ער רחמנות האָבן אויף מיר און איך — אויף אים. ער האָט גענומען די שווערע זייט — ער האָט געוואָלט מיר זאָל זיין גרינגער, און איך האָב געוואָלט עס זאָל זיין גרינגער פאַר מיין קינד, און איך זאָל טראָגן די שווערע זייט. אָפט האָבן מיר זיך גענוג געמוטשעט, ווען מען האָט געדאַרפט אַרויס־נעמען פון אַ קעלער מיט שמאָלע טרעפּלעך אַלטע וואַש־מאַשינען מיט גרויסע צילינדערס, וואָס וועגן אפשר אַרום דריי הונדערט פונט. דער באַלעבאָס איז געווען צופרידן פון מיין אַרבעט און פון מיינע „קאָ־לעקשאָנס".

צייטנווייז, ווען איך האָב געהאַט פרייע צייט, האָב איך זיך צו־געקוקט צום מעכאַניק, ווי אַזוי ער פאַרריכט וואַש־מאַשינען.

איך האָב שוין געהאַט אָפּגעאַרבעט זעקס חדשים, זאָגט צו מיר איינמאָל מיין באַלעבאָס, אַז איך זאָל ווערן זיין מעכאַניק, ווייל דער פריערדיקער באַלמעלאָכע איז אַוועק פון אים.

איך האָב אים אָנגעקוקט: „ווי אַזוי וועל איך דאָס קענען טאָן אַזאַ אַרבעט?"

באַרואיקט ער מיך, און זאָגט צו מיר: „איך האָב צו דיר צוטרוי, דו ביסט אַ ייד, און האָסט אַ גוטן קאָפּ אויף זיך. איך וועל דיר ווייזן ווי אַזוי דאָס צו טאָן און דו וועסט זיין אַ־קעי".

איך האָב זיך גענומען צו פאַרריכטן וואַש־מאַשינען. די ערשטע צייט האָב איך נעבעך ניט איין אומזיסטן פינפערל געמאַכט „ספּענדן" מיינע קונדן אויף קויפן נייע מאַשין־טיילן. איך האָב פּשוט ניט גוט געקענט די מלאכה; איך פלעג קלאַפּן מיטן האַמער ביז עס האָט זיך עפּעס צעבראָכן, און די באַלעבאַסטע פלעגט מוזן קויפן אַ נייעם טייל פאַר דער מאַשין. אַט אַזוי האָב איך זיך געלערנט גאָלן אויף פרעמדע בערד.

אין יאָר 1928 האָבן די אַרבעטער־רינג־ברענטשעס פון אָהייאָ

סטייט מיך אויסגעקליבן אויף צוויי יאָר אַלס נאַציאָנאַלער דירעקטאָר פון סטייט. צוויי מאָל אַ יאָר פאַרזאַמלען זיך אין ניו־יאָרק אַלע אַרבעטער־רינג־דירעקטאָרן פון די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע. דאָרטן ווערן באַהאַנדלט פּלענער פאַר דער אַלגעמיינער טעטיקייט פון אַרבעטער־רינג.

ווען איך בין געפאָרן קיין ניו־יאָרק סוף 1929 צו דער דירעקטאָרן־פאַרזאַמלונג, האָב איך מיט מיין פרוי אָפּגערעדט, איך זאָל פאַרבלייבן אויף אַ קורצער צייט אין ניו־יאָרק און זען, אויב עס איז פאַראַן אַ מעגלעכקייט צו געפינען אַ באַשעפטיקונג, און מיר זאָלן זיך קענען אַריבערציען קיין ניו־יאָרק.

געוואָלט האָבן מיר פאַרלאָזן יאָנגסטאַון צוליב דעם, ווייל אונדזער עלטערער זון גערשוני האָט געהאַלטן ביים פאַרענדיקן היי־סקול, האָבן מיר געטראַכט, אַז אין ניו־יאָרק וועט ער אין אָוונט קענען גיין אין סיטי־קאָלעדזש, און בייטאָג — אַרבעטן; צווייטנס, וואוינען מיין משפחה און מיין פרויס משפחה אַלע אין ניו־יאָרק, וועט זיין היימישער און, דריטנס, ווען ציט דאָס ניט וואוינען אין דעם קעסל־גרוב ניו־יאָרק, זוכנדיק גוטן מזל און גליק?..

און אַזוי איז געווען. נאָכן דירעקטאָרן־צוזאַמענפאָר בין איך געבליבן אין ניו־יאָרק. איך האָב זיך געענומען מישב זיין מיט מיין יינגערן ברודער, דוד, וואָס קען מען עפּעס דאָ אויפטאָן אויף צו מאַכן אַ לעבן. נאָך אַ לאַנגן ישוב הדעת האָבן מיר ביידע באַשלאָסן צו קויפן בשותפות אַ „קלינינג־סטאָר", אָבער ניט אין ניו־יאָרק גופא.

נאָך לאַנגע זוכענישן האָבן מיר איינגעהאַנדלט אַזאַ געשעפט אין האָבאָקען, ניו־דזשוירזי, ניט ווייט פון ניו־יאָרק.

אַ פּאָר חדשים בין איך געווען אַליין, אָן מיין פאַמיליע, ווייל מיין פרוי האָט געדאַרפט אין יאָנגסטאָון פאַרטיק ווערן מיט דער גראָסערי.

ענדלעך האָב איך געדונגען אַ וואוינונג און אַריבערגעבראַכט מיין פרוי און דעם מוזיניק צו זיך; די צוויי עלטערע זין זיינען פאַרבליבן אין יאָנגסטאַון ביי אונדזערן אַ פריינד ביזן סוף פון שול־טערמין.

עזריאל פּרעסמאַן

# אַ נייע שטאָט מיט אַן אַלטער זאָרג

מיין ניי געשעפט אין האָבאָקען איז צום אָנפאַנג געגאַנגען ניט שלעכט. מען האָט געמאַכט אַ לעבן.

איך האָב זיך אָבער דאָ געפילט פרעמד, כ׳בין געווען אָפּגעריסן פון מיינע גוטע פריינד און פון מיין שול־טעטיקייט.

דער האָבאָקאָנער אַרבעטער־רינג־ברענטש האָט אַראַנזשירט אַ לעקציע פון מאַדאַם מעדעם. בין איך געקומען צו דעם אָוונט אין אַרבעטער־רינג לייבאָר־לייסעאום מיט דער האָפענונג, אַז איך וועל האָבן אַ מעגלעכקייט צו באַקענען זיך מיט נייע מענטשן.

איך האָב דערוואַרט, אַז אויך דאָ פירט מען זיך ווי אויף דער פּראָווינץ, ווען מען דערזעט אַ פּנים חדשות: מען פרעגט פון וואַנען אַ ייד קומט... אָבער איך בין אָפּגעזעסן אַ גאַנצע שעה, און קיינעם איז גאָרניט אין זינען געלעגן צוגיין רעדן מיט אַ ניי־געקומענעם יידן.

איבערן זאַל איז אַרומגעגאַנגען הין און צוריק אַ מאַן פון מיטעלן וואוקס, אין אַ טונקעלן קאָסטיום, די האָר גלאַט פאַרקעמט, און האָט אַלע ווײַלע אָפּגעצויגן זיין ראָק, ער זאָל הענגגען גלאַט. איך האָב פאַרשטאַנען אַז דער ייד איז אַ באַאַמטער פון ברענטש. גיי איך צו און טו אים אַ פרעג: „איר זייט דער סעקרעטאַר פון האָבאָקאָנער ברענטש?"

— „יאָ, וואָס האָט איר געוואָלט?"

זאָג איך אים: „איך בין דאָ אַ פרעמדער; איצט בין איך געוואָרן אַ תושב ביי אייך אין שטעטל און כ׳וויל זיך באַקענען מיט מענטשן."

מיר האָבן אַ ביסל געשמועסט און ער איז די גאַנצע צייט געווען קאַלט און אָנגעצויגן.

איך האָב אָנגעשריבן אַ בריוול צו פריינד געליבטערן, ע״ה, דעם פאַרשטאָרבענעם בילדונגס־דירעקטאָר פון אַרבעטער־רינג און אים געבעטן, אַז ער זאָל מיך רעקאָמענדירן צו דער היגער שול־פאַר־וואַלטונג אַלס טוער פון די א.ר.־שולן.

ווען עס איז פאָרגעקומען אַן אונטערנעמונג פון דער א.ר.־שול בין איך צוזאַמען מיט מיין פרוי אַוועק צו דעם אָוונט. איך האָב

געוויזן פר. געליבטערס בריוו צום סעקרעטאַר פון שול און פון ברענטש, פריינד ס. באַסקין. מען האָט מיך גאַנץ פריינדלעך אויפגענומען, און איך האָב האַרציק באַגריסט אַלע פאַרזאַמלטע.

איך בין געוואָרן טעטיק אין דער שול, אויך געוואָרן איר פינאַנץ־סעקרעטאַר. איך האָב זיך טראַנספערירט צום האָבאָקאָנער בר. 198, און בין געוואָרן אַקטיוו סיי אין ברענטש און סיי אין דער שול־פאַרוואַלטונג.

מיינע קינדער זיינען געקומען פון יאָנגסטאַון. עס האָט גענומען אַ גאַנץ לאַנגע צייט ביז זיי האָבן זיך צוגעוויינט צום נייעם פּלאַץ. זיי האָבן צו מיר געהאַט טענות, הלמאי האָבן מיר זיך איבערגעצויגן פון יאָנגסטאַון. דאָ האָבן זיי ניט קיין חברים און פילן זיך עלנט. האָב איך זיי געטרייסט, אַז מיט דער צייט וועלן זיי זיך צוגעוויינען און וועלן קריגן גענוג פריינד.

אין אַרבעטער־רינג־ברענטש האָט מען גענומען פאַרהאַנדלען די פראַגע וועגן עפענען אַ יאַנג־סוירקל־ברענטש פאַרן יונגן עולם. מיינעביידע זין, גערשוני און זלמן, האָבן שוין געהאַט געענדיקט די א.ר.־שול און זיי האָבן געהאַט אַ געלעגנהייט צו ווערן טעטיק אין דעם יאַנג־סוירקל. מיין עלטערער זון איז געוואָרן סעקרעטאַר, און מיט דער צייט זיינען ביידע זין געוואָרן די גאַנצע פירערס; האָבן זיי שוין צו מיר מער קיין טענות ניט געהאַט פאַרן אַריבערפאָרן קיין האָבאָקען.

גרשון (דזשאָרדזש), דער עלטערער זון, האָט זיך געווענדט אין סיטי קאָלעדזש און ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אים פעלט נאָך אַ קעגנשטאַנד, לויט די ניו־יאָרקער קאָלעדזש־געזעצן, און ער קען דערפאַר ניט אָנקומען אַלס סטודענט אַהין. מיר זיינען געוועזן שטאַרק באַזאָרגט וועגן דעם. מאַכט זיך, אַז גראָד דעמאָלט איז געקומען צו אונדז צו גאַסט אַ קוזינע, אַ מיידל פון דזשורזי־סיטי; זי איז געווען אַ סטודענטקע פון אַ סאַוט־קאַראָליינא קאָלעדזש. ווען זי האָט דערהערט אונדזער ערגערניש וועגן אַ „סאַבדזשעקט", האָט זי אונדז באַרויקט, אַז דזשאָרדזש וועט קענען אָנקומען אין זעלביקן קאָלעדזש וואו זי לערנט, אָן דעם איין „סאַבדזשעקט".

מיר האָבן זיך דורכגעשריבן; צוגעשטעלט אַלע נייטיקע פּאַפּירן אין סאַוט־קאַראָליינא קאָלעדזש, און מען האָט אים אָנגענומען.

איך מיט מיין פרוי האָבן זיך זייער געערגערט, וואָס אונדזער זון וועט דאַרפֿן זיין אין דער פרעמד. דאָס מיינט אויך מער הוצאות.

מיין זון איז אַוועק אין דער סאָוט, אָבער ניט געפאָרן, נאָר עולה־רגל געווען, אַוועקגעגאַנגען צופוס. פאַר זיין אַוועקגיין האָט מיין יינגערער זון, זלמן, אויסגעטאָן פון זיך זיינעם אַ נייעם סוועטער, מיט אַ פאָר ספּאָרט־שיך, וואָס ער האָט פאַר זיך געקויפט, און געזאָגט צו גרשונען: „נעם דאָס מיט; דו גייסט אַוועק, וועסט זיין אין דער פרעמד צווישן אַ סך פרעמדע בחורים, טאָ האָב אַ ביסל לייטישערע קליידונג.”

דערביי איז געווען מיינער אַ פריינד, אַ מיטגליד פון אַרבעטער־רינג־ברענטש; האָט דאָס אים גערירט ביז טרערן.

אַזאַ איז געווען די אַחדות צווישן מיינע קינדער און אַזאַ — די גרייטקייט אויף קרבנות צו גיין לערנען זיך, אַפילו ביי שווערע אומשטענדן.

איך מיט מיין פרוי זיינען געווען זייער שטאַרק פאַרנומען מיט דער א.־ר.־שול און מיט דער קולטור־אַרבעט. מיר האָבן געגרינדעט אַ כאָר ביים ברענטש, און מיר האָבן אין איםביידע גענומען אַנטייל.

צו דער זעלביקער צייט האָט מען געדאַרפט האָבן אַ לערער אין דער א.ר.־שול, און מיין פריינד ש. הורוויץ, דער זעלביקער וואָס איז ביי אונדז געווען לערער אין יאָנגסטאַון פינף יאָר צייט, איז געוואָרן לערער אין האַבאַקען. ער האָט ממש אויפגעלעבט דאָס גאַנצע שטעטל. ער האָט געגרינדעט אַ דראַמאַטישן פאַראיין, אַ מוטער־קלוב; דאָס גאַנצע געזעלשאַפטלעכע לעבן איז באַרייכערט געוואָרן.

אין 1930 בין איך אויסגעקליבן געוואָרן אין דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע פון אַרבעטער־רינג; איך בין אויך געווען אין דעם האַדסאָן־קאַונטי דיסטריקט־קאָמיטעט.

האָט מיין גייסטיק לעבן טאַקע אַ הייב געטאָן זיך גאַנץ הויך, אָבער מאַטעריעל האָט ווידער גענומען גיין באַרג־אַראָפּ. מיין הוצאה איז געווען 150 דאָלאַר אַ חודש. האָב איך אויפגעגעבן מיין דירה און מיר האָבן זיך אַריינגעקליבן אין דעם הינטערשטן טייל פון מיין „סטאָרקע”.

לאָמיך אַ ביסל אָפּמאָלן מיין וואוינונג: די קראָם, דער ערשטער האַלבער, ליכטיקער טייל צו דער גאַס צו, האָט זיך פאַרענדיקט מיט

„שאָו־קייסעס“ און אַלמערס אויף אַריינהענגען די פּאַרטיקע גערייניקטע מלבושים. הינטער די אַלמערס, אין דער צווייטער הינטערשטער אימפּראָוויזירטער טייל איז געשטאַנען אַ פּרעס־מאַשין, אַ ניי־מאַשין און אַנדערע שניידערשע קלייניקייטן. אָט אין דעם צימער האָב איך מיט מיין פרוי און צוויי זין איינגעאָרדנט אונדזער אָרעמע וואוינונג. אין צוויי ווינקלען זיינען געשטאַנען צוויי בעטן. פון אָנפאַנג האָבן מיר זיך געפילט זייער שלעכט און האָבן זיך פּשוט געשעמט, פלעגן מיר אַלע אינדערפרי פאַנאַנדערנעמען די בעטן און פאַרהענגען מיט אַ פאָרהאַנג, טאָמער קומט אַריין אַ „קאָסטאָמער“ אָדער עמעצער אַנדערש, זאָלן זיי ניט וויסן אַז מיר וואוינען דאָ.

עס איז ניט געווען קיין הייסע וואַסער און ניט קיין באָד. מיין זלמן האָט געאַרבעט אין וועסט ניו־יאָרק, ניו־דזשוירזי. ווען ער פלעגט קומען פון דער אַרבעט, האָב איך אים צייטנווייז געגעבן אַזאַ באָד: מען פלעגט אָנוואַרעמען אין וואַש־טאָפּ הייס וואַסער, אַרום קוילן־אייוועלע אַרומשטעלן אַ פּאַראַוואַן, און כ׳האָב אים אַרומ־געוואַשן. צום קאָכן איז געווען אַ קליינע גאַז־רענדזש מיט צוויי ברענערס; אויף דעם האָט מיין פרוי געקאָכט. טיילמאָל איז געווען אַזוי ביטער אויפן האַרצן, אַז ווען מען וואָלט געגעבן אונדזערע פאַר־גאַלטע הערצער אַ הונט אַ לעק צו טאָן, וואָלט ער זיך זיכער פאַרסמט. ס׳איז שוין באַלד ענלעך צו דער וואוינונג פון מיין טאַטע־מאַמע דאָרטן ווייט, אין דער אַלטער היים, מיט 50 יאָר צוריק...

אויך איך גיי אין די וועגן פון מיין אָרעמען טאַטן. שוין לאַנג צוריק האָט געזאָגט דער חכם פון קהלת: „אין חדש תחת השמש“.

איינמאָל האָט פּאַסירט אַזאַ זאַך: ס׳איז שבת אינדערפרי, דער טעלעפאָן קלינגט, איך ענטפער, הער איך אַ פרויען־שטים, זי פרעגט מיך צי איך דערקען איר שטים; זי זאָגט, אַז זי וויל קומען זען זיך מיט אונדז. ערשט — דאָס איז פריינדין ליפשיץ פון עקראַן, אָהייאָ.

מיר זיינען געווען זייער באַפריינדט ווען מיר האָבן געוואוינט אין יאָנגסטאַון; ווען איך פלעג קומען קיין עקראָן וועגן שול־ענינים, פלעג איך שטענדיק ביי זיי עסן. פריינד ליפשיץ איז געווען דער א.ר.־דירעקטאָר פון אָהייאָ־סטייט איידער איך בין אויסגעקליבן

געוואָרן, אַן אַקטיווער טוער סיי אין ברענטש און סיי אין די א.ר.־שולן. ער איז געווען פאַרמעגלעך. ער האָט געהאַט אַן אינשורענס־קאָנטאָר.

איר קענט זיך פאָרשטעלן ווי אונדז איז געווען אויפן האַרצן, אַז זי וועט קומען צו אונדז אין אַזאַ אָרעמער וואוינונג.

ווען זי איז געקומען, האָבן מיר גאַנץ געמיטלעך פאַרבראַכט, נאָכגעפרעגט זיך אויף אַלע באַקאַנטע און אויף דער טעטיקייט וואָס גייט אָן אין זייער געגנט.

פלוצים גיט זי אַ פרעג: „וואו וואוינט איר?" — זאָגן מיר, אַז מיר וואוינען אין ברוקלין. זי האָט פאַרשטאַנען אַז מיר שעמען זיך און דאָס איז בלויז אַ תירוץ, זאָגט זי: „איר דאַרפט זיך פאַר מיר ניט שעמען. איך בין געקומען צו אייך ווי אַ פריינד. איך וויל ביי אייך איבערנעכטיקן, ווייל אינדערפרי קומט אָן מיין מאַן מיטן שיף פון איראָפּע. ער איז אַהין געפאָרן אויף אַ וויזיט, און די שיף קומט אָן אין האָבאָקאָנער האַפן. אין אַ האָטעל וועל איך בשום אופן ניט גיין שלאָפן".

דער סוף איז געווען, אַז זי איז פאַרבליבן ביי אונדז איבער נאַכט. איך מיטן זון זלמן זיינען אַוועק אין אַ טערקיש באָד, און אויף מאָרגן פרי בין איך געקומען און מיט איר געגאַנגען באַגעגענען איר מאַן.

די מאַטעריעלע לאַגע איז ביי אונדז געווען אַ שרעקלעכע. אָבער דערפאַר, ווען איך מיט מיין פרוי פלעגן אַוועקגיין צו אַ מיטינג, פאַרברענגען מיט פריינד, אָדער ס'איז געקומען צו גאַסט דער סעקרעטאַר פון ברענטש, פריינד ס. באַסקין, מיט נאָך פריינד און מיר האָבן פאַרבראַכט ביי אַ גלאָז ביר, — דעמאָלט האָט דאָס גאַנצע פאַרביטערטע לעבן באַקומען אַ העלערע און אַ ליכטיקערע געשטאַלט.

איך וויל איבערגעבן וועגן גייסטיקן געניוס וואָס די א. ר. כאָרן ברענגען בכלל, און דעם גייסטיקן געניוס וואָס דער כאָר פון האָדסאָן־קאָונטי דיסטריקט־קאָמיטעט פון אַרבעטער־רינג בפרט האָט אַריינגעבראַכט אין די רייען פון די מיטגלידער אין יענע צייטן.

די טוערס פון דיסטריקט־קאָמיטעט פון האָדסאָן־קאָונטי א. ר. האָבן אָנגעפירט אַ כאָר. דער כאָר איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן פון

פשוטע פאָלקס־מענטשן, אַרבעטערס פון שאָפּ, אָדער קליינע ביזנעס־לייט, מענטשן וואָס האָבן זיך קיינמאָל ניט פאַרנומען מיט נגינה.

דער דיריגענט איז געווען דער באַקאַנטער געזאַנג־לערער וואָלאָ־וויטש, ע״ה. די פּראָבעס פלעגן פאָרקומען יעדן פרייטיק־צו־נאַכט אין האָבאָקאָנער א.ר. לייבאָר־לייסעאום. צו די פּראָבעס פלעגן קומען אַ סך צוהערערס און פלעגן שטאַרק הנאה האָבן.

די פרייטיק־צו־נאַכטן זיינען געווען וואָס ביי פרומע יידן קבלת־שבת, ווען מען זאָגט „לכה נרננה״ — קומט, מירן זינגען, מיר וועלן דעם שבת אָנטקעגנגיין! דאָס צוזאַמענקומען זיך און דער געזאַנג פון פאַרשיידענע אַרבעטער־ און פאָלקס־לידער האָבן דערהויבן אַלעמען צו אַ העכערער מדרגה. דער לייבאָר־לייסעאום איז געווען ווי אַ טעמפּל פון גאָטס־דינסט. אַלע האָבן מיט באַגייסטערונג געוואַרט אויף דעם פרייטיק־צו־נאַכט און געגרייט זיך ווי צו אַ יום־טוב.

עס האָבן אויך ניט געפעלט קיין קאָמישע פּאַסירונגען, פון וועלכע דער עולם ביי די פּראָבעס האָט האַרציק געלאַכט. מען הייבט אָן זינגען. דער לערער, וואָלאָוויטש, שטעלט איין יעדע גרופּע זאָל זינגען איר באַשטימטע שטים, און גיט דעם טאָן פאַר די סאָפּראַנאָס, אַלטן, טענאָרן און באַסן. די זינגערס דוכט זיך, אַז אַלץ איז אין האַרמאָניע. מיטאַמאָל צעשרייט זיך דער לערער וואָלאָוויטש: „ווער האָט דאָס פאַרבלאָנדזשעט דאָרטן?״ איין קליינקייט: אַ פרוי, אַן אַלטע, איז פאַרקראָכן און זינגט גאָר מיט אַ טענאָר שטים. וואָלאָוויטש הייבט אָן נאָכצוקרימען ווי מען רייסט דעם האַלדז אויף אַ פרעמדער שטים. ער מאַכט דערביי אַזעלכע גרימאַסן, אַז דער עולם קייקלט זיך פון געלעכטער. אָבער דאָס האָט ניט געמינערט דעם דרך־ארץ צו וואָ־לאָוויטשן, ווייל ער איז געווען אַ קינסטלער אין זיין פאַך.

נאָכן זינגען האָט זיך ערשט אָנגעהויבן דער אמתער יום־טוב. אַלע געסט און זינגערס פון כאָר זעצן זיך אַרום געגרייטע טישן און מען סערווירט קאַווע און צובייסן. אַ ספּעציעלער קאָמיטעט האָט געהאַט די אויפגאַבע צו באַזאָרגן, עס זאָל זיין וואָס צו נעמען אין מויל. דער עולם האָט געפילט אַ גרעסערן תענוג און איז געווען מער צופרידן ווי פון דעם בעסטן באַנקעט, ווייל די אַטמאָספער איז געווען אַן אינטימע, אַ חברישע, אַ באַגייסטערטע.

און אחרון אחרון חביב. נאָך דעם אַלעמען האָט זיך ערשט אָנ־

געהויבן די פריילעכע קאַפּעלע — צוויי זין פון אַ מיטגליד פון א. ר. האָבן געשפּילט: איינער — פּיאַנאָ, דער צווייטער — פידל, און דער עולם האָט זיך אַוועקגעלאָזט טאַנצן. יונג און אַלט האָבן זיך צוזאַמען משמח געווען, עס איז געווען אַ חסידישע התלהבות, וואָס האָט דער־הייבן דעם גייסטיקן געמיט, אַלעמענס הערצער האָבן זיך אָנגעפּילט מיט יום־טוב, מיט אַ נשמה יתירה. די וואָכעדיקייט פלעגט פאַר־שווינדן, קיינער האָט ניט געטראַכט וועגן דחקות, די זאָרג און דאגות זיינען פאַרשוואונדן.

אָט דער געמיט האָט מיך און מיין פרוי פאַרהיט, אַז מיר זאָלן ניט אַריינפאַלן אין יאוש, ווען די צייט איז געווען זייער אַ שלעכטע, ווען באו מים עד נפש.

אין אַלגעמיין איז פאַר מיר און מיין פרוי געבליבן זייער גוטע דערינערונגען פון פריינדשאַפט און חברשאַפט פון דער צייט ווען מיר האָבן געוואוינט אין האָבאָקען, ניו־דזשוירזי, און באַלאַנגט צום דיסטריקט־קאָמיטעט פון א.ר. פון האָדסאָן־קאַונטי.

***

דאָס געשעפט איז געגאַנגען אַלץ ערגער און ערגער; איך האָב ביסלעכווייז אַרונטערגעריסן פון מיין רענט פון 110 דאָלאַר אויף 50 דאָלאַר אַ חודש; אָבער אויך דאָס איז ניט געווען מיט וואָס צו צאָלן. איך האָב גענומען זוכן עמעצן, וועמען צו פאַרקויפן מיין גע־שעפט, אָבער זייער ווינציק בעלנים זיינען געווען.

מיין זלמן האָט געקראָגן אַרבעט אין אַ גראָסערי, און אין אָוונט איז ער געגאַנגען זיך לערנען אין היי־סקול. ער האָט געהאָלפן אי אונדז, אי געשיקט געלט דעם ברודער אין קאַלעדזש.

דער יינגסטער זון, י. ל. פּרץ (דזשוליוס), האָט שוין אויך גע־נומען גיין אין היי־סקול. נאָך דער שול האָט ער אויך געאַרבעט און האָט אונדז אויך געהאָלפן שלעפּן די שווערע לאַסט פון פרנסה.

שוין שולדיק געווען פאַר 3 חדשים רענט; מיין לענדלאַרדי האָט מיך געבעטן מחילה און זי האָט מיר אַריינגעשיקט אַ „מופּצעטל״. ביים ריכטער האָב איך זיך אָפּגעבעטן נאָך 10 טעג, ביז איך וועל אויפזוכן אַ פּלאַץ וואוהין אַריבערצוקלייבן זיך.

מיין שוואָגער, דער ווייבס ברודער, סעם מאָנהייט, אַן אָפּע־רייטאָר ביי קלאָוקס, האָט מיך אַרויפגענומען צו זיך אין שאַפּ צו העלפן אים אויפן „פלאָר״, „פינען״ פוטערנע קעלנערס און עקזאַמינירן די אַרבעט.

געצאָלט האָט מען מיר 3 דאָלאַר אַ טאָג, געאַרבעט 10 שעה אַ טאָג. איך האָב דאָרטן אָפּגעאַרבעט 7 טעג און פאַרדינט 21 דאָלאַר. האָב איך שוין געלט צום אַריבערקלייבן זיך. האָב איך געדונגען דריי קליינע צימערן אין ברוקלין, אויף סט. דזשאָנס גאַס.

שיפרין, אַ פריינד אונדזערער פון דזשוירזי־סיטי, אַן אַרבעטער־רינג־מיטגליד, אויך אַ מיטגליד פון דעם האָדסאָן־קאָונטי דיסטריקט־קאָמיטעט פון אַרבעטער־רינג, — האָט אויף זיין טראָק אַריבער־געפּעקלט אונדזערע „בעבעכעס״ קיין ברוקלין און האָט אונדז איינ־געשפּאָרט די עטלעכע טאָלערס וואָס מיר האָבן געדאַרפט באַצאָלן אַ „מואווינג עקספרעס״. די איינגעשפּאָרטע פּאָר טאָלערס זיינען אונדז צונוץ געקומען...

## ווידער אַמאָל אַ שניידער

אין 1932, ווען פּרעזידענט רוזוועלט האָט גענומען דורכפירן דעם „ניו־דיל״, האָט די קלאָוקס־אינדוסטריע אָפּגעשטעלט אַלע שעפּער, ביזוואַנען די יוניאָן האָט פאַרענדיקט אַלע פאַרהאַנדלונגען מיט דער אַסאָסיאיישאָן פון די באַלעבאַטים און דורכגעפירט די נייע סטאַ־ביליזאַציע אין פאַך. דאָס האָט געדויערט עטלעכע וואָכן. בין איך דורך דער צייט געוואָרן אַ מיטגליד פון דער „אינטערנעשאָנאַל לײדיס גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן״, אַדאַנק דער רעקאָמענדאַציע, וואָס פריינד ג. כאַנין, דעמאָלט סעקרעטאַר פון סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד און היינט דירעקטאָר פון א.ר.־בילדונגס־קאָמיטעט, — האָט מיר געגעבן צום טרעזשורער פון דער „אינטערנעשאָנאַל״, פריינד אַשפּיז, ע״ה. פ׳ אַשפּיז האָט מיך געבראַכט צום מיטינג פון דער עקזעקוטיווע פון לאָקאַל 82, עקזאַמינערס יוניאָן, און האָט פאַר זיי פאָרגעשטעלט ווער איך בין און אויך דערציילט וועגן מיין געדריקטער

לאַגע. די עקזעקוטיווע האָט באַשלאָסן מיך אַריינצונעמען פאַר אַ מיטגליד בלויז פאַר 12 דאָלאַר איינטריט־געלט; און אויך דאָס אויסצוצאָלן ביסלעכווייז.

## מיין ערשטער דזשאַב אין אַ גרויסן קלאָוק שאַפּ

דער מענעדזשער פון מיין לאָקאַל, פּ׳ ראָזנבלאַט, האָט מיר געגעבן אַ דזשאַב ביי אַ גרויסן קאָנטראַקטאָר אויף דער 25־טער גאַס אין ניו־יאָרק. עס זיינען דאָרטן „געלאָפן״ 40 מאַשינען און עס זיינען געווען 35 „פינישערס״. ניט געקוקט דערויף וואָס איך האָב נאָך ניט געהאַט קיין דערפאַרונג אין דעם „טרייד״, בין איך אַריין מיט זיכער־קייט אין שאַפּ; כ׳האָב געזאָגט צום באַלעבאָס, אַז מר. ראָזנבלאַט, דער מענעדזשער פון לאָקאַל 82 האָט מיך געשיקט צו אים אַרבעטן.

— „קאָנסטו פינען פאַר־קאַלערס און עקזאַמינירן די מאַנטלען?״

— „אָ, יעס, דאָס איז מיין מיטל־נעים״, — דאָס הייסט, אַז איך בין אַ גוטער פאַכמאַן.

איך האָב זיך געשטעלט צו דער אַרבעט. לעבן מיר האָט אויך געאַרבעט דער פאָרמאַן, אַ געזונטער חברה־מאַן אין די מיטעלע יאָרן מיט אַ פּאָר געזונטע „ידים״; ער איז געווען אַ שנעלער באַלמעלאָכע.

ער האָט באַמערקט אַז איך הינק אַ ביסל אונטער אין הילכות קלאָוקס. האָט ער מיר אין אַ פריינדלעכן טאָן אַ זאָג געטאָן: „איך וועל אייך וויזן, ווי אַזוי איר זאָלט אַרבעטן; וועט זיין שנעלער און גרינגער פאַר אייך״. איך האָב אים דערפאַר שיין באַדאַנקט.

אין עטלעכע טעג אַרום איז די אַרבעט ביי מיר געגאַנגען שוין אַ סך שנעלער. אָבער מיין באַגער איז געווען, איך זאָל קאָנען אַרבעטן אַזוי שנעל ווי דער פאָרמאַן. איך האָב דאָס אין אַ קורצער צייט דערגרייכט. דער פאָרמאַן איז געווען זייער צופרידן פון מיר און האָט מיך באַהאַנדלט גאַנץ אָנשטענדיק. טיילמאָל האָט ער מיך מכבד געווען מיט אַ שנאַפּס, וואָס דער באַלעבאָס האָט געהאַט אין זיין אָפיס.

איך האָב אָפּגעאַרבעט אין דעם שאַפּ אַ פּאָר מאָנאַטן. ווען די אַרבעט איז געוואָרן אַ ביסל שוואַכער, האָט מען מיך „אָפּגעלייגט״.

איך בין אַוועק צו דער יוניאָן און זיך באַקלאָגט אויף דער האַנד־לונג פון באַלעבאָס. דער מענעדזשער פון דער יוניאָן האָט מיר צוגעזאָגט, אַז ער וועט אויפנעמען מיטן באַלעבאָס מיין ענין. אָבער ביים צוזאָג איז עס געבליבן.

דער סוף איז געווען, אַז איך בין געבליבן אָן אַ דזשאַב.

מיט דער צייט בין איך אַליין געוואָרן טעטיק אין דער יוניאָן. עס האָט זיך געפאָדערט אַ סך אַרבעט איינצושטעלן אָרדענונג אין טרייד, למשל, אַז די מיטגלידער זאָלן אָפּהיטן דעם 7־שעהדיקן אַר־בעט־טאָג, וואָס מען האָט גע׳וואונען, און ניט אַרבעטן איבער דער צייט.

אַ ספּעציעלער קאָמיטעט איז געשאַפן געוואָרן. מען האָט געמוזט גיין איבער די שעפּער יעדן פאַרנאַכט, קאָנטראָלירן צי מען אַרבעט ניט איבער דער צייט. ווען מען האָט עמעצן געפונען, האָט מען אים פאַרקלאָגט צו דער יוניאָן. ס׳איז געווען ניט קיין לייכטע און ניט קיין אָנגענעמע אַרבעט.

אין אַ טייל שעפּער האָבן די באַלעבאַטים זיך קעגנגעשטעלט און ניט געוואָלט אַריינלאָזן אין שאַפּ, ניט קוקנדיק אויף דעם וואָס די קאָמיטעט־פאָרשטייערס האָבן געהאַט קרעדענשלס פון דער יוניאָן.

איבערהויפּט האָט זיך אַרויסגעוויזן אַ שוואַכע פאַרשטענדעניש פון די אַרבעטערס; אַ סך זיינען ניט געווען צופרידן, וואָס מען לאָזט זיי ניט אַרבעטן לאַנגע שעהן. זיי האָבן געהאַט טענות צו דער יוניאָן, אַזוי ווי די יידן האָבן געהאַט טענות צו משה רבינו, ווען ער האָט זיי באַפרייט פון שקלאַפעריי, פאַרוואָס ער האָט זיי אַרויסגענומען פון מצרים, וואו זיי זיינען געזעסן איבערן טאָפּ מיט פלייש. אַזוי האָבן אויך אַ טייל אַרבעטערס געבענקט נאָך די אַלטע צייטן, ווען זיי האָבן געקענט אָפּשקלאַפן גאַנצע נעכט.

## איך ווער אויפסניי טעטיק אין שול

איך האָב זיך ניט באַפרידיקט מיט מיין אַרבעט אויפן פראָפעס־סיאָנעלן געביט, און האָב געבענקט נאָך גייסטיקער, קולטורעלער אַרבעט. איך האָב זיך ווידער געווענדט צום בילדונגס־קאָמיטעט פון אַרבעטער־רינג. מען האָט מיר צוגעשיקט אַ ידידי־בריוועלע, און

מען האָט מיר רעקאָמענדירט, איך זאָל ווערן אַ מיט־פאַרוואַלטער פון דער בראָנזווילער א.ר.־שול 2. איך מיט מיין פרוי זיינען באַלד געוואָרן טעטיק אין דער דערמאָנטער שול.

לכתחילה האָבן זיי, די שול־פאַרוואַלטערס, געקוקט אויף מיר ווי אויף אַ ישובניק, וואָס ווערט נעבעך פאַרוואָרפן צווישן ניו־יאָרקער גרויסשטאָטישע און פראַקטישע מענטשן.

די שול איז געווען שוואַך, אי פינאַנציעל, אי אויך געהאַט ווינציק קינדער. די איינציקע זאַך וואָס האָט דערהאַלטן די שול ביים לעבן איז געווען דער לערער ב. גאָלד. ער האָט זיך פשוט מוסר־נפש געווען, און מיט זיין כוח און גלויבן האָט ער געגעבן מוט דער פאַרוואַלטונג צו אַרבעטן פאַר דער שול.

איך האָב גענומען פאָדערן, אַז מען זאָל זיך נעמען ענערגיש צו דער אַרבעט: „קענוועסן", קלאַפּן אין די טירן. האָט מיר דער פאָרזיצער געענטפערט: „איר דענקט, אַז דאָ איז אַ פּראָווינץ? מיר האָבן שוין אַלץ געטאָן, און איר דערציילט אונדז ניט קיין נייע מעשיות".

איך האָב איגנאָרירט זיין „פּראַקטישקייט". איך האָב צו זיך געקראָגן יידן, וואָס האָבן זיך צוגעהערט צו מיינע רייד, און מיר האָבן זיך גענומען ענערגיש צו דער שווערער אָבער אָנגענעמער שול־אַרבעט.

אויף דעם ערשטן שול־קאָנצערט, וואָס איך מיט מיין פריינד בערזאָן פון דער צענטראַלער אַ.ר.־שול־פאַרוואַלטונג האָבן אָרגאַניזירט, זיינען געקומען 700 געסט.

די א.ר.־שול 2 אין בראָנזוויל האָט אָנגעהויבן אַ נייע בלאַט אין איר ווייטערדיקער עקסיסטענץ.

אָבער איך מיט מיין פרוי האָבן זיך געפילט ווי אַ פלאַנץ וואָס מען זעצט איבער אויף פרעמדער ערד; ניט קוקנדיק, וואָס איך האָב אַזוי טעטיק געאַרבעט, איז אָבער אויף דער נשמה שטענדיק געווען אַן אומעט. עס האָט מיר ווי געטאָן מיין האַרץ צוזעענדיק די גלייכ־גילטיקייט פון די עלטערן צו אַ מאָדערנער יידישער דערציאונג. בעתן „קענוועסן" האָב איך זיי געגעבן די בעסטע אַרגומענטן און זיי געפּרואווט איבערצייגן, אַז דאָס בעסטע, וואָס זיי קאָנען טאָן פאַר זייערע קינדער איז שיקן זיי אין אַ יידיש־וועלטלעכער שולע.

האָבן אַ טייל געדונגען זיך מיט מיר און געטענהט, אַז זיי האָבן געהערט, אַז עס עקסיסטירן שולן פֿאַר אַ ביליקערן שכר־לימוד. איך האָב זיי געזאָגט, מיר וועלן ביי זיי גאָרניט נעמען קיין געלט, אַבי זאָלן זיי שיקן דאָס קינד. האָבן זיי דעמאָלט איבערגעגעבן אין אונדזער רשות זייערע קינדער.

גאַנץ אָפֿט פֿלעגט זיך עס ענדיקן מיט גאָרנישט.

דערביי פֿלעגט אָפֿט פֿאָרקומען אַזאַ שמועס מיטן קינד:

— „סטעלאַ, ווילסט גיין אין אַ דזשואיש סקול?"

— „איי דאָנט וואָנט", — ענטפֿערט דאָס קינד, און מיט דעם זיינען אָפּגעפֿטרט מיינע רייד און אַ גאַנצע שעה האָרעוואַניע.

ניט נאָר די באַציאונג מצד די עלטערן איז געווען אַ גלייכגילטיקע, נאָר אַפֿילו אויך פֿון אַ טייל פֿאַרוואַלטערס. אויך די באַציאונג צו דעם לערער פֿון אַ טייל פֿאַרוואַלטערס איז געווען ניט ווי צו אַ פֿאַרשטייער, וואָס טראָגט די אחריות צו דערציִען דעם יונגן דור און דערהייבן דעם מצב פֿון קולטורעלן לעבן, נאָר ווי צו אַ באַלמעלאָכע וואָס דאַרף פֿאַרטיק מאַכן זיין באַנדל אַרבעט.

## מיינע זין

מיין זון גרשון האָט געהאַלטן ביים ענדיקן קאָלעדזש און ער האָט זיך געגרייט צו גיין אין דענטל־קאָלעדזש.

אַזוי ווי מיין פּרנסה איז געווען זייער אַ מאָגערע, פֿלעגן ביידע זין וואַקאַציע־צייט אָנועקפּאָרן אין די בערג און זיך פֿאַרדינגען אין די האָטעלן אַלס קעלנערס צו „מאַכן" אַ פּאָר טאָלער, צושטייער אויף לערנען זיך.

גרשון האָט זיך דאָרטן באַקענט מיט אַ מיידל, אַ סימפּאַטישע, אַ קלוגע, און זיי האָבן באַשלאָסן חתונה האָבן.

ווען ער האָט מיר פֿאָרגעלייגט זיין פּלאַן וועגן חתונה האָבן, בין איך געווען איבערראַשט. איך האָב זיך נישט געריכט, אַז ער וועט אַזוי גיך קומען מיט אַזאַ ערנסטן פֿאָרשלאַג. אין מיינע אויגן איז ער נאָך געווען אַ קינד.

ווען איך האָב אים געפרעגט: „וואָס איז וועגן פאַרדינען צום לעבן? דו האָסט דאָך דיין שטודיום נאָך ניט פאַרענדיקט.״ — האָט ער מיר געענטפערט, אַז אויב ער וועט האָבן אַ מעגלעכקייט, וועט ער גיין אין קאַלעדזש, פאַרענדיקן אויף דענטיסט, און טאָמער ניט, וועט ער זוכן עפּעס אַ באַשעפטיקונג.

איך האָב זיך דורכגערעדט מיט זיין מיידל און מיט אירע עלטערן. מיר האָבן אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן, אַז איך וועל געבן אַ העלפט און זיי זאָלן געבן אַ העלפט, ער זאָל קאָנען פאַרענדיקן אויף דענטיסט.

זיי האָבן מסכים געווען. אין יוני 1933 האָט ער חתונה געהאַט, און איז אַוועקגעפאָרן קיין אַטלאַנטאַ, דזשאָרדזשיאַ, פאַרענדיקן זיין שטודירן.

מיר האָבן אָנגעשטרענגט אַלע אונדזערע כוחות אים אויסצו־האַלטן. אונדזער שווערע מי איז געקרוינט געוואָרן מיט דערפאָלג. ער האָט געקראָגן זיין דענטיסטישן דיפּלאָם.

ביי אונדז איז דאָס געווען אַ גרויסע שמחה. איך און מיין פרוי האָבן געפילט, אַז מיר, אַלס מענטשן און עלטערן, האָבן געטאָן אונדזער פליכט און געגעבן אונדזער גרשונען אַ שאַנס פאַר אַ בעסערער צוקונפט.

ער האָט נאָך געדאַרפט האַלטן זיינע סטייט־עקזאַמענס אין ניו־דזשוירזי סטייט. יש אומרים, אַז זיי זיינען ניט אַזוי פריינדלעך צו יידן, און זיי האָבן צום ערשטן מאָל און צום צווייטן מאָל געפונען עפּעס אַ פּגימה; ערשט צום דריטן מאָל האָט ער באַקומען זיין סטייט־דיפּלאָם, אַז ער מעג אָנפאַנגען זיין פּראַקטיק. דאָס האָט זיך פאַרצויגן אַ גאַנץ יאָר. דערווייל האָט ער פּראַקטיצירט אין אַ האָספּיטאַל.

ווען ער האָט אונדז אָנגעזאָגט די בשׂורה, אַז ער איז שוין אַ פולשטענדיקער, כשרער דענטיסט, איז אויפגעקומען אַ נייע פּראָבלעם: וואו נעמט מען געלט אויף עפענען אַן אָפיס — מען האָט געדאַרפט צום ווייניקסטן האָבן וואָסערע אַכט הונדערט דאָלאַר. איך האָב אים צוגעגעבן מוט און געזאָגט: „מיין זון, ערגער זיך ניט, ס׳וועט זיין געלט.״

מיר האָבן זיך געווענדט צו דער משפּחה.

פון מיין פרויס צד האָט איר ברודערס אַ זון, אַ מעדיצין־דאָק־

טאַר, אַנטליען דריי הונדערט דאָלאַר. און אַט אַזוי האָט מען צוזאַ־מענגעקליבן די נייטיקע סומע. מיין זון מיט זיין פרוי האָבן זיך אַרויסגעלאָזט זוכן אַ שטעטל וואו צו עפענען אַן אָפיס.

זיי האָבן געפונען אַ קליין שטעטעלע, ניט ווייט פון פּעטערסאָן, ניו־דזשוירזי, און האָבן זיך דאָרטן באַזעצט.

דער אָנהייב איז געווען זייער אַ שווערער. אין שטעטל זיינען געווען נאָך איין יידישער און נאָך דריי קריסטלעכע דענטיסטן. פון זיין גוטער אַרבעט זיינען די פּאַציענטן געווען צופרידן, האָבן זיי איינע די אַנדערע צו אים רעקאָמענדירט און מיין זון האָט מיט דער צייט גענומען פאַרדינען ניט שלעכט.

איך האָב פאַר דער צייט געקראָגן אַנדערע שעפער צו אַרבעטן, און אַפילו געוואָרן פאַרמאַן אין אַ שאַפּ. כ׳האָב אָבער זייער ניט ליב געהאַט צו באַלעבאַטעווען. איך האָב בכלל ניט סימפּאַטיזירט מיט דעם קלאוקמאַכער, וואָס מען קען אים קיינמאָל ניט צופרידנשטעלן מיטן „באָנדל״: דאָ איז ער צו קליין, דאָ איז ער צו שווער צום אַרבעטן, און פאַרוואָס קריגט אַ צווייטער אַ גרעסערן „באָנדל״?..

איך בין ניט קיין פּסיכאָלאָג כ׳זאָל קענען געבן אַן אָפּהאַנדלונג וועגן דער פּסיכאָלאָגיע פון אַ קלאוקמאַכער, נאָר זיי פאַרמאָגן אַ ספּעציפישן כאַראַקטער אין דער באַציאונג צו „באָנדלס״. אַדאַנק מיין באַקענען זיך מיט אָט דעם עלעמענט, זיינען פאַר מיר קלאָר געוואָרן אַ סך זאַכן וועגן דער גאַנצער באַוועגונג.

***

איך האָב געביטן מיין דירה, וואו איך האָב אָפּגעוואוינט כמעט זעקס יאָר, און כ׳האָב זיך איבערגעצויגן אין באָראָ־פּאַרק, ברוקלין, אין אַ גרעסערער און שענערער דירה.

מיין זלמן איז געווען אַן אָנפירער פון אַ יוגנט־קלובביים יאַנג־סוירקל־ליג פון אַרבעטער־רינג. ער האָט געאַרבעט בייטאָג, אין די אָוונטן האָט ער גענומען אַ קורס פאַר קאורט־סטענאָגראַפיע, אין אַ פּריוואַטער שולע.

זייענדיק טעטיק אין דעם יאַנג־סוירקל, האָט ער זיך דאָרטן באַקענט מיט אַן אינטעליגענט מיידל, אַ בלאָנדע, פון מיטעלן וואוקס.

זיי זיינען אַ ביסל צייט אַרומגעגאַנגען און האָבן חתונה געהאַט.

דורך דער צייט האָט ער געהאַלטן עקזאַמען אויף סיוויל־סוירוויס און האָט געקראָגן אַ שטעל אין פּאָסט־אָפיס, וואו ער אַרבעט אַלס „רעילוויי מייל קלוירק".

**
*

אין בּאַראַ־פּאַרק האָב איך איינמאָל, על פּי צופאַל, דערקענט מיינעם אַן אַלטן חבר, וואָס מיר זיינען געווען צוזאַמען פאַרשיקט אין סיביר מיט 35 יאָר צוריק.

פּאַסירט האָט עס אַזוי: די צענטראַלע שול־פאַרוואַלטונג האָט געוואָלט עפענען אַ נייע שול אין מיין געגנט. איך האָב גערופן אַ פאַר־זאַמלונג פון מיטגלידער פון אַרבעטער־רינג צו זיך אין הויז, אויס־צואַרבעטן פּלענער ווי אַזוי אָנצוהייבן די אַרבעט. עס זיינען געקומען אַרום אַכט מיטגלידער. מיר זיינען געזעסן און געמיטלעך געשמועסט, וואַרטנדיק אויף נאָך מענטשן. איך האָב באַמערקט אַ מאַן, אין די מיטעלע יאָרן, אַ הויך־געוואַקסענער, מיט אַ טונקעלן פּנים. עפּעס איז ער מיר געווען באַקאַנט. וואו האָב איך אים געקענט זען? — איך האָב גענומען אין מיין זכרון איבערבלעטערן, און כ'האָב זיך דערמאָנט, אַז דאָס איז, דאַכט זיך מיר, יעקלטשיק, וואָס איז געווען אין סיביר, אין מינוסינסק ווען איך בין דאָרטן געווען.

טו איך אים אַ פרעג:

— „זייט איר ניט אַמאָל געווען אין די קאַלטע געגנטן?"

— „מעגלעך אַז יאָ", — זאָגט ער צו מיר.

— „זייט איר ניט יעקלטשיק?"

— „זיכער. דאָס איז געווען מיין נאָמען; אָבער איצט הייס איך פּערלמאַן."

ער האָט זיך שטאַרק געוואונדערט, ווי אַזוי איך געדענק אים פון אַזוי לאַנג. איך בין ביי אים פון זכרון פאַרשוואונדן. אַלע בייגעווזענע האָבן זיך געפרייט צוזאַמען מיט אונדז, וואָס צוויי חברים, בונדיסטן, האָבן זיך ווידער צוזאַמענגעטראָפן.

איך האָב זיך גענומען ביי אים נאָכפרעגן אויף אַלטע חברים. דער עיקר האָט מיך אינטערעסירט איינע אַ געוועזענע לערערין

מיינע, יאַכקע, וואָס האָט געפירט אַ „קרוזשאָק" און האָט געלערנט מיט אונדז קלאַסן־קאַמף. אַ סימפּאַטישער טיפּ געווען.

איך האָב פאַר איר געהאַט גרויס דרך ארץ. איך בין דעמאָלט געווען אַן אָרעם שניידער־יינגל, אָן בילדונג, האָב איך זיך מיט גרויס רעספּעקט באַצויגן צו די, וואָס האָבן געהאַט מער בילדונג פון מיר און האָבן מיך געלערנט. אָט די דאָזיקע סימפּאַטישע מיידל, האָב איך געוואוסט, געפינט זיך ערגעץ אין ניו־יאָרק; בין איך געווען זייער נייגעריק צו זען זי ווידער.

זאָגט פּ׳ פערלמאַן צו מיר: „ווען איך וועל האָבן אַ געלעגנהייט, וועל איך זי ברענגען צו אייך".

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום, איינמאָל אַן אָוונט, בין איך אַרויס פון הויז, ערשט מיין אַלט־נייער פריינד יעקלטשיק־פערלמאַן איז צוגע־פאָרן מיט דער מאַשין און רופט מיך צו: „קומט אַהער, איך וויל אייך באַקענען מיט מיינעם אַ פריינד".

איך בין צוגעגאַנגען; כ׳האָב דערהערט אַ געלעכטער פון אַ פרויען־שטים, איך האָב זי גלייך דערקענט נאָכן לאַכן; דער זעלביקער געלעכטער, וואָס מיט 41 יאָר צוריק.

מיר זיינען אַריין צו מיר אין הויז. איך האָב איר פאָרגע־שטעלט פאַר מיין פרוי. כ׳האָב געקוקט אויף איר און געזוכט סימנים פון דער יונגער יאַכקע, וואָס איז געווען אַזאַ ליבלעכע, סימפּאַטישע מיידל. אין מיין זכרון זיינען אויפגעשוואומען פּאַסירונגען פון יענע יונגע יאָרן, וואָס זיינען געווען אַזוי האָפענונגספול און מיט אַזוי פיל זיסע אילוזיעס... היינט איז מיין יונג־אַלטע פריינדין שוין אַ באָבע.

דער מזל איז געווען האַרט צו איר. איר מאַן איז פרי געשטאָרבן און זי איז פאַרבליבן אַן אַלמנה. זי איז געבליבן געטריי איר מאַנס אָנדענק און האָט שוין מער ניט חתונה געהאַט. זי מיט מיין פרוי זיינען געווען האַרציקע גוטע פריינד ביזן לעצטן טאָג פון איר לעבן.

***

מיין יינגערער זון י. ל. פּרץ (דזשוליוס) האָט אַרומגעזוכט אַרבעט און ענדלעך געפונען אין אַ „האָלסייל האַרדוועיר". אַרום פיר יאָר האָט ער דאָרט געאַרבעט.

איינמאָל האָט ער גענומען וואַקאַציע און איז געפאָרן זען זיך מיט אַלטע פריינד אין יאַנגסטאַון, וואָס ער האָט שטענדיק געבענקט נאָך זיי. ניו־יאָרק איז מיינע קינדער קיינמאָל ניט געווען געפעלן.

ווען ער איז געקומען קיין יאַנגסטאַון און אַלע האָבן אים אויפ־גענומען זייער חבריש, האָט ער שוין מער צוריק קיין ניו־יאָרק ניט געוואָלט קומען. ער האָט געזוכט אַ באַשעפטיקונג דאָרטן, אין יאַנגסטאַון.

דערווייל איז אין ניו־יאָרק אָנגעקומען פון פּאָסט־אָפיס אַ מעל־דונג, אַז ער קען קריגן אַ צייטווייליקן דזשאַב. איך מיט מיין פרוי האָבן זייער געבענקט נאָך אים, האָבן מיר אים געשריבן, ער זאָל קומען צוריק אַהיים. ער איז געקומען.

די אַרבעט אין פּאָסט־אָפיס איז געווען בלויז אויף אַ קורצער צייט, האָט ער געזוכט אַן אַנדער אַרבעט. עס האָט זיך געמאַכט אַ גע־לעגנהייט אָפּצוקויפן אַ גראָסערי. קיין גרויסן קאַפּיטאַל האָט מען צו דעם ניט גענידאַרפט, איינגאַנצן אַרום אַ טויזנט דאָלאַר. האָבן מיר ביי משפּחה זיך אָנגעליען און דערצו איז אַ פּלימעניק פון מיין פרויס צד געוואָרן אַ שותּף צו דער גראָסערי. צוליב אונדזער זון האָבן מיר זיך אַריבערגעקליבן אַפּטאַון, אַרום דער צוויי־הונדערטסטער גאַס.

## שטרייק און קראַנקייט

אין אונדזער שאַפּ האָט דער באָס ניט געוואָלט נאָכגעבן געוויסע פאָדערונגען אונדזערע. דאָס איז געווען אין יאָר 1940.

די יוניאָן האָט אַרויסגערופן אַ שטרייק. איך בין געווען אין שטרייק־קאָמיטעט, אויף די פאָדערשטע רייען פון „שלאַכטפעלד". איך האָב טאָג און נאַכט זיך אָפּגעגעבן מיטן שטרייק ניט נאָר אין שטאָט גופא, נאָר אָפט געפאָרן צוליבן שטרייק „אָפּ סטייט" איבער אַ הונדערט מייל, ווייל מיר האָבן זיך דערוואוסט, אַז דאָרטן האָט דער באָס גע־עפנט אַן אַנדער שאַפּ. די יוניאָן האָט אונדז געטרייסט, אַז אַזוי שנעל ווי מיר וועלן אויסגעפינען דעם שאַפּ וועט אַלץ זיין גוט און פיין. מיר זיינען דאָס דערגאַנגען מיט אַ סך מסירת־נפש, ניט דערשלאָפנדיק

נעכט און וואַלגערנדיק זיך אין גראָז מען זאָל אונדז ניט באַמערקן, ווייל די פּאָליציי פון ניובורג — די שטעטל וואו מיר האָבן אויסגעפונען דעם שאָפּ — האָט אונדז געוואָלט אַרעסטירן פאַר קומען צעשטערן די רו און די „גאָלדענע גליקן", וואָס די אַרבעטערס מאַכן דאָרטן.

אָט איז אַ ביישפּיל וואָס ווייזט, ווי די ניו־יאָרקער באָסעס ברענגען „פּרנסה" אין די אַרומיקע שטעטלעך: עס אַרבעט אַ גאַנצע פאַמיליע. דער פאָטער פאַרדינט אַרום 20 דאָלאַר אַ וואָך; די מוטער מיט דער טאָכטער אַרבעטן שטיק־אַרבעט, ביים פאַרנייען נעט, — זיי קריגן צו איין דאָלאַר אַ הונדערט. איז צוזאַמען פאַרדינט אַ גאַנצע פאַמיליע אַרום פופציק דאָלאַר אַ וואָך. און דעריבער האָבן די ניו־יאָרקער פאַבריקאַנטן אַזאַ גרויסן רחמנות אויף אָרעמע מענטשן פון די קליינע שטעטלעך, באַזאָרגן זיי מיט חיונה; און די „באָנדלעך" קייקלען זיך אַוועק פון ניו־יאָרק אויסערן שטאָט.

ענדלעך האָט די יוניאָן „געסעטלט" דעם שטרייק מיט אונדזער באַלעבאָס. צו אונדזער שאַנד האָט געוואונען דער באַלעבאָס. דעם שאָפּ וואָס ער האָט געעפנט אין ניובורג האָט ער געהאַט דאָס רעכט ווייטער אָנצוהאַלטן אויף די אַלע שקלאַפּערישע באַדינגונגען, נאָר די יוניאָן האָט געהאַט דעם בענעפיט, וואָס עס האָט געהייסן, אַז דער שאָפּ איז געוואָרן אָרגאַניזירט און די אַרבעטערס וועלן צאָלן דיוס דער יוניאָן. מיך האָט דער באַלעבאָס אויסגעקליבן פאַר דעם שעיר לעזאזל, ווייל איך בין געווען צו אַקטיוו אין שטרייק. ער האָט נאָך געהאַט אַ ביסל איינזעעניש, אין גאַנצן האָט ער מיך ניט אָפּגעזאָגט, נאָר ער האָט געזאָגט, אַז פאַר מיר האָט ער בלויז צו האַלבע טעג אַרבעט, ד"ה, — איך האָב געקענט פאַרדינען — 18 דאָלאַר אַ וואָך.

איך האָב גענומען קלאַפּן אין די טירן פון דער יוניאָן און גענומען פאָדערן גערעכטיקייט. צו יעדן באַאַמטן, וואָס איך האָב גענומען טענהן, האָט ער מיר אָפּגעענטפערט: „איך ווייס ניט קיין זאַך, דעם שטרייק האָב איך ניט געסעטלט." איינער פון די באַאַמטע האָט מיר אַריינגערוימט אַ סוד, איך זאָל נעמען עטלעכע דאָלאַר פון באַלעבאָס. זיי האָבן געוואָלט פּטור ווערן פון דעם גאַנצן עסק.

איינמאָל בין איך אַריין אַהין וואו איך האָב געאַרבעט, זאָגט צו מיר דער מענעדזשער: „ווי איך זע, וועלן מיר קיינמאָל ניט קומען צו קיין ענד. אויב דו וועסט שוין יאָ אויספירן, איז ניט דו

און ניט מיר וועלן זיין צופרידן. אפשר קענען מיר סעטלען, אַז מיר זאָלן דיר געבן עטלעכע דאָלאַר.״

די פינאַנציעלע לאַגע מיינע איז געווען זייער אַ שלעכטע, האָב איך איינגעשטימט, אַז איך זאָל קריגן באַצאָלט פאַר אַ חודש, און מיר זאָלן פטור ווערן איינע פון די אַנדערע.

אַ פּאָר וואָכן שפּעטער בין איך געקומען אין דער יוניאָן, און דער מענעדזשער פון מיין לאָקאַל האָט מיר געזאָגט, אַז פאַר מיר איז פאַראַן אַ טשעק פון מיין באַלעבאָס אויף אַ הונדערט דאָלאַר. מיר האָט דאָס זייער פאַרדראָסן, וואָס מען האָט מיך פאַרקויפט אָן מיין וויסן. איך בין אַוועק צום באַאַמטן, וואָס האָט אָנגעפירט דעם שטרייק, און אים געפרעגט: „ווער האָט דאָס דיר געגעבן די רעכט צו פאַר־קויפן מיך פאַר אַ הונדערט דאָלאַר ?״

ער האָט מיך בייז אָנגעקוקט: „איך קען דיך ניט ווער דו ביסט, און כ׳האָב מיט דיר ניט קיינע עסקים.״

איך בין געוואָרן זייער אויפגעבראַכט און אים אַרויסגעזאָגט אַלץ, וואָס איך האָב געהאַט אויפן האַרצן, אַז ניט נאָר האָבן זיי מיך פאַרקויפט, נאָר דעם גאַנצן שטרייק האָבן זיי פאַרקויפט.

פאַר אַזאַ „העזה״ האָט ער זיך געוואָרפן אויף מיר שלאָגן און געסטראַשעט, אַז די הונדערט דאָלאַר וועל איך אויך ניט קריגן. ער וועט מיך פאַרקלאָגן צו דער „גריוועוואַנס קאָמיטע״. איך האָב אים גע־פרעגט: „אפשר ווילסטו מיין העמד פון מיין לייב אויך ? אַזוי האַנדלען ניט אָנשטענדיקע מענטשן, וואָס דאַרפן זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם וואָס זיי טוען, בעת זיי האַלטן דעם שיקזאַל פון אַ מענטשן ביי זיי אין די הענט.״

די גאַנצע פּאַסירונג האָט מיך אַזוי אויפגערעגט, אַז איך האָב דערפילט ווי איך וואָלט געווען אין גאַנצן צעמישט. איך האָב גאַנצענע נעכט ניט געקענט שלאָפן פון פאַרדרוס. איך האָב גענומען פילן ווי מיין קאָפּ ברענט מיר ווי אַ פייער און אַלץ דרייט זיך אַרום מיר. מיינע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן מיט אַ גרויסן ווייטיק און זיי זיינען מיר פינצטערער געוואָרן. איך האָב גערופן מיין דאָקטאָר פון אַ. ר. און ער האָט מיך גלייך געשיקט צו אַן אויגן־ספּעציאַליסט.

איך האָב שוין ניט געקענט גיין מיט די אייגענע כוחות. מען האָט מיך געדאַרפט פירן. נאָך אַ גרינטלעכער באַטראַכטונג האָט

דער ספּעציאַליסט אויסגעפונען, אַז איך האָב געהאַט אין קאָפּ אַ בלוט־שטורץ און דער זעקסטער נערוו פון דער ראיה איז פּאַראַליזירט געוואָרן.

מען האָט מיך צוגענומען אין „מאַונט סיינע האָספּיטאַל" אין אַן אָפּטיילונג פאַר נערוון־קראַנקייטן. איך בין אָפּגעווען אין שפּיטאָל אַ פּאָר וואָכן און מען האָט מיך געשיקט אַהיים: פון סכנה בין איך אַרויס, נאָר איך האָב ניט געטאָרט שווער אַרבעטן. מיין פרוי האָט זייער גוט אויפגעפּאַסט אויף מיר און מיך געטרייסט, איך זאָל זיך ניט פילן שלעכט. די וועלט גייט נאָך ניט אונטער.

אויף דער הוצאה האָבן מיר גענומען פון מיין זונס סטאָר, אויך פאַרן שפּיטאָל האָט מיין יינגערער זון באַצאָלט. מיין פרוי פלעגט מיך פירן אויף שפּאַצירן, אַליין גיין אין גאַס האָב איך נאָך ניט געקענט. עס זיינען פאַרבייגעלאָפן אַ פּאָר חדשים און איך האָב גענומען פילן אַ פאַרבעסערונג, ביז וואַנען איך האָב צוריק אָנגעהויבן זען נאָרמאַל.

די צייט וואָס איך בין קראַנק געווען האָבן מיר מיינע קינדער אָפּגעגעבן כבוד־אָב. שטענדיק ווען זיי זיינען געקומען מיך באַזוכן, האָבן זיי מיר געבראַכט מתנות, און כסדר געטרייסט. איך בין זיי פון דער טיפעניש פון מיין האַרצן דאַנקבאַר געווען.

אָבער בעת איך בין קראַנק געווען האָט אַ פאַרצווייפלטער געדאַנק מיך געטאָטשעט און פאַראומערט מיין האַרץ: וואָס דאַרף האָבן אַ בלינדער מענטש אָט די אַלע מתנות? — אַז די וועלט איז פאַר מיר פאַרשטעלט... אָבער די געדאַנקען זיינען פאַרשוואונדן אַזוי שנעל, ווי איך האָב דערפילט, אַז מיינע אויגן הייבן אָן מיר ווידער צו דינען.

אין יאַנואַר 1941 האָט מען מיך אָפּגערופן, אַז איך זאָל קומען אַרבעטן אין אַ שאַפּ, וואו מיינער אַ פריינד האָט געאַרבעט און האָט דאָרט מיך רעקאָמענדירט. איך האָב זיך נאָך געשראָקן צו גיין אַר־בעטן, זאָגט מיר מיין פרוי: גיי און פּרואוו, וועסטו זען, אויב חלילה דיר וועט זיין שווער, טאָ שטרענג זיך ניט אָן, זאָלסטו קומען אַהיים.

איך האָב צוריק אָנגעהויבן אַרבעטן, און כ'האָב זיך געפילט גליק־לעך, וואָס איך בין צוריק אַ מענטש גלייך מיט אַלעמען. דאָס האָט מיר געגעבן מוט און ענערגיע, און כ'האָב ביסלעכווייז פאַרגעסן מיינע פריערדיקע ליידן.

*****

דעצעמבער, 1941. פוירל האַרבאָר, מלחמה, אויך אונדזער לאַנד איז אַריינגעצויגן געוואָרן אין דעם בלוטיקן געראַנגל.

די ביזנעס־וועלט האָט זיך אויך אַ טרייסל־געטאָן. אַ טייל אַר־טיקלען האָט מען גאָרניט געקענט קריגן, אַ טייל זאַכן זיינען „געריישנט״ געוואָרן. דעם קליינעם ביזנעסמאַן האָט עס שטאַרק געטראָפן. קונדן האָבן גענומען אָפּפאַלן און די הכנסה איז שטאַרק געפאַלן.

מיין זון דזשוליוסן האָט שטאַרק אַ קוועטש געטאָן אָט די דאָזיקע מלחמה־לאַגע. מה־דאָך אין די גוטע יאָרן איז ניט געווען איי־איי־איי, היינט ווער רעדט נאָך אין אַזאַ געדריקטער לאַגע, און אין אַ קליינער גראָסערי ?

מען האָט דזשוליוסן גערופן אין מיליטער אַריין. ער האָט ווי עס איז פאַרקויפט זיין גראָסערי. וואַרטנדיק אַ געוויסע צייט ביז מען וועט אים רופן אָנטאָן דעם אוניפאָרעם, האָט דזשוליוס גענומען זוכן עפּעס אַרבעט אויף דערווייל. ער האָט געפונען אַרבעט אין אַ ברוקלינער נייווי־יאַרד. דאָרטן האָט מען אים אַריינגעשיקט אין סקול לערנען די „בליו פּרינטס״. שפּעטער מיט אַ פּאָר חדשים איז ער געוואָרן אַן אַרויסהעלפער ביי בויען שיפן. ער האָט פאַרדינט ניט שלעכט.

## דעם מעזיניק אויסגעגעבן

דערווייל האָט פּאַסירט אַזאַ צופאַל. איך האָב זיך געפילט ניט אַמבעסטן אין געזונט. מיין פּלימעניק דר. מאַנהייט האָט מיר געהייסן פאָרן אין לייקוואוד אָפּרוען זיך אַ פּאָר וואָכן.

ווען איך בין געקומען אין לייקוואוד אין האָטעל, האָב איך זיך דאָרט באַקענט מיט אַ מאַן, אַ הויך געוואוקסיקער, אין די מיטעלע יאָרן, וואָס האָט מיר אויסגעזען סימפּאַטיש. אַ צוגעלאָזענער מענטש. מיר האָבן זיך באַפריינדט, געזעסן ביי דעם זעלביקן טיש, און שטענדיק צוזאַמען אַרומגעשפּאַצירט איבערן שטעטל.

און ווי דער שטייגער איז, האָבן מיר איינער פאַר דעם אַנדערן דערציילט אונדזערע איבערלעבונגען פון דער אַלטער היים. ער האָט

אויך געדינט אין רוסישן מיליטער. מיר האָבן אַזוי לאַנג גערעדט, ביז מיר האָבן זיך דערגערעדט וועגן פֿאַמיליע־אַנגעלעגנהייטן.

איך האָב אים געפרעגט צי האָט ער שוין אויסגעגעבענע קינדער, האָט ער מיר געזאָגט, אַז נאָך דערווייל ניט. ער האָט אָבער זייער אַ געראָטענע שיינע טאָכטער. און ער וואָלט זייער וועלן, אַז זי זאָל קריגן אַ בחור פון אַ שיינער משפחה, און מען זאָל קאָנען זיינע עלטערן. ווען איך האָב אויסגעהערט אַלע שבחים וועגן זיין טאָכטער, האָב איך אינסטינקטיוו דערפילט, אַז מיין זון דזשוליוסן וועט געפעלן ווערן אַזאַ מיידל. זאָג איך: „מר. זריב, איר ווייסט, מיר קאָנען ווערן מחותנים. איך האָב אַ זון, וואָס זוכט אַ מיידל מיט גוטע מעלות. ער איז אַ שיי־נער בחור. אַ הויך געוואַקסענער, פיזיש גוט אַנטוויקלט, און האָט אויך געקראָגן אַ גוטע דערציאונג. ווייסט איר וואָס, — זאָג איך — גיט מיר אייער טעלעפאָן, און דאָס איבעריקע לאָזט איבער צו די קינ־דער.״ און אַזוי איז טאָקע געווען.

איך האָב איבערגעשיקט מיין דזשוליוסן דעם נומער פון טעלעפאָן,— נו, — און, אין עטלעכע וואָכן אַרום האָט דזשוליוס געבראַכט דאָס מיידל צו אונדז אַהיים צו באַקענען זיך. אויך ביי אונדז, טאַטע־מאַמע, האָט זי זייער שטאַרק אויסגענומען. אַ צאַרט, ליב קינד.

אַזוי ווי איך מיט מיין פרוי האָבן שוין מיט איר פאָטער זיך באַקענט אין לייקוואוד, און מיר האָבן שוין אַ ביסל געוואוסט פון וואַ־נען זי שטאַמט, האָבן מיר געזאָגט צו אונדזער דזשוליוסן, אַז זי איז אונדז זייער געפעלן און אַז זי זאָל זיין זיין באַשערטע.

מילדרעד, דאָס מיידל, איז באַחנט, געראָטן און אַ בריה אין הויז־ווירטשאַפט, אַחוץ ענגליש קען זי אויך רעדן, שרייבן און לייענען יידיש, דאָס איז דאָך אַן אמתע מעלה ביי אַן אַמעריקאַנער יידישער טאָכטער.

ווען די חתונה איז געווען באַשטימט אויף דעם 7־טן נאָוועמבער 1942, האָט מען גראַד מיין זון גערופן צו אַ פיזיקל עקזאַמענײשן, און מען האָט אים אַריינגעשטעלט אין קלאַס א־1. ד״ה, אַז אין גיכן וועט מען אים נעמען. דאָס האָט אַ ביסל געשטערט די שמחה פון דער חתונה, איבערהויפט ביי מיר און מיין פרוי.

שבת אָוונט, דעם 7־טן נאָוועמבער, 1942, האָבן זיך פריינד און משפחה געקומען צוזאַמענקומען צו דער חתונה פון יינגסטן זון. עס

איז געקומען מיין לערער, וואָס האָט מיר מיט עטלעכע און פערציק יאָר צוריק געגומען לערנען דעם סאָציאַליזם, יאָקע פערלמאַן; מיין חברטע צביה לאַפּידוס (לעווין), וואָס איז מיט מיר געזעסן אין טורמע און צוזאַמען געגאַנגען אויף סיביר אין יאָר 1901; מיין פריינד קויפ־מאַן,—וואָס האָט מיר געהאָלפן איינאָרדענען מיין הויז אין יאָנגסטאַון אָהייאָ, מיט עטלעכע און דרייסיק יאָר צוריק, דעמאָלט ווען מיין פרוי מיטן זון זיינען אַריבערגעקומען פון רוסלאַנד. עס איז אויך געווען מיין פריינד און חבר הורוויץ מיט זיין פרוי און פאַרהייראַטער טאָכטער. הורוויץ איז געווען דער גייסטיקער דערציער פון מיינע דריי זין, וואָס האָבן געהאָט די זכיה דורכצוגיין די אַרבעטער־רינג־שול וואו ער איז געווען לערער.

און אָט קומט אַריין אַ קאָמיטעט פון מיין האָבאָקענער אָ. ר.־ ברענטש; און אָט באַווייזן זיך פאַרטרעטער פון קלוב „אינטימער ווינקל."

און משפחה: ברודער, שוועסטער, פלימעניקעס און אַנדערע קרובים; מיין פלימעניק מאיר לעווין העלפט באַדינען די געסט און צופרידן שטעלן אַלעמען.

צווישן די פאַרזאַמלטע געסט האָבן בלויז געפעלט מיין עלטע־רער זון גרשון־דזשאָרדזש און זיין פרוי. ער איז שוין געווען אין דער אַרמיי אַ דענטיסט, און ער האָט ניט געקענט קריגן קיין דערלויבע־ניש צו קומען אויף דער חתונה.

אין דעם צערעמאָניע־מאַרש זיינען געגאַנגען די אַרמיי און די נייווי: 2 פּלימעניקעס, הערמאַן טענענבוים, אַ סאַרדזשענט, און דער צווייטער א. מאַנהייט, אַ מאַטראָז, דאָס האָט אונדז דערמאָנט, אַז מיר זיינען איצט אין אַ מלחמה.

דער פּיידזש־באָי, אַ קליין ייִנגעלע, מיין שוועסטערס אייניקל, וואָס האָט געדאַרפט דערלאַנגען דאָס רינגעלע ביי דער חופה האָט זיך דערשראָקן, ווייל עס האָט זיך פונקט אָנגעהויבן אַ בלעק־אַוט, ער האָט ניט געוואָלט צוגיין, שרייענדיק: „איך האָב מורא, עס איז פינצטער."

דער עולם האָט אָבער באַלד אין אַלץ פאַרגעסן און, אונטער די טענער פון דער מוזיק און ביי אַ גלעזל בראָנפן, איז דער שווערער גע־מיט צערונען געוואָרן, און מען האָט געכאַפּט אַ טענצל. אין גערדאַנק זיינען ביי מיר אויפגעשוואומען מיינע אייגענע פרילינגס־טעג; איך

האָב מיר דערמאָנט ווי מיינע געסט האָבן אַמאָל אויסגעקוקט; היינט זיינען מיר אַלע שוין זיידע־באָבעס און מאַכן חתונה די מעזיניקס...

די יאָרן גייען אַוועק.

חתן־כלה זיינען אַוועק אויף זייער האָנימון. פאַר דער צייט האָט מיין זון אָפּגערופן אַ פּאָר מאָל דערוויסן זיך, צי האָבן מיר ניט באַקומען אַ קוויטל פון „דרעפּט באָרד״.

מיט אַ וואָך און אַ האַלבער נאָך דער חתונה איז דאָ אַ בריוו, אַז ער זאָל זיך מעלדן אַלס סאָלדאַט מאָנטיק פרי, דעם 30־סטן נאָוועמבער 1942.

מיט אַ ווייטיק אין האַרצן, דאָך מיט שטאָלץ, האָבן מיר געשיקט אונדזער צווייטן זון צו פאַרטיידיקן אונדזער לאַנד, אונדזער דעמאָקראַטיע און צו מאַכן אַ סוף צו דעם אומגליק וואָס די גאַנצע וועלט לעבט דורך, און נעמען נקמה פאַרן יידישן פאָלק, וואָס דער דייטש מאָרדעט אַזוי אָן רחמנות.

מיר האָבן געוואונטשן אונדזער זון, י. ל. פּרץ — דזשוליוס, דאָס זעלביקע וואָס מוטער שרה זינגט צו איר קינד יצחקן אין דער „עקידת־יצחק״־שפּיל, ביים זעגענען זיך מיט אים: „גיי געשווינד, מיין ליב קינד! גיי מיט פיל גליק און גאָט זאָל דיך אומקערן געזונטערהייט צוריק!״

# אויף דער עלטער

די קינדער זיינען אַוועק אין מלחמה. מיר, איך און מיין ווייב, זיינען געבליבן עלנט, און דאָ רוקט זיך אָן די עלטער.

עס דערמאָנען זיך מיר מיינע קינדער־יאָרן, ווען איך בין אַלט געווען אַרום אַכט יאָר, כ׳בין געשטאַנען ימים־נוראים אין שול לעבן טאַטן און כ׳האָב געזען ווי דער טאַטע וויינט ביים זאָגן די תפילה „אל תשליכנו לעת זקנה״.

ערשט איצט, אויף דער עלטער, פאַרשטיי איך גוט די באַדייטונג פון דעם פסוק, און כ׳פאַרשטיי אויך פאַרוואָס מיין פאָטער האָט אַזוי פיל טרערן פאַרגאָסן ביי דער דאָזיקער תפילה.

אונדזערע דריי זין האָט מען צוגענומען אין דער מלחמה. מען האָט ביי אונדז אַוועקגעריסן פון האַרצן דאָס בעסטע וואָס מיר האָבן פאַרמאָגט: אונדזער שטאָלץ, אונדזער האָפענונג; דריי שיינע, יונגע, הויך געוואַקסענע, פיזיש און גייסטיק גוט אַנטוויקלטע, וואָס פאַרשטייען וועלטלעכע פּראָבלעמען און זיינען באַהאַוונט אויך אין די יידישע ענינים; — און מיטאַמאָל האָט מען זיי אָפּגעריסן פון טאַטע־מאַמע, פון ווייבער און קינדער, און צעשפּרייט זיי איבער אַרבע פינות עולם. מיין עלטערער זון דזשאָרדזש, דער דענטיסט — אין דאָטש־גוויאַנאַ, צווישן די דאָר־טיקע פּרימיטיווע, ווייט פון מענטשלעכער ציוויליזאַציע אין אַ היי־סער טראָפּישער געגנט; דער מיטעלער, זלמן, האָט געוואַנדערט איבער ענגלאַנד און פראַנקרייך, און דערגאַנגען אַזש קיין דייטשלאַנד; דזשוליוס, דער יינגסטער, איז פריער געווען אין סאַוט־קאַראָליינע אין קעמפּ „קרעפט״. נאָך אַ יאָר צייט קומט ער איינמאָל אַהיים אויף צוויי טעג אורלויב, און פאַרטרויט מיר אַ סוד אַז דאָס איז ער איצט אויף „טראַנספּאָרטיישאָן״, נאָכן אורלויב שיקט מען אים מעבר־לים.

ער האָט אָבער געהאַט „מזל״. מיט אַ שטיקל צייט פריער האָט ער געהאַט אַן „עקסידענט״, זיך צעקלאַפּט אַ קני און איז אָפּגעלעגן

**אין שפּיטאָל עטלעכע חדשים. איצט, ביי דער צווייטער געזונט־קאָנטראָל, האָט ער דעם דאָקטאָר געוויזן זיין קני, האָט מען אים אַריינגענומען אין שפּיטאָל, אים אויסבראַקירט און ניט געשיקט אויף יענער זייט ים. ער איז פאַרבליבן אין ניו־יאָרק, אין „מיליטער פּאָליס".**



פרעסמאַן און זיין פרוי פאָטאָגראַפירט אין יאָר 1950

פאַר אונדז עלטערן איז דאָס געווען אַ טרייסט, צו האָבן נאָענט פון זיך כאָטש איין זון; ער פלעגט אונדז טאָקע גאַנץ אָפט באַזוכן; זיין פרוי, האָט אים פאַר דער צייט געבוירן אַ יינגעלע; דאָס האָט אונדז עלטערן געגעבן אַ צווייענדיק פאַרגעניגן.

אַ טרייסט איז געווען, ווען מיר פלעגן דערהאַלטן בריוו פון די זין פון די פראָנטן אַז זיי זיינען געזונט. וויפל שלאָפלאָזע נעכט, איך מיט מיין פרוי פלעגן האָבן ווען אויפן ראַדיאָ פלעגט זיין געמאָלדן אַז די אַמעריקאַנער אַרמיי האָט ערגעץ־וואו געהאַט אַ מפּלה. מיין פרוי האָט זיך קיין מאָל ניט געקאָנט איינהאַלטן פון טרערן, און איך האָב זי תמיד געפּרואווט טרייסטן, אַז מען דאַרף האָבן בטחון און ניט אַריינפאַלן אין יאוש, כאָטש ביי מיר אַליין איז די האַרץ געווען אָנגעפילט מיט שרעק.

זלמן פלעגט שרייבן צו אונדז אויף יידיש. ער פלעגט זייער אינטערעסאַנט באַשרייבן די איבערלעבונגען פון אַ סאָלדאָט.

אין „פאָרווערטס" זיינען אַ פּאָר מאָל געווען געדרוקט בריוו פון ביידע זין, גרשון און זלמן.

## אַ שווערער טאָג

זלמן איז געווען דער לעצטער פון מיינע דריי זין וואָס מען האָט צוגענומען אין דער אַרמיי, ווייל ער האָט געהאַט אַן „עקזעמפּשן" צוליב זיין קינד.

דאָס איז אויסגעפאַלן אין אַ זונטיק. יענעם אינדערפרי זע איך, ווי מיין פרוי איז עפּעס שטאַרק צעטראָגן. איך האָב איר גענומען פרעגן וואָס ס'איז דער מער מיט איר; זי האָט מיר אָנגעגעבן פאַרשיידענע תירוצים, אָבער מיטאַמאָל האָט זי זיך צעוויינט. איך, אַ דערשראָקענער, פרעג איר, וואָס האָט פּאַסירט? זאָגט זי מיר, אַז מיין שוועסטער ראָזע איז נעכטן געשטאָרבן; היינט 12 אַזייגער וועט זיין די לוויה.

איך האָב אויסגעשריען אין פאַרצווייפלונג „גאָט, וואָס שטראָפסטו אונדז אַזוי שטאַרק!" מיין שוועסטער ראָזע איז געווען ניט קיין געזונטע; זומער־צייט פלעגט זי פאָרן אין די בערג. זי האָט דאָרט

געקראָגן אַ האַרץ־אַטאַק און מען האָט זי געבראַכט קיין ניו־יאָרק אין שפּיטאָל אַריין. עס האָט ניט געהאָלפן דער „אַקסידזשען" און זי איז געשטאָרבן; זי האָט איבערגעלאָזט אַ זון, אַ פאַרהייראַטן, און צוויי מיידלעך.

אין איין און דעם זעלביקן טאָג האָב איך געדאַרפט גיין צו מיין שוועסטערס לוויה, באַגלייטן זי אויפן עולם האמת, — און נאָכדעם ערשט צעזעגענען זיך מיט אונדזער זון, וואָס גייט אַוועק אויף דער מלחמה... מען קען זיך לייכט פאָרשטעלן ווי דיביידע געשעענישן האָבן אונדזערע הערצער אָנגעפילט מיט טרויער און ביטערניש.

דאָס אַלץ האָט אונדז קיין געזונט ניט צוגעגעבן. מיין פרוי האָט זיך פאַר דער צייט געעלטערט, אויף איר פּנים האָבן זיך געזען סימנים פון שווערע איבערלעבונגען.

איך בין דערווייל ווייטער געווען פאַרנומען ביי מיין אַרבעט; געבייט פרויען־מאַנטלען, און עס איז ניט געווען קיין סך צייט צו טראַכטן; אָבער מיין פרוי, זייענדיק אַליין אין שטוב, פלעגט אַ גאַנצן טאָג ניט אויפהערן קלערן וועגן די קינדער.

איינמאָל שטיי איך אַזוי ביי דער אַרבעט, ערשט — מען רופט מיך צום טעלעפאָן, איך הער דעם קול פון מיין זון זלמן: „פּאַ! איך בין אויף פּענסילווייניע באַן־סטאַנציע, מען שיקט אונדז ערגעץ־וואו; אָבער איך טאָר ניט זאָגן וואוהין".

איך פרעג אים: „ווי לאַנג וועט איר זיך זאַמען אויפן סטיישן?" — זאָגט ער מיר: „אַן ערך 5־10 מינוט".

איך האָב גלייך געוואָרפן די אַרבעט און זיך געלאָזט לויפן צו דער באַן־סטאַנציע.

איך בין אַראָפּגעלאָפן אונטן אין וואָקזאַל און געזען סאָלדאַטן, אויסגעשטעלט מיט זייער גאַנצער אויסשטאַטונג. איך בין פאַרבייגע־גאַנגען אַהין און צוריק די גאַנצע „ליין", אָבער איך האָב ניט געזען מיין זון. איך האָב שוין געמיינט אַוועקגיין, פרעגט מיך אַ סאָלדאַט: „מר., וועמען זוכסטו?"

זאָג איך: „מיין זון, פרעסמאַן".

ערשט, דער סאָלדאַט רופט אַרויף זיין העלעם — און איך האָב דערקענט מיין זון, מיר האָבן זיך אַרומגעכאַפּט און זיך צוקושט.

ער האָט מיך אויסגעפרעגט אויף דער מאַמען, זיין פרוי און קינד.

און אין דער זעלביקער מינוט, ער האָט ניט באַוויזן צו פאַר־ענדיקן דעם זאַץ, הערט זיך אַ קאָמאַנדע: „אַטענשאַן!" — איך האָב גלייך מיט מיין זון מיטגעמאַרשירט צו דער באַן. די סאָלדאַטן זיינען געווען פריילעך.

איך בין צוגעגאַנגען ביז צום וואַגאָן און זיך האַרציק געזעגנט מיט מיין זלמנען.

קומענדיק צוריק אין שאַפּ אַרבעטן האָט מיך אין געדאַנק כסדר געמאַטערט: ניט דערקאָנט מיין אייגענעם זון אין זיינע סאָלדאַטסקע קליידער; צעזעגנט זיך און ער איז פאַרשוואונדן, ווער ווייסט וואו־הין... מיין האַרץ האָט גענומען קלעמען, מיינע אויגן זיינען פאַרלאָפן מיט טרערן, איך האָב אָוועקגעלייגט די אַרבעט; מיין באַלעבאָס איז צוגעגאַנגען און האָט מיך אַ פרעג געטאָן, וואָס ס'האָט פּאַסירט. האָב איך אים דערציילט, אַז איך האָב נאָר־וואָס באַגלייט מיין זון צום שלאַכט־פעלד און מיינע הענט לייגן זיך היינט ניט צו דער אַרבעט.

מיין עלטערער זון, דער דענטיסט, האָט זיך דערוויל דערדינט צום טיטל קאַפּיטאַן. איידער ער איז אַוועקגעשיקט געוואָרן אויפן פראָנט מעבר־לים איז ער אויך געקומען צו אונדז אויף אַ קורצער צייט וואַקאַציע.

ווען איך בין מיטן זון, דעם „קעפּטן" געגאַנגען אין גאַס און סאָלדאַטן פלעגן אים סאַלוטירן, בין איך זיך מודה, אַז איך האָב זיך געפילט געשמייכלט. איך, דער טאַטע, בין געווען ביי „פּאַניען" אַ פּראָסטער סאָלדאַט, — און דאָ איז מיין זון אַ קאַפּיטאַן.

מיין יינגערער זון דזשוליוס, וואָס האָט געדינט אין ניו־יאָרק, האָט איינמאָל געבראַכט צו זיך אין באַראַק אַריין זיין עלטערן ברודער, דעם קאַפּיטאַן, צו באַקענען אים מיט זיין קאָמאַנדיר. איך בין אויך געווען דערביי.

דער קאָמאַנדיר האָט מיך געלויבט, וואָס איך האָב אַזעלכע שיינע געראָטענע זין, און פאַר מיר איז עס טאַקע געווען אַ כבוד, וואָס זאָל איך לייקענען? אויך מיין יינגערן זון האָט עס צוגעגעבן אַ ביסל פּרעסטיזש אין די אויגן פון זיינע עלטסטע.

עזריאל פרעסמאַן

# צרת רבים...

אונדזערע צוויי נאָענטע גוטע פריינד האָבן אויך געהאַט זייערע זין אין מלחמה; זיי זיינען געווען ביי אונדז טייער ווי אונדזערע אייגענע קינדער. איינער פון די צוויי פריינד איז אייך שוין באַקאַנט. דאָס איז די פאַמיליע פון לערער הורוויץ, און די צווייטע איז די פאַמיליע לאַקשטאַנאָוו.

די לאַקשטאַנאָווס האָבן אַמאָל אויך געוואוינט אין יאָנגסטאָון, אָהייאָ, אַזוי ווי מיר. מיר זיינען געווען אמתע גוטע חברים ניט נאָר מיטן מר. לאַקשטאַנאָוו, נאָר מיט דער גאַנצער פאַמיליע. לאַקשטאַנאָוו איז געווען אַ מענטש, וואָס היינטיקע צייטן איז גאָר שווער צו געפינען אַזאַ איינעם; דאָס איז געווען דער אמת אַליין. ער איז געווען אַן אינטעליגענטער מענטש אַ פריי־געזאָנענער, אַנאַרכיסטיש געשטימט. זיין פרוי ענע — פונקט אַזאַ גוטע ווי איר מאַן, ביידע — זעלטן ליבע מענטשן.

די לאַקשטאַנאָווס האָבן זיך אויסגעטיילט אין גאַנץ יאָנגסטאָון — מיט זייער אַרט לעבן און מיט זייער לעבנס־פילאָזאָפיע. זיי האָבן געהאַט צוויי קינדער, דייוו און דאָרע. ביידע קינדער זיינען אַדורכגעגאַנגען די אַרבעטער־רינג־שול. אונדזערע קינדער און די לאַקשטאַנאָווס זיינען געווען צוגעבונדן איינע צו די אַנדערע.

פּלוצלונג איז מר. לאַקשטאַנאָוו קראַנק געוואָרן און מען האָט אים אָפּערירט, אין עטלעכע טעג אַרום האָט ער זיך אָפּגעזעגנט מיט זיין פרוי און קינדער און מיט דער גאַנצער וועלט שוין אויף אייביק. אַלע האָבן געטרויערט אויף דער אַבידה פון אַזאַ איידעלן מענטשן.

די פּאָר ווערטער ווערן געזאָגט צום אָנדענק נאָך אַ זעלטן פיינעם מענטשן ישראל לאַקשטאַנאָוו.

ווען זיין פרוי ענע איז געבליבן אַן אַלמנה, האָט זי צוזאַמען מיט אירע קינדער זיך אַריבערגעצויגן אין „סאַנרייז קאָלאָניע", דאָס איז געווען אַן אַנאַרכיסטיש קאָאָפּעראַטיווע פאַרם אין שטאַט מישיגען. זיי זיינען דאָרטן פאַרבליבן ביז די קאָלאָניע איז אונטערגעגאַנגען.

איר טאָכטער דאָרע האָט חתונה געהאַט און האָט זיך איינגעאָרדנט אין ניו־יאָרק. דייוו, דער זון, האָט געאַרבעט אין דעטראָיט אין אַן

אויטאָמאָביל־פאַבריק. ער האָט דאָרטן געוואוינט צוזאַמען מיט זיין מוטער.

ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן, האָט מען דייוון „געדרעפטעט" פאַר אַ „מאַרין". זיין מוטער ענע איז דעמאָלט געקומען קיין ניו־יאָרק, און האָט זיך באַזעצט ביי איר טאָכטער. אַ צווייטן מאָל חתונה האָבן האָט זי ניט געוואָלט. זי האָט נאָך אַלץ געדענקט איר מאַן און האָט געטענהט אַז אַזאַ מענטש ווי ישראלן קען קיינער ניט פאַר־בייטן. זי האָט עקשנותדיק געפּרואווט שלום מאַכן מיט איר ביטערן שיקזאַל.

די מאַמע און טאָכטער האָבן כסדר געהאָפט צו דערלעבן דעם טאָג ווען דייוו וועט קומען אַהיים צוריק פון דער מלחמה. מיטאַמאָל האָט געטראָפן אַ דונער פון לויטערן הימל.

דייוו האָט געדינט אויפן יאַפּאַנישן פראָנט, ער האָט זיך גע־שלאָגן אויף דער באַרימטער איוואָ־דזשימאַ; פּלוצלונג איז אָנגעקומען אַ טעלעגראַמע: דייוו איז פאַרוואונדעט. די מאַמע האָט זיך געקליבן גיין צום „רעד־קראָס", אויסגעפינען מער איינצלהייטן, — ערשט אַ צווייטע טעלעגראַמע איז דאָ פון „וואָר דעפּאַרטמענט" אַז דייוו לאָקשטאָנאָוו איז טויט.

אָט די ביטערע בשורה האָט אונדז אַזוי צעטרייסלט ווי דאָס וואָלט געשען מיט אונדזערן אַן אייגן קינד.

איצט וועגן אונדזער צווייטן פריינד, ש. הורוויץ, דער לערער פון א.ר.־שול אין יאָנגסטאָון. זיין זון מאיר איז געוואַקסן צוזאַמען מיט מיינע קינדער. זיי זיינען צוזאַמען דורכגעגאַנגען די אַרבעטער־רינג־שול. מאיר איז געווען אַ בחור אַ שטילער און אַ באַשיידענער, ער האָט ליב געהאַט גריבלען זיך אין ביכער.

ווען די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן האָט מאיר אַליין וואָלונ־טירט אין דער אַרמיי. צו וואָס וואָרטן?

מיטאַמאָל דערציילט מיר זיין פאָטער, אַז מאיר האָט וואָלונטירט פאַר אַ פּאַראַשוטיסט. פאַר אונדז, און פאַר אַלע די, וואָס קענען מאירן, איז דאָס געווען אַן איבערראַשונג. ווי קומט דאָס וואָס אַזאַ שטילער, צוריקגעהאַלטענער בחור זאָל זיך פרייוויליק אונטערנעמען אַזאַ רי־זיקאַלישע זאַך?

אָבער דער שטילער מאיר האָט זיך אַוועקגעלאָזט אין די הויכע

הימלען צום שלאַכט־פעלד. ער האָט דורכגעלעבט שרעקלעכע מאָמענטן אין דער מלחמה, געזען כסדר דעם טויט פאַר זיינע אויגן.

מאיר איז ביי אונדז געווען איינגעבאַקן טיף אין האַרצן, אָט פונקט ווי אַן אייגן קינד. טאָמער איז אַ פאָר וואָכן ניט געווען קיין בריוו פון אים, האָט מיין פרוי שוין געוויינט, און ווען מיר פלעגן לייענען מאירס מלחמה־באַשרייבונגען אין „פאָרווערטס", האָט תמיד אונדזער האַרץ געבלוטיקט.

מען זאָגט אַ ווערטל אַז „צרת רבים איז חצי נחמה", אָבער אין דעם פאַל איז געווען פאַרקערט. די זאָרגן פון אונדזערע פריינד און די שווערע איבערלעבונגען פון זייערע קינדער האָבן נאָך מער אומעטיק געמאַכט אונדזערע הערצער.

## מיינע כוחות שעפּן זיך אויס

דורך דער צייט וואָס אונדזערע קינדער זיינען געווען אין מלחמה, האָבן מיר ווי אַלע אַנדערע זיך געפּרואווט צוגעוויינען צו די באַדינגונגען. כאָטש אויפן האַרצן איז געווען זייער טרויעריק. מיין פרוי האָט זיך אַנגעשלאָסן אַן רויטן קרייץ, געהאָלפן דאָרטן טאָן נוצלעכע אַרבעט.

איך האָב געאַרבעט אין שאַפּ, און געווען טעטיק אין אַרבעטער־רינג, פאַרקויפט מלחמה־באָנדס, געשיקט פּעקלעך צו סאָלדאַטן און מאַטראָזן, און נאָך אַזעלכע הילף־אַרבעטן. איך האָב אַפילו געפּרואווט זיך אַנצושליסן אַן די „סיטי פּאַטרול", האָט מען מיר געזאָגט, אַז איך בין שוין אַ ביסל צו אַלט.

און מיין אַלטקייט האָב איך טאַקע גענומען דערפילן, דער עיקר — אין מיינע פיס; עפּעס פלעגן זיי צו גיך מיד ווערן ביי דער אַרבעט. און אַז איך פלעג גיין אין גאַס, האָב איך זיך אָפט געמוזט אָפּשטעלן. עס פלעגט מיר אָנכאַפּן אַזאַ ווייטיק, ווי עמעצער וואָלט מיר דערלאַנגט אַ קלאַפּ איבער די פיס.

איך געדענק: איינמאָל שלעפּ איך זיך אַזוי פון דער אַרבעט אָבער מיינע פיס גייען עפּעס נישט. איך גיי אָפּ אַ שטיקל וועג און מוז זיך אָפּשטעלן. מיטאַמאָל דערפיל איך ווי עמעצער נעמט מיך

אונטערן האַנט, און זאָגט: „קום, איך וועל דיר העלפן". דאָס איז געווען אַ באַקאַנטער מיינער, אַ „קלאָוקמייקער". איך האָב אים האַרציק געדאַנקט און געזאָגט: גיי בעסער אַליין אַהיים. מיט מיר וועט דיר נעמען צו לאַנג.

איך האָב ניט געקענט ליידן, אַז עמעצער זאָל מיך פירן. מיין האַרץ האָט מיר פאַרקלעמט און אַ מחשבה איז אויפגעקומען: וואָס, שוין אויסגעשפּילט? איך ווער שוין אַן אינוואַליד?

דער דאָקטאָר האָט פעסטגעשטעלט, אַז מיין בלוט־צירקולאַציע איז זייער אַ שלעכטע. מען האָט מיר געעצהט, איך זאָל אויפגעבן מיין אַרבעט און אַריינלייגן זיך אין בעט כאָטש אויף אַ פּאָר חדשים. איך האָב געפאָלגט און בין אָפּגעלעגן אין בעט אַרום זעקס וואָכן, אָבער קיין פאַרבעסערונג איז ניט געקומען.

האָב איך אָנגעהויבן גיין אין שפּיטאָל אויף „טריטמענטס". זיי האָבן אויף מיר אויסגעפּרואווט אַלערליי מעדיצינישע מיטלען אָבער עס האָט ניט געהאָלפן. מיין פרוי און די משפחה האָבן באַשלאָסן איך זאָל פאָרן איבערן זומער אין „קאַנטרי". דאָרטן פון דער זון, אויף דער פרישער לופט וועלן זיך מיינע פיס אפשר פאַרבעסערן. האָט מיין פרוי געקראָגן אַ „קאָך־אַליין" האָטעל און מיר זיינען אַוועק אין „קאַנטרי". דורכן זומער בין איך אין ערגעץ ניט געגאַנגען, נאָר געלעגן און זיך געוואַרעמט אויף דער זון און עס איז מיר טאַקע געוואָרן אַ ביסל לייכטער. און ווידער האָב איך גענומען שפּינען פאַרשיידענע חלומות, ווי אַזוי אונדזערע קינדער וועלן קומען אַהיים. די אויפנאַמע וואָס מיר וועלן זיי געבן און ווי אַזוי איך מיט מיין פרוי וועלן זיך דאָס פרייען און האָבן נחת פון די קינדער.

דאָס איז געווען זומער 1945 ווען די גאַנצע וועלט און מיר בתוכם האָבן זיך געפרייט מיט היטלערס מפּלה. אין סעפּטעמבער 1945 זיינען מיר געקומען צוריק פון אונדזער וואַקאַציע און כ׳האָב גענומען טראַכטן צו גיין צוריק צו דער אַרבעט. נאָר מיין האָפענונג איז באַלד צערונען געוואָרן, מיינע פיס האָבן מיר ווידער גענומען וויי־טאָן, און איך האָב ווידער געמוזט גיין אין שפּיטאָל אויף „טריטמענטס".

דערווייל האָבן די קינדער זיך גענומען אומקערן אַהיים. דער ערשטער איז געקומען דער יינגערער זון דזשוליוס. שפּעטער אַ ביסל דער עלטערער זון, גאָר דער לעצטער איז געקומען מיין מיטעלער זון

זלמן, וואָס איז געווען אין דייטשלאַנד. עס איז דאָך איבעריק צו שילדערן די פרייד ביי אונדז און ביי די קינדער.

ביי מיר זיינען אָבער די שמחות געווען אַ ביסל פאַרשטערט, איך האָב געפילט אַז מיינע כוחות גייען אויס.

ווען מיין זלמן איז צוריקגעקומען פון מלחמה, און איך בין געגאַנגען אים מקבל פנים זיין, האָב איך שוין געדאַרפט זיך אָנ־האַלטן אָן אים און בעטן אים ער זאָל גיין פּאַמעלעך. דער שפּיטאָל פלעגט באַנוצן זייער שאַרפע טריטמענטס, און יעדעס מאָל האָב איך געדאַרפט אונטערשרייבן אַ פּאַפּיר ווי פאַר אַן אָפּעראַציע, אָבער אַלץ אָן רעזולטאַט. איך האָב שוין געמוזט זיך אָנשפּאַרן אויף אַ קוליע.

זומער 1946 זיינען מיר ווידער אַוועק אין „קאַנטרי", אָבער עס איז מיר שוין ניט געווען באַשערט אַפילו צו זיין דאָרט דעם גאַנצן זומער.

איך האָב דאָרטן באַשטעלט אַ דאָקטער, ער זאָל קומען צו מיר אַ פּאָר מאָל דורך דער וואָך; איינמאָל האָט דער דאָקטאָר באַמערקט אַז עטלעכע פינגער פון פוס זיינען שוואַרץ געוואָרן. „געקראַגן געַנגרין" זאָגט ער צו מיר — „מיי באַי, פאָר גלייך אין שפּיטאָל אַריין".

מיר זיינען גלייך אַוועק אַהיים. מיינע ליידן זיינען געוואָרן אַזוי שרעקלעך, אַז איך פלעג שרייען מיט באַנומענע קולות. עס איז דער־גאַנגען אַזוי ווייט אַז איך האָב שוין ניט געקאָנט דערקענען קיין מענטשן.

מיט דער הילף פון אַרבעטער־רינג האָט מען מיך אַריינגענומען אין „מאָנטעפיאָרע שפּיטאָל." איך האָב ניט געוואוסט וואָס עס טוט זיך אַרום מיר. מען האָט מיר עפּעס איינגעשפּריצט כדי איך זאָל ניט פילן אַזוי ווייטיקדיק די שמערצן, איך בין איינגעשלאָפן. משונה־דיקע חלומות האָבן זיך מיר געחלומט. ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, האָט זיך מיר געדאַכט אַז איך געפין זיך ערגעץ־וואו אין אַ תפיסה, און מען דאַרף מיר באַלד אַראָפּהאַקן דעם קאָפּ.

אין עטלעכע טעג אַרום איז צו מיר צוגעקומען דער דאָקטאָר און ער זאָגט איך זאָל אונטערשרייבן אַ פּאַפּיר, ווייל מען מוז אַמפּו־טירן דעם פוס.

מיך האָט ניט געשראָקן וואָס מען וועט מיך אָפּערירן. מיר איז

געווען אַלצאַיינס, אַבי נאָר פאַרגרינגערן מיינע ווייטיקן. צווייטנס — האָב איך שוין לאַנג פאַרשטאַנען, אַז מען דאַרף שניידן.

איך האָב נאָר געבעטן מען זאָל מיר געבן אַ סך עטער. איך האָב קיינעם ניט געוואָלט אָנזאָגן אַז מען וועט מיך אָפּערירן. אַפילו ניט מיין בעסטן פריינד — מיין ווייב. איך האָב זיך געטראַכט, ממה נפשך, ווען איך בלייבן לעבן איז געוויס גוט, טאָמער חלילה ניט, — וועט זי זיך דערוויסן שפּעטער.

איך געדענק גאָרנישט ווי אַזוי מען האָט מיך גענומען גרייטן צו דער אָפּעראַציע. איך בין געווען ווי באַוואוסטלאָז. איך געדענק אָבער אַז אין מיטן דער אָפּעראַציע האָב איך זיך אויפגעכאַפּט און איך האָב דערפילט אַ געפערלעכן ווייטיק, האָב איך געגעבן אַ געשריי: „גיט מיר נאָך עטער"! מען האָט בליץ שנעל אַרויפגעוואָרפן אַ נאַסע זאַך אויף מיין פּנים און כ'בין ווידער איינגעשלאָפן. איך ווייס ניט ווי לאַנג איך בין געווען פאַרטשאַדעט פון דעם עטער. ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט בין איך שוין געלעגן אין „וואָרד" און געהאַט גרויסע ווייטיקן. איך האָב געפילט אַז מיין גאַנצער קערפּער איז ווי פּאַראַ־ ליזירט. איך האָב זיך ניט געקאָנט אַ קער טאָן. איך האָב עפּעס געהאַט מורא אָנצוטאַפּן מיין פאַרבאַנדאַזשירטע פוס כדי ניט צו דערוויסן זיך וויפל מען האָט אָפּגעשניטן.

ערשט איצט האָבן זיך אָנגעהויבן נייע שמערצן. דער עיקר דעמאָלט ווען מען פלעגט דאַרפן איבערלייגן די באַנדאַזשן.

פריער, ווען איך האָב נאָר געליטן שמערצן און פלעג נעמען אויפן קול שרייען און וויינען, האָט מען מיר געגעבן אַן איינשפּריצונג. אָבער ביים באַנדאַזשירן דעם פוס איז געווען קריעת ים־סוף, כאָטש הימל עפן זיך. דעם פוס האָט מען מיר אָפּגעשניטן כמעט ביזן קני, און די „נוירס" פלעגט נעמען אַרומוואַשן די וואונד מיט אַזאַ זאַך, אַז דאָס האַרץ פלעגט זיך קאָרטשען פון ווייטיק. און איך פלעג שרייען מיט מיינע לעצטע כוחות. מיר האָט זיך תמיד געדאַכט, אַז די „נוירס" האָט גאָרניט קיין מענטשלעך האַרץ און קיין רחמנות.

איך בין געווען מער אויף יענער וועלט. איך האָב געפילט ווי אַ באַרג שטיינער וואָלט אויף מיר אַרויפגעפאַלן און איך האָב מער קיין כוח ניט צו ראַטעווען זיך. איך האָב געטראַכט אַז אַלץ גייט צום סוף.

אַ סך פון מיינע פריינד און משפחה וואָס האָבן מיך באַזוכט אין שפּיטאָל, האָבן געמיינט, אַז מער וועלן זיי מיך שוין ניט זען. איך געדענק, אַז ווען מיין פריינד ש. הורוויץ איז געקומען מיך באַזוכן, האָט ער מיך געטרייסט: „זייט ניט פאַרצווייפלט, האָט בטחון!" איך האָב אָבער געפילט, אַז ווייטער קען איך שוין ניט גיין. מיינע כוחות זיינען געווען אויסגעשעפּט. די צרות האָבן פאַרשטיינערט מיין האַרץ און די צונג האָט זיך מיר נישט געלעגט צום ריידן, דאָס איז אַזאַ מין שווייגן, וואָס מאַכט זיך מיט מענטשן, ווען שטאַרקע יסורים באַפאַלן זיי און יענע שווייגעניש איז ביטערער, שטיקנדיקער און בלוטיקער ווי קרעכצן און וויינען מיט טרערן. צו דעם האָב איך קיין זאַך ניט געקאָנט נעמען אין מויל אַריין. אַ מאָדנע דוכטעניש האָט זיך געשאַפן ביי מיר, אַז אַלץ וואָס מען גיט מיר איז אויסגעמישט מיט בלוט; איך פלעג עסן בלויז ברויט מיט קאַווע. מיין פרדי האָט אין מיר שטענדיק אַריינגערעדט, איך זאָל זיך צוגעוואוינען צו עסן אַלץ, אַז ניט וועלן אין גאַנצן אויסגיין מיינע כוחות. ביסלעכווייז האָב איך גענומען מער עסן.

איך האָב אָנגעהויבן קומען צו זיך, מיין דענקען האָט זיך גענומען אויסקריסטאַליזירן, און אין די לאַנגע שלאָפלאָזע נעכט פלעג איך זאָגן אַ תפילה: „יסר יסרני יה זלמות לא נתנני", (שטראָפן האָט מיך גאָט געשטראָפט, אָבער צום טויט האָט ער מיך ניט פאַרמשפּט). מיין טראַכטן האָט זיך אין גאַנצן געענדערט. צו וואָס זיך זאָרגן און זיין פאַרצווייפלט? — דער פוס וועט זיך פאַרהיילן, איך וועל זיך מאַכן אַ קינסטלעכן פוס און כ'וועל ווידער קאָנען גיין. דאָס איז אָגב געווען די שטרעבונג פון יעדן חולה וואָס איז מיט מיר צוזאַמען געלעגן און אַזעלכע זיינען געווען פופצן. ניט אַלע זיינען געווען די זעלביקע קריפּלס: ווער עס האָט געהאַט פאַרלאָרן אַ רעכטן פוס, און ווער אַ לינקן. איך בין געווען אַ לינקער... אַלע זיינען מיר אַרומגעפאָרן אויף שטולן אויף רעדלעך, מיר האָבן זיך גערופן „די פליערס אָן פליגלען".

דער מלאך אין הימל וואָס רופט אויס פערציק טעג איידער דאָס קינד קומט אַרונטער אויף דער ליכטיקער וועלט, וואָס פאַר אַ מין באַשעפעניש עס זאָל זיין, האָט ווי עס ווייזט אויס ביי מיין געבוירן ווערן אָנגעצייכנט אַז איך זאָל ווערן אַ קריפּל אויף דער עלטער.

## אַ ביסל נחת צווישן די צרות

ווען מיין עלטערער זון דזשאָרדזש (גרשון) איז געקומען צוריק פון דער אַרמיי, האָט ער זיך גענומען צו זיין דענטיסטרי אין דעם שטעטל האוטהאָרן, ניו־דזשוירזי. און האָט געמאַכט, ווי מען זאָגט, אַ גאַנץ אָנשטענדיקן לעבן.

נאָר אין ערגערניש האָט ער געהאַט, שוין 13 יאָר נאָך דער חתונה — און נאָך ניטאָ קיין קינד. זיי האָבן שוין אַפילו געפּלאָנעוועט צו אַדאָפּטירן אַ פרעמד קינד.

און מיטאַמאָל האָט פּאַסירט אַ נס, זיין פרוי האָט פאַרשוואַנגערט און געבאָרן אַ יינגעלע.

ווען די „נוירס" אין שפּיטאָל וואו כ'בין געלעגן האָט מיר איבערגעגעבן די בשורה אַז מיין זון האָט טעלעפאָנירט אַז ביי זיי איז געבוירן געוואָרן אַ זון, האָט מיך אַרומגעכאַפּט אַזאַ שמחה און אַזאַ פרייד, אַז איך קען דאָס גאָרניט באַשרייבן.

איך און מיין פרוי זיינען געווען די גליקלעכסטע זיידע־באָבע. כאָטש די פרייד איז אַ ביסל געווען פאַרשטערט מיט דעם, וואָס איך בין אין אַזאַ לאַגע און קאָן ניט גיין זען מיין ניי־געבוירן אייניקל. אויף מיין געלעגער ביינאַכט האָב איך געזוכט זיך פאָרצושטעלן אין געדאַנק ווי קוקט ער אויס, דאָס נפשל.

## דאָס לעבן אין שפּיטאָל

עס איז כדאַי איבערצוגעבן בקיצור ווי עס לעבן און פירן זיך די פּאַציענטן אין שפּיטאָל.

אין שפּיטאָל איז פאַראַן אַ שיינע, גרויסע שול צום דאַוונען, מיט אַן אָרון־קודש מיט פיר ספר־תורות. אויך להבדיל אַ גרויסע מואווי, ווי אויך אַ גאַנץ בכבודיקע ביבליאָטעק.

ערב ראש־השנה אין די פאַרנאַכטיקע טעג האָבן זיך אונדזערע חולאים גענומען גרייטן אויסבעטן ביים רבש"ע אַ כתיבה טובה, מען האָט אונדז געבראַכט אין בית־מדרש אויף פאָרנדיקע שטולן („וויל־

טשערס״). דער שמש איז אַ יונגער בחור, אַ בלינדער מיט אָפענע אויגן. ער טיילט אויס יעדערן אַ טלית מיט אַ מחזור.

ערב יום־כפור האָט די אײַרישע הויפּט־„נוירס״ מיס ברין, מודיע געווען די חולאים, אַז ווער עס וויל קאָן פאַסטן און ווער ניט — וועט קריגן זיין מאָלצייט.

יום־כפור איז אויסגעפאַלן שבת, דער טאָג ווען מען באַנדאַזשירט די פיס, האָט מען דאָס געטאָן מיט אַ טאָג פריער בכדי די חולאים זאָלן ניט מחלל יום־טוב זיין. מען האָט אונדז געגעבן פיש צום פאַר־פאַסטן און צו ביסעלעך בראַנפן, און די „נוירס״ האָט אונדז געוואונטשן לשנה טובה תכתבו „איי העפּי ניו־ייר״.

אין מיטן דער וואָך אַז עמעצער פלעגט דאַרפן האָבן אַ מנין צו אַ יאָרצייט פלעגט דער שמש קומען צו אונדז אין „וואָרד״, און לאָזן וויסן דער אײַרישער הויפּט־נוירס, אַז מען דאַרף האָבן אַ מנין. און זי, די אײַרישע נוירס פלעגט אָנהייבן טרייבן יעדערן און רעדן צו זיי אויף יידיש: גיי דאַוונען! אַ סך פּרייוויליקע פלעגן העלפן פירן די חולאים אויף די „וויל־טשערס״. אין שול גיט מען יעדן דאַוונער אַן עליה. הגבה און גלילה איז אונדז געווען פאַרשפּאַרט צו געבן, דאָס האָט מען געגעבן די צוויי־פיסיקע.

אַלע מיטוואָך נעמט מען די פּאַציענטן אין גערוימען מואווי־זאַל. מען פירט אַהין יעדערן וואָס וויל נאָר גיין, עס איז אַן אָפּפרישונג פאַרן חולה, עס רייסט איבער דאָס מאָנאָטאָנע לעבן און דאָס שטענדיקע קוקן אויף די זעלביקע פיר ווענט פון „וואָרד״.

אַז איך בין צום ערשטן מאָל געקומען אין דער מואווי, איז דורכ־געלאָפן אַ ציטער איבער מיין גאַנצן קערפּער. מיר האָט זיך פאַרגע־שטעלט אַז איך ליג ערגעץ אויף אַ שלאַכט־פעלד, אַ פאַרוואונדעטער. מען האָט אַריינגעבראַכט נאָך חולאים מיט די בעטן, אויף סטרעטשערס איינגעבונדן און אונדז אויף די „וויל טשערס״.

אַלע באַטייליקן זיך אין דער מצווה פון העלפן פירן די פּאַציענטן, עס זיינען נאָך דאָ גוטהאַרציקע מענטשן וואָס באַדינען דעם וואָס וויל אַ ביסל וואַסער און וועמען מען דאַרף נענטער צורוקן ער זאָל קענען בעסער זען, אד״גל.

אָט איז אַ פּאַסירונג וואָס איז אויך כדאַי איבערצוגעבן. עס איז שוין פאַרביי אַרום 6 חדשים נאָך מיין אָפּעראַציע. דער פוס האָט זיך

געהיילט, עס איז געווען פרילינג־צייט ; די נאַטור האָט גענומען ווידער אויפלעבן. אַרום שפּיטאָל האָבן דיביימער און קוויטן זיך גענומען באַקליידן מיט גרינע בלעטער און גראָז, פייגעלעך האָבן געצוויטשערט און די זון האָט ליבלעך געוואַרעמט.

איך מיט נאָך עטלעכע חולאים פון אונדזער „וואָרד" זיינען געזעסן אויפן פּאַרטש און אַריינגעזאַפּט די פרישע פרילינג־זון, אויפן האַרצן איז געוואָרן מונטערדיק, איך האָב גענומען זינגען אַ יידיש לידעלע. קומט אַרויס די איירישע נוירס און פרעגט: „ווער זינגט דאָס" ?

ענטפער איך איר, לאַכנדיק, אַז איך רעפּעטיר זיך צו ווערן אַ זינגער אין „מעטראָפּאָליטן אָפּעראַ הויז".

זאָגט זי צו מיר : „זינג עפּעס אַ זאַך וואָס איך האָב ליב".

פרעג איך, „וואָס האָסטו ליב ?"

זאָגט זי : „זינג כל נדרי, איך האָב ליב דעם ניגון".

צום באַנדאַזשירן די פיס איז געווען אַ שוואַרצע נוירס. ווען איך האָב זיך שוין געפילט בעסער און שוין ניט געשריען און ניט געוויינט ביים באַנדאַזשירן מיין פוס האָב איך איר געלערנט אַ פאָלקס־לידל, „ביי מיר ביסטו שיין, ביי מיר האָסטו חן, דו האָסט אייגעלעך רויטע און אַ נעזעלע ווי אַ פּאָטייטע". און זי פלעגט אַרומגיין איבערן „וואָרד" און דאָס איבערזינגען.

ווען איך האָב גענומען פילן אַז די צייט איז נאָענט צו שיקן מיך אַהיים, האָב איך זיך געפילט האָפענונגספול, און גאַנץ אָפט פלעג איך פאַרציען אַ זמרל. אַמאָל אַ פאָלקס־לידל, אַמאָל אַ ניגון פון אַ יום־טובדיקן דאַוונען. איז צווישן מיינע קאָלעגן, די פּאַציענטן אַנגעגאַנגען אַ טרעפּעניש, וואָס בין איך ? — אייניקע האָבן געזאָגט אַז איך בין אַ משורר ביי אַ חזן און אַ צווייטער האָט געזאָגט אַז איך בין ניט ביים קלאָרן זינען.

אין אַלגעמיין האָבן די „נוירסעס" און די באַדינערינס מיך געהאַלטן פאַר דעם פריילעכסטן פּאַציענט אין שפּיטאָל.

## אַ פריילעכע בשורה

**ערדן דינסטיק** פלעגט דער הויפּט־דאָקטאָר סילבערג דורכגיין מיט זיין גאַנצן שטאַב דאָקטוירים, און פלעגט באַטראַכטן די פּאַציענטן. צו

מיר איז ער תמיד געווען זייער פריינדלעך און פלעגט אַ זאָג טאָן: „פּאָפּ, יו׳ר דואינג פיין״, דאָס הייסט, ער היילט זיך גוט, מיין פּוס. מיר פלעגט דאָס צוגעבן אַ סך מוט. איינמאָל איז ער צוגעקומען, באַטראַכט מיין פוס און געזאָגט: „איט לוקס גוד״. טו איך אים אַ פרעג: „דאָקטער, אפשר קאָנסטו מיך שוין שיקן אַהיים?״ ער האָט אַ ווײַלע אַ טראַכט געטאָן און פרעגט מיך וואו איך וואוין און אויב פּאַר מיר וועט זיין מעגלעך צו קומען אַלע וואָך אין שפּיטאָל אויף אַ „טשעק אַפּ״. איך האָב אים געענטפערט אַז עס וועט זיין מעגלעך.

האָט ער זיך געווענדט צו דער הויפּט־נוירס, זי זאָל מיך אויסשרייבן פון שפּיטאָל, און אָנגעזאָגט איר מען זאָל מיך שיקן אין „פּיזיקל קאָלטשור רום״, מיך אויסלערנען ווי צו גיין אויף קוליעס.

ווען איך האָב דערהערט די גוטע בשורה פון דאָקטער אַז מען שיקט מיך אין גיכן אַהיים, האָב איך פון שמחה אָזש אָנגעהויבן וויינען. מען קען זיך פאָרשטעלן, וואָס איך האָב געפילט נאָך דעם ווי איך בין אָפּגעווען כמעט דריי פערטל יאָר אין שפּיטאָל, דורכגעמאַכט אַזאַ שווערע אָפּעראַציע און ניצול געוואָרן ממש פון מלאך המות׳ס הענט.

איך האָב גענומען פראַווען אַ שמחה. צונויפגערופן אַלע נוירסעס, אַרויסגענומען אַ פלעשל בראַנפן, (מען האָט אונדז דערלויבט טרינקען שנאַפּס, דאָס העלפט בעסער צירקולירן דאָס בלוט). אַלע נוירסעס און אַלע באַדינערינס האָבן מיר געוואונטשן עס זאָל זיין אין אַ מזלדיקער שעה.

אויף מאָרגן האָט מען מיך געשיקט צום אינסטרוקטאָר זיך לערנען ווי אַזוי אַרומצוגיין אויף קוליעס.

מיין חשק און ווילן צו קענען אַליין גיין איז געווען אַזוי גרויס, אַז ווי נאָר דער לערער האָט מיר געגעבן אין האַנט אַריין די קוליעס און מיר געוויזן ווי אַזוי צו האַלטן דעם גלייכגעוויכט, — האָב איך צו אים אַ זאָג געטאָן: „לאָזט מיך, איך וועל אַליין גלייך אָנהייבן גיין״. דער אינסטרוקטאָר האָט געפּרואווט מיך צוהאַלטן כדי איך זאָל ניט פאַלן, האָב איך אים געבעטן: האַלט מיך ניט! איך האָב גענוג גלויבן אין זיך.

און כ׳האָב ווי אַן אַלטער סאָלדאַט אָוועקגעמאַרשירט אין זאַל ציילנדיק, איינס, צוויי, איינס, צוויי, — פּונקט ווי מען האָט מיך געלערנט אַמאָל, בעת כ׳האָב געדינט אין מיליטער.

אַלע, דער אינסטרוקטאָר און אויך די דאָקטוירים האָבן זיך גע־וואונדערט אויף מיין געוואַגטקייט, אויף מיין ניט מורא האָבן צו גיין אויף קוליעס גלייך צום ערשטן מאָל, בעת אַנדערע פּאַציענטן לערנט מען עטלעכע וואָכן, ביז זיי קאָנען אָנהייבן גיין אויף די קוליעס. מיר האָט מען געגעבן בלויז צוויי לעקציעס. איך האָב געוואָרט מיט אומ־געדולד אויף דעם מאָמענט, צו קענען זיך באַפרייען פון דעם „וויל־טשער" און קאָנען אַליין גיין וואו איך וויל, אַזוי שטאַרק האָט אין מיר געאַרבעט מיין דראַנג צו באַפרייען זיך.

צען מינוט פאַרן גיין אַהיים האָב איך באַקומען אייגענע צוויי נייע קוליעס.

די נוירס און די איבעריקע חולאים האָבן מיך געבעטן ווייזן זיי ווי איך גיי אַרום.

איך האָב גענומען גיין אויף די קוליעס איבערן „וואָרד" און זינגען: „שענקט אַ נדבה, יידישע מענטשן! שענקט אַ נדבה! גאָט זאָל אייך בענטשן". די זייטיקע געסט וואָס זיינען דאָרטן געווען, האָבן אָנגעהויבן וויינען.

באַלד זיינען געקומען מיין פרוי און מיין זון און געבראַכט מיר מיינע זאַכן.

מיט ציטערדיקע הענט האָב איך זיך גענומען אָנטאָן. מען דער־פילט זיך ווי אַ ניי געבוירענער ווען מען וואַרפט אַרונטער די שפּיטאָל־מלבושים און מען טוט אָן די אייגענע ציווילע בגדים.

מיט אַלעמען זיך צעזעגנט און פאַרלאָזט דאָס הויז וואו כ'האָב אַזוי פיל צרות דורכגעמאַכט.

## צוריק אין דער היים, אָבער...

ווען איך האָב זיך דערנענטערט צו דער גאַס וואו מיר וואוינען האָט זיך מיר אויסגעדוכט, אַז אַלע גיבן מיר אַפּ מזל־טוב לכבוד מיין צוריק־קערן זיך אַהיים.

ווען איך בין אַריין אין האָל און געדאַרפט אַרויף אויפן צווייטן גאָרן, האָב איך זיך דערפילט, ווי אַ פויגל מיט אונטערגעהאַקטע פליגל. מיט דער הילף פון מיין זון בין איך קוים אַרויפגעקראָכן די טרעפּ

און אַריין אין שטוב. די ערשטע האָבן מיך מקבל פּנים געווען מיין נייער אייניקל, וואָס איז אַלט געווען עטלעכע חדשים און מיין שנור איווע.

אויף מאָרגן, זונטיק, זיינען געקומען מיינע אַנדערע צוויי זין מיט זייערע פרויען און קינדער.

מיין ייִנגערנס זון דזשוליוסעס ייִנגעלע, — צוויי און אַ האַלב יאָר אַלט, — ריטשאַרד — איז געשטאַנען פון דער ווייטנס, האָט געקוקט און מורא געהאַט צוצוגיין צו מיר, — ער זאָגט צו זיין מוטער: — מאַמע, זע, זיידע האָט ניט קיין פוס.

דאָס עלטערע אייניקל, זלמנס ייִנגעלע, באַבי, 4 יאָר אַלט, האָט מיך באַטראַכט מיט באַדויערן. האָב איך אים צוגערופן כדי ער זאָל זיך ניט שרעקן פאַר מיר. ער האָט מיר געפרעגט: „זיידע, פאַר־וואָס האָבן די דאָקטוירים דיר אַראָפּגענומען דעם פוס?"

זאָג איך צו אים: „זאָרג זיך ניט, מיין קינד, אין גיכן וועל איך האָבן אַ צוגעמאַכטן פוס".

זאָגט ער: „ווי אַזוי וועט דער פוס זיך קאָנען האַלטן?"

שווער געווען זיך צוצוגעוואוינען צו מיין ניי לעבן. איך האָב זיך דערפילט הילפלאָז ווי אַ קליין קינד. אָבער איך וועל אַלץ ביי־קומען, אַבי כ'בין צוריק, דאַנקען גאָט, ביי זיך אין דער היים.

אַך, ווי גוט מען פילט זיך ווען מען האָט אַרום זיך אין די איי־גענע פיר ווענט די גאַנצע פאַמיליע. איבערהויפּט מיין ליבע פרוי, וואָס איז שטענדיק געווען מיין געטרייסטע אַרויסהעלפערין במשך פון אַלע יאָרן פון אונדזערע שווערע איבערלעבונגען.

איין גאָט ווייסט, וואָס וואָלט איך איצט געטאָן אָן איר! זי העלפט מיר אין מיין פיזישן ווי אויך אין גייסטיקן לעבן, כדי איך זאָל זיך ביסלעכווייז קענען ווידער אומקערן צום נאָרמאַלן לעבן.

## עפּילאָג

גרויסע שרייבערס, ווען זיי שרייבן אָן אַ בוך, גיבן זיי צו אין דעם לעצטן קאַפּיטל אָן „עפּילאָג". איך רעכן זיך ניט פאַר אַ גרויסן שרייבער, און דאָך ווילט זיך מיר מאַכן אַ סך הכל, אָדער אַ רעזומע.

ביי מיר האָבן זיך אין דער לעצטער צייט געגומען יאָוועגן פעסעמיסטישע געדאַנקען. איך האָב געהאָפט, אַז זייענדיק אין דער היים, וועל איך ניט צופיל אָפּגעריסן ווערן פון געזעלשאַפטלעכן לעבן. איך וועל קאָנען באַזוכן אַ מיטינג אָדער אַמאָל אַ לעקציע. האָב איך דאָך מיין גאַנצן לעבן אָפּגעגעבן פאַר דער באַוועגונג, פאַר די אַרבעטער־רינג־שולן, פאַר מיין יוניאָן.

אפשר בין איך ניט געווען פון די גרויסע אַרכיטעקטן, אָבער כ׳האָב שטענדיק געהאָלפן טראָגן די ציגל צום בנין פון יושר און גערעכטיקייט.

איצט בין איך אַ קאַליקע און ווען איך בין געקומען פנים אל פנים מיט דער ווירקלעכקייט האָב איך אויסגעפונען, אַז איך מוז אויפגעבן מיין געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט. מען זאָגט אַ ווערטל אַז „מיט פרעמדע הענט איז נאָר גוט פייער צו פאַרשאַרן". מיט מיינע פרעמדע צוויי שטעקנס בין איך ניט בכוח צו רירן זיך פון הויז.

זיץ איך אַליין אין הויז, בין צוגעשמידט צו מיין שטול און קוק דורכן פענצטער אויף דער דרויסנדיקער וועלט. איך בין מקנא אַלעמען וואָס גייען אויף אייגענע פיס, אַפילו די פייגעלעך.

פיזיש האָב איך כמעט שלום געמאַכט מיט מיין שיקזאַל. איך זע דאָך שוין, אַז איך קען ניט דערוואַרטן קיין פאַרבעסערונג. אויך דער דאָקטער האָט מיר אַזוי געזאָגט: די נאַטור קען מיר פילייכט פאַרגיטיקן, אָבער מעדיצין קען גאָרניט אויפטאָן פאַר מיר.

אויף מיינע קינדער האָב איך פאַרדרוס, וואָס טאַטע־מאַמעס אַנשטרענגונג האָט ניט צו שטאַרק צופרידן געשטעלט די האָפענונגען, וואָס מיר האָבן געלייגט אויף זיי, ווי דער נביא ישעיה זאָגט: „בנים גדלתי ורוממתי" און זיי ציינען זיך אָוועק מיטן שטראָם פון לעבן. איינער — אַ פּראָפעסיאָנאַל, אַ צווייטער — אין ביזנעס, און אַ דריטער — אַרבעט ביי יענעם. זיי לעבן אין גאַנץ אַנדערע סביבות...

איך האָב תמיד געשטרעבט צו דערגרייכן מער קענטעניש און וויסן, וויפל איך האָב געקענט: איך האָב געוואָלט קלעטערן צו אַ העכערער מדרגה. האָט מיט מיר פּאַסירט כמעט אַזוי ווי מיט רבי עקיבאַן, וואָס איז ביז 40 יאָר געווען אַ פּאַסטעך, אַן עם־הארץ און ניט געקאָנט אפילו דעם אלף־בית. אין די שפּעטערדיקע יאָרן, אַז ער האָט זיך גענומען לערנען, איז ער געוואָרן אַ גרויסער תלמיד־חכם. אמת,

איך פרעטענדיר ניט, חלילה, זיך צו פאַרגלייכן צו אַזאַ גייסטיקן ריז, אָבער דאָס באַווייזט, וואָס אַ מענטש קען אויפטאָן, אויב מען האָט נאָר חשק זיך צו לערנען.

איך האָב זיך גענומען איצט צום לערנען און צו לייענען ביכער. האָב איך דערפון אַ צווייענדיקע פּעולה: ערשטנס פיל איך, אַז איך לערן זאַכן וואָס כ׳האָב ביז איצט ניט געוואוסט; צווייטנס, ווען איך לייען און פאַראינטערעסיר זיך אין אַ בוך, פאַרגעס איך אָן מיינע פיזישע שמערצן און אויף מיין איינזאַמקייט. איך בין פונקט ווי דער פרומער ייד וואָס פאַרטיפט זיך אין דער תורה און פאַרגעסט אויף עולם הזה.

עס דערמאָנט זיך מיר אַ זאַך, וואָס איך האָב געהערט אַמאָל מיט יאָרן צוריק אויף אַ לעקציע פון ד״ר גערשוני וועגן פיזיק, נאָך אין מינסק, ער האָט אַזוי געזאָגט: „ווען אַ הויז ברענט אָפּ וועגט עס מער״, לויט די געזעצן פון פיזיק. אַזוי איז אויך מיט מיר: זינט איך האָב „אָפּגעברענט״ ווער איך אויך וואָגיקער. איך האָב גענומען באַרייכערן מיינע גייסטיקע קענטעניש. פאַר די איבער 40 יאָר וואָס איך בין דאָ אין גאָלדענעם לאַנד האָב איך קיין מאָל ניט געהאַט אַזוי פיל צייט צו לייענען ווי איצט.

אחוץ דעם האָב איך אויך פאַרגעניגן ווען די קינדער קומען מיך באַזוכן אַמאָל און ברענגען מיט די אייניקלעך. שטילערהייט טראַכט זיך מיר, אפשר וועלן זיי האַלטן טייער און פאַר זיי וועט זיין אַ כבוד און אָן אָנדענק מיינע זכרונות. מיינע אייניקלעך וועלן לייענען דאָס בוך וואָס דער זיידע האָט אָנגעשריבן.

איך האָב ניט קיין חרטה, וואָס מיר איז אויסגעקומען אין מיין יוגנט דורכצומאַכן אַזאַ שווערן וועג דורך דערנער. ווי זאָגט דוד המלך: איך געדענק דעם חסד פון מיין יוגנט, בין געגאַנגען דורך אַ מדבר, אַ לאַנד וואָס איז ניט געווען געזייט.

איך דערוואַרט, אַז אין גיכן וועט אַרויס מיין בוך, אָדער, ווי איך רוף דאָס, מיין „בן זקונים״, און דאָס פאַרשאַפט מיר אַ סך פאַרגעניגן.

דעצעמבער, 1949.

סוף

# דאַנקען

דער יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט ייוואָ האָט אין יאָר 1942 דורכגעפירט אַ קאָנטעסט אויף דער טעמע: פאַר וואָס בין איך אַוועק פון דער אַלטער היים און וואָס האָב איך דערגרייכט אין אַמעריקע.

האָב איך אויך געפּרואווט מיינע שרייבערישע כוחות און אָנגעשריבן דעם דאָזיקן ענטפער, דאָס בוך וואָס איר לייענט איצט. דער ייוואָ־פאַרוואַלטונג איז אָפּנים מיין שרייבן געפעלן געוואָרן, ווייל איך האָב באַקומען פון „ייוואָ" אַ פּרעמיע פאַר מיין שרייבן. באַדאַנק איך האַרציק דעריבער דעם „ייוואָ" און זיין וויסנשאַפטלעכן דירעקטאָר ד"ר מ. ווײַנרייך, אויך קומט אַ דאַנק דעם חבר מ. קליגסבערגן, וויסנשאַפטלעכער מיטאַרבעטער פון ייוואָ, פאַר העלפן רעדאַגירן, קאָרעגירן און פאַר זיינע גוטע עצות.

אַ גאָר באַזונדערן דאַנק גיב איך מיין גוטן פריינד ש. הורוויץ וואָס ער האָט זיך אַזוי פיל אינטערעסירט מיטן ענין „בוך", אומעטום געגאַנגען און אַלץ באַזאָרגט, און איז בכלל געווען דער יעניקער, וואָס האָט מיר צוגערעדט צום אָנשרייבן און שפּעטער צום דרוקן דאָס בוך.

איך דאַנק האַרציק די פאָלגנדיקע פריינד וואָס האָבן מיר פינאַנציעל געהאָלפן אַרויסגעבן מיין בוך.

פריינד יעפים ה. ישורין, פּרעזידענט פון אַרבעטער־רינג.

פריינד נ. כאַנין, בילדונג־דירעקטאָר פון אַרבעטער־רינג.

די פריינד ש. באַסקין און נ. מייזלער פון אַ.ר. דיסטריקט־קאָמיטע פון האָדסאָן־קאָונטי, ניו דזש.

דעם לאָקאַל 82 עקזאַמינערס פון א. ל. ג. וו. יוניאָן.

מיין אַרבעטער־רינג ברענטש 511.

פריינד נ. קווינט פון יאָנגסטאַון, אָהייאָ.

פריינד עליקס אַפּטעקער פון באָסטאָן, מאַס.

פריינד יוסף צוקערמאַן, ברייטאָן, ניו־יאָרק.

פריינד ב. קויפמאַן פון ניו־יאָרק.

פריינד מ. ווײַנטרויב — „פאָרווערטס" — פון קאַליפאָרניע.

מיין פלימעניק מאיר לעווין, פון לייקוואוד, ניו־דזשוירזי.
מיינע אייגענע זין, גרשון, זלמן און דזשוליוס.

איך בין דאַנקבאַר דעם פריינד וו. פּאַרקער עה״ש, וואָס האָט אַ סך געטאָן און געהאָלפן, אָבער ליידער ניט דערלעבט צו זען מיין בוך אָן אָפּגעדרוקטן.

און לסוף דאַנק איך האַרציק מיין גוטער פרוי באַשע וואָס האָט מיר אַלעמאָל געמונטערט, געטרייסט און מיר געהאָלפן ניט צו פאַר־לירן דעם בטחון.

עזריאל פרעסמאַן